# שטערן

11-10

ליטעראַריש-קינסטלערישער
און פּאָליטיש-וויסנשאַפטלעכער
חודש-זשורנאַל. מינסק
1933 יאָר

אינהאַלט.

אבאָנירט זיך אפנ
ליטעראריש-קינסטלערישנ
פאָליטיש-וויסנשאפטלעכנ
כוידעש-זשורנאל

# „שטערנ“

## אפנ 1934 יאָר

**פרייַז:**

| | |
|---|---|
| פאר א יאָר—18 רובל | 3 כאדאָשים—4 ר. 50 ק. |
| 6 כאדאָשים—9 „ | 1 כוידעש—1 ר. 50 ק. |

**די אבאָנירונג ווערט אָנגענומענ**

אינ אלע שטאָט-ביוראָען
פונ פרעסע-פארבאנד,
אינ אלע פאָסט-אָפטיילונגענ,
אינ אלע קיאָסקנ
אונ בא אלע צייטונג-טרעגער.

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראײניקט זיכ!

# שטערן

ליטעראריש־קינסטלערישער אונ פּאָליטיש־
וויסנשאפטלעכער כוידעש־זשורנאל.

אָקטיאבער־נאָיאבער 1933 ═══ נײַנטער יאָרגאנג ═══ № 11—10

ב. אָליעווסקי

## לידער

### I

די הײמ ווערט קלײנ. א שועל איז דער פעראָנ—
א שועל פאר אלעמענ וואָס ווערנ עלטער...
איכ בינ ארײַנ פארטאָג אינ א וואגאָנ—
אונ ס'האָט דער צוג געטראָגנ מיכ אינ וועלט ארײַנ;

געטראָגנ לאנג, געפירט מיכ אונ געבראכט—
געבראכט אהער, ווהינ ס'האָט מיכ געצויגנ...
אונ איצט איז שפעט. איכ שטײ אצינד אינ נאכט
אונ קוק ארויס דורכ פענצטער פונ די אויגנ:

בערעזעס צווײַ. א דאָרפ מיט ווײַטע שטיבלעכ.
א קויל אינ רער. א גוטע ביקס פונ טולע.
איכ טאָפּטשע אײַנ מיט טשוועקעס פונ די שטיוול
דאָס יונגע גראָז, דאָס גרינע אונ דאָס פולע.

ס'איז גרינ די ערד. אפ גרינעמ יאמ פונ סטעפ,
נאָכ ניט קײנ כלאָר—ס'גײט אופ א ווײַסע פארע.
א לעוואָנע—נאָכ א גרינער עפל
שורשעט שווער אינ בלעטער פונ די כמארעס.

אונ יאָגט זיכ גיכ א ליכטיקע אינ זײ...
אונ אונטנ קוועלט אינ פרוכטבארקײַט דאָס פעלד.
סע שמעקט די נאכט מיט פריש געקאָסעט הײ,
ווי ס'וואָלט בעעמעס שטיל זײַנ אפ דער וועלט!

בעעמעס שטיל... סע זאמלענ זיכ די שטערנ...
אונ איכ ווײס ניט ווו איז איצטער דער וואגאָנ,
וואָס האָט געפירט, געטראָגנ מיכ פונ טשערניכאָוו
אונ מיכ געבראכט אינ אָט דעמ גרויסנ קאָנ?!

געבראכט מײַן וועלט אין אָט דער גרויסער מיט,
אין גרויסן קריג פון אופרײַסן און ענדערן!
באַמגע־קעלערס שטיי איך איצט און היט
אין ענגער רייף פון גרענעצן און לענדער.

און ווי א דעמב מיט הארטקײַטן באוואקס איך
און אלע ווייכקײַטן אין מיר פארגייען!
סע ליגט די ערד א שווערע אפ איר אקס
א גרויסע—א צעשפּאָלטענע אפ צווייען.

און כ׳גיי ארום. און ס׳שײַנט מײַן ביקס אין פעלד—
מיט קראפט פון לאנד, מיט זאפטן אָנגעקוואָלן,
הײַנט וויגט זיך אויך מײַן גרויסע שטיק מיט וועלט
א שווער געוויכט אפ סקריפּענדיקע וואָגשאָלן...

II

איך האָב צוויי הענט. איך בין געזונט.
א ביקס אפ מיר. א פּראָסטער פרענטש.
מײַן וואָג איז איצטער הונדערט פערציק פונט
און אלץ איניינעם רופט זיך פּאָשעט—מענטש.

דער הימל בלויט. ס׳איז הויך און וואך דער קאָפּ.
מײַן קאָל ווערט ברוסטיקער און מענלעך גרעבער.
איך הער אין אָדערן—ארופ־אראָפּ
סע לויפט דאָס בלוט—סע ראשט מײַן לעבן.

די אויגן שווארץ. און רויטע ברענען רונדן.
מײַן גלויבן גרינט. מײַן בלוט אין בלויקײַט קוועלט.
און ס׳ווידערקאָלט און ס׳ענטפערט אָפּ מײַן יוגנט
אפ יעדן ריר פון אָט דער גרויסער וועלט...

III

איך דריי זיך אײַן.
און ניט מײַן קערפּער ציטערט—
מײַן לעבן קאָרטשעט זיך דאָס ענגע און פּריוואטע.
מײַן לעבן שלאָגט זיך מיטן שטערן אין די ריפּן—
אין די ביינערדיקע אויסגעקרומטע גראטעס.

און ענג ווערט מיר אין צימער הײַנט פון ברעטער
אין שויב אצינד — דאָס פּאסיקל פון הימל.
כ'באשטיי דען נאָר פון אָנדערהאלבן מעטער,
וואָס דרייען זיך ארומעט אין א צימער?

איך וויל זיך צווישן אלעמען דערזעען!
היי, לעבן מײַנס — אין פלאטערדיקן מיטן!
דו ליגסט דאָך ניט — ווי זאָגט ער, אויסטמען —
צווישן די פּאָדישוועס און דעם היטל!

---

כאנע לעווין.

# פון ציקל זומער

## דעם וועג צוקאָפנס

צו דער ווייכקייט פון יאם
פירט א שטיינערנער וועג
און א בארג אײַנגעוויקלט אין האָפן.
אפן וועג,
אפן בארג,
אפ דער ווײַסקייט פון זאמד,
די זון גיסט זיך אויס
ביז א טראָפן.

מיט א שמאָלינקן האנטעך
און א דינינקע קלייד
דעם פלאמיקן שטיין
קילן מיר אָפּעט
און שפרייטן זיך אונטער
די שטיינערנע ברייט
און לייגן דעם וועג
זיך צוקאָפנס.

אָנגעטאָן נאָר אין זון
אָדער יאמיקער טיף
קאָן זײַן טראכטן מיר
קאָן זײַן מיר שלאָפן.
מיר ליגן אזוי,
מיט די דלאָניעס ארויף
און כאפן פון שטראלן די סאָפן.

נאָר אמאָל גיט א קלונג
און אין האנט ניט קײַן שטראלן
אין דער האנט פאלט ארײַן דאָך א בריוו: —
א גרוס פון פארטיי,

פון וואָקזאַל,
פון קאָמיוג,
מע זוכט דאָרט,
מע דארף דאָרט,
מע רופט?

דעם שמאָלינקן האנטעך
און דינינקע קלייד
פון דעם פלאמיקן שטיין
מ׳נעמט אראָפּעט
און זײַנען מיר ווידער
צום שפּאנען שוין גרייט,
דער וועג ליגט דאָך
שטענדיק צוקאָפּנס!

פון דער ווייכקייט, פון זאמד
מיטן שטיינערנעם וועג,
צו דעם בארג,
און צום בריק,
און צום האפן,
זון און זאלץ
מיר פארטראָגן
מיט זיך אונטער העמד
און שמעקן מיט יאם
און מיט האָפן!

## מײַן שוועסטערקע ברוינע

מײַן שוועסטערקע ברוינע
האָט אויסגעטאָן אלץ
(אזוי ווארעם און ווייך
זײַנען וועלן),
זי האָט אויסגעטאָן אלץ,
נאָר געלאָזט אפן האלדז
א שנירעלע ווײַסע קארעלן...

זי איז מילד,
זי איז וויל
און זי שעמט זיך זײַן הויל
(און דער יאם אזא בלויער
און העלער),

זי איז מילד,
זי איז ווויל
אונ זי שעמט זיכ זײַנ הויל
פארדעקט זי דעם האלדז
מיט קארעלנ...

אונ א היטעלע רויטע,
ווי א קוויט אפנ קאָפּ
(אזוי גליִענדיק הייס
זײַנען שטראלנ)
ווי א קוויט פונעם קאָפּ
גליטשט די הוט זיכ אראָפּ
אונ דער יאם כאפּט עס אונטער —
פארפאלנ!

זי טרויערט א ווײַלע
נעבנ מיר אפנ זאמד,
(אונ אינ זאמד,
ווי ג'א לײַלעכ פארדרייט זיכ)
זי טרויערט א ווײַלע
אונ ווײַטער אינ יאם
אונ ווארפט דעם וואסער,
ווי שטוביקע קליידער
א ברוינע אונ פײַכטע
זי פינקלט אינ יאם
(אונ דער יאם אזא ווײַטער
אונ ברייטער).

זי פינקלט אינ יאם
אונ איכ בלײַב אפנ זאמד
נעבנ גרינגע פארגעסענע קליידער...
איכ פארבלײַב אפנ זאמד
אינעם שאָטנ פונ בארג
— אונ דער בארג האָט פארעדט זיכ
מיט וואָלקנ,
אינעם שאָטנ פונ בארג
אפ מײַנ שוועסטער איכ ווארט
טראָגט דער יאם זי
באזוניקט אונ פאָלגיק.

## אפ אלצ מײַנ האנט

זײער שווער צו זײַנ א מאמע,
ווענ דיכ רופנ ברײטע פעלדער,
ווענ עס מאָנענ דיר זאוואָדנ
אונ עס ווארט דיכ די פאבריק, —
אײנ פאָר הענט אפ אלצ צוזאמענ —
אפ א מאמע זײַנ אונ העלדנ,
אפ די קלײנע קעפלעכ צוואָגנ
אונ אפ אָנלאָדנ א ביקס...
זײער שווער צו זײַנ א מאמע.

אונ דאָכ איז וויל צו זײַנ א מאמע,
ווענ מע טרויט דיר פעלד אונ סטויגנ,
ווענ מע טרויט דיר אלע שליסלענ
פונ יעדנ קעמערל אינ לאנד.
שײנ אונ גרויס א גליק אזא מינ
היטנ אלצ מיט מאמע אויגנ,
כאָוענ אלצ, אונ שטענדיק ויסנ,
אז אפ אלצ דאָ ליגט דײַנ האנט,
זײער הויל צו זײַנ א מאמע...

זײער וויל צו זײַנ א מאמע,
ווענ קינדער קלײנע רופט מענ שטערנס [1],
אונ ווענ קינדערס פרײדנ העלע
טאָקנ, שניצנ ליכט פונ לאנד —
איז ווארעם ווײכ, ווי בעסטער סאמעט,
אפילע שווערקײַט אונ שטערונג
דער הימל ז'נאָוונט ווי א סטעליע —
מע דארפ נאָר אויסציִענ די האנט.
נײנ! זײער וויל צו זײַנ א מאמע...
א מאמע דאָ!
בא מיר אינ לאנד!

---

[1] פאר אָקטיאבערלעך—звездочки.

מיכאַס לינקאָוו

# דער באַאַן

(דערציילונג).

אונטער די אויגנ איז ער געווענ „דער בער".

אינ די אויגנ—אנדריי אנדרייעוויטש, דער אטאמאנ, דער באטקאָ, א טאטע.

און אז מע פלעגט ריידנ מיט אים, פלעגט זיכ באם ריידנדיקנ צעשיטנ דאָס קעלכעלע אזוי ווי דינער מאָנ, עס פלעגט קאטשיקלענ אינ האלדז און פונ די אויגנ פלעגט זיכ עפּעס אזוי ווי גיסנ א שטראָם קלעפּיקע פאטיקע, פונ וועלכער עס האָט זיכ געוואָלט אָפּוואשנ די אייגענע הענט, דעם פּאָנעם און דעם אייגענעם מענטשלעכנ געהער. דאָס האָט ארויסגעקוקט די כניפעדיקײַט—א קלעפּיקע, א ברודנע, א לאקריץ־זיסע—די מענטשלעכע אייביקע כניפעדיקײַט, דעמלט פלעגנ זיכ די ברעמענ געבנ א גיי צונויפ, די קנייטשנ אפנ שטערנ פלעגנ ווערנ טיפער, דער קאָל הארט, און א רעווע געטאָנ:

— שטעל פיס, איכ זאָל דײַנ פארצעפ ניט אָנקוקנ... דעמ שארבנ הריזשע איכ דיר אראָפּ...

און פונקט ווי פארטראכטערהייט:

— וואָרים צעטריקנטער...

און פונקט ווי א דערשראָקענע פייגעלע, גיט זיכ א וועלכער עס איז פילאָנ [1]) א טראָג אָפּ אפנ צווייטנ עק באראק, באהאלט זיכ אפ דער נארע, און עס הערט זיכ נאָר, ווי ער סאָפּעט פונ שרעק, און קומענדיק א קאפּ צו זיכ, און אָפּכאפּנדיק זיכ א האָר, נעמט ער זיכ אָנ מיט דרייסטקײַט אפ א שעפּטשע צו טאָנ, אפ צוזיפּצנ מיטפילנדיק:

— ס'א שרעק... א מוירע צוצוגיינ... אנדריי אנדרייעוויטש איז פארנומענ מיט זײַנע געדאנקענ...

און דער גאנצער באראק ווערט דעמלט פול מיט אָנגעשטרענגטנ שווײַגנ, פײַערלעכ ווי מענ די קנוילנ גראָע רויכ, דורכגעשטאָכענע פונ דער לעוואָנע־שײַנ. שטיל שעפּטשענדיק ווערטלענ זיכ בא די סצירקעס די וורקאהאנעס. די סצירקעס [2]) זײַנענ געווענ אײַנגעריכטע, און מע האָט געדארפט שפּילנ מיט זיי פּאָרויכטיק — מאכמעס ניט קיינ רעכטער קלאנג איז אינ דידאָזיקע סצירקעס ניט געווענ, ניט קיינ שטײַפקײַט, ניט קיינ ווייכקײַט באמ אָנטאפּנ און ניט קיינ ריכטיקער טאמ באמ שפּילנ. עס שאָרכנ די בלעטלעכ, טונקעלע, צעקנייטשטע, פונקט ווי די געדאנקענ פונ די וורקאהאנעס—צעקאָמקעטע, פונ

[1]) פילאָנ—א פוילער, א מענטש, וואָס זאָגט זיכ אָפּ פונ ארבעט.
[2]) סצירקעס—קאָרטנ.

ריכטיקנ וועג אראָפּגעשטויסענע. אונ עס רײַסט זיכ בא אימיצנ ארויס, גיט זיכ א טראָג דורכ איבערנ גאנצנ באראק, איבער אלע נארעס:

— א לעבנ רופט מענ דאָס... אפילע די קאָרטנ טויגנ אפּ קאפּאָרעס...

אונ פונ אלע זײַטנ: — ש־ש־ש...

— שטילער, דו...

מע קוקט זיכ אומ אפ אנדריי אנדרייעוויטשנ:

— זעסט? ס'מויל האלט... דער אטאמאנ איז פארזויערט... ער טראכט... אנדריי אנדרייעוויטש טראכט... זײַנע אייגענע גערעאנקענ.

ביינהאשמאָשעסדיק איז אינ באראק. די אָוונט־שאָטנס בלאָנקענ אומ איבער די נארעס. אינ פענצטער פארגאנווערט זיכ די לעוואָנע אונ כאפּט א קוק — ארײַנדרינגענדיק מיט איר קאלטנ פאָרשנדיקנ בליק אינ דײַנע געדאנקענ, אינ דײַנע באהאלטענע ווערטער. קאלט איז הינטערנ פענצטער. קאלט איז אינעמ וואלד־גערויש, וואָס ציט הודזענדיק דורכ די שפּיצנ פונ דיביימער—די טונקעלע טענענביימער, די אָנגעקוטשמעטע נאָדל־ביימער. ציט, הודזעט דורכ די טאָלנ, איבער פעלדזנ, איבער די מאָכ־באַיאָקסענע פליכנ פונ די וואלונעס, ווו עס שווארצנ זיכ אונטער דער לעוואָנע די ברייטע שפּורנ פונעמ וויסטעניש־בער. ער גייט ארויס—דער וואלד־יאָסעמ—טרייסלט אָפּ די גראָע פאטליעס פונ די צוגעקלעפּטע נאָדלענ אונ אָנגעשפּיזלטע האָר, גיט א ברומ דער לעוואָנע אינ פּאָנעמ ארײַנ—דאָס פּרוווט ער אויס דעמ קאָל אפנ ווינט, קאָנטראָלירט אפנ וואלד־עכאָ. אונ דעמלט גייט ער זיכ אָנטרינקענ צומ דונערדיקנ וואסערפאל, צו די שוימיקע טיפענישנ פונ דער בערישער קרעניצע. דורכ אנ אלט שטעגעלע, א דורכגעטראָטענע. אָנגעטרובירטע אפּ שטיינער, אפּ נאָדלענ, טרעטנ ווייכ די לאַפּעס אפּ די מאָכיקע וואלונעס, שאָרכענ שטיל־שטיל, קוימ צו הערנ, מיט די בלעטער, מיטנ האליאָ אונ מיט די קרעלנ פונ די וואסער־מיידלעכ—די כרוסקענדיקע ברוסניצעס.

ער גייט זיכ אָנטרינקענ דער בער. אונ דעמ וויפלטנ טאָג שוינ—דערגייט ער ניט. ווענ ער גיט א גיי ארויס אפנ פּליינ — ווו עס ליגט דער אלטער באקאנטער איבערגעקערטער בוימ, ווו דער פארוועטערטער שטיינ צעשיט זיכ אינ ברעקלדיקנ זוויר — האלט ער אײַנ דעמ טראָט, ציט אויס דעמ האלדז אונ כאפּט גיריק — מיט די אויגנ, מיטנ געהער מיט דער ווארעמקײַט פונ די הייסע נאָזלעכער דאָס ווייענ פונעמ ווינט פונ יענעמ קאנט, ווו דער וואסערפאל איז, ווו עס ליגנ די צעשוימטע טיפענישנ פונ דער בערישער קרעניצע. אָט זײַנענ זיי די באקאנטע נעפּלענ—זיי שפּרייטנ זיכ איבערנ טאָל. די אלטע ווינטנ הודזענ אינ די שפּיצנ פונ די ביימער. עס שמעקנ די ווינטנ מיט אלטער הונדערטיאָריקער פײַכטקײַט, מיט שטיינער שמעקנ זיי, מיט נאָדל־געהילצ, מיט איבערגעזײַערטע רויטע פאר־געלטע ברוסניצעס, ביטערע פונ רויכ פונ די וואלד־אויסברענונגענ אונ מיט גראָע מאָכיקע זומפּנ.

די ווארעמקײַט פונ די נאָזלעכער איז א צאפּלדיקע, אנ אָנגעשטרענגט־פּאָרזיכטיקע.

די אויערנ כאפּנ אופּ דאָס דראָענ פונ די שטערנ, עס הויבנ אָנ אומגיינ די האָר אפנ ברישנ רוקנ. צעשטעלטע, דראָענדיקע. אינ די אויגנ גרינע פײַערנ: ניט פונ דער לעוואָנע, ניט פונ די שטערנ—פונ כײַעשער וואלדבייזקײַט, פונ ווילדנ געדיכט וואלד, פונ אומדורכ־דרינגלעכע העקנ, א־ביקער וואלד־פינצטערקײַט.

עס גייענ אומ די האָר אפנ רוקנ, אונ אינ די אויגנ בייזע פײַערנ. ווער האָט צעשאָקלט די גראָע נעפּלענ, ווער האָט אראָפּגעוואָרפנ א הויפנ שטערנ פונ די אומדערגרייכבארע הויכנ,— אָט ברענענ זיי איבער דער ערד, איבערנ באקאנטנ טאָל. ווער האָט ארײַנגע־

שטאָכנ דעמ יעגער־מעסער אינ האַלדז פונעמ ריזנ וואַסערפאַל? דער וואַסערפאַל שוויַיגט, דער וואַסערפאַל רעוועט ניט,— ווו־זשע זיַינענ די צעשוימטע טיפענישנ פונעמ אייגענעמ קוואַל?

און ניַיע קלאַנגענ גייענ פונ דאָרטנ — קוילעס הערנ זיכ סאַקאָנעסדיקע, מענטשלעכע. א ליד ערגעצ שוועבט, אונ מיט ניט קיינ וואַלדישער מוזיק פילנ זיכ אָנ די פענצטער פונ די ליכטיקע היַיזקעס אפנ טיַיכ. ניט קיינ טפילעס פונ קערזשאַקישע וואַלד־באַהעלטענישנ (סקיטנ), ניט קיינ שעפּטשענ אונ טרויעריקע זיפצנ צומ מאָכ־באַוואַקסענעמ גאָט פונ די ראַסקאָלניקעס—עס גייענ דידאָזיקע מענטשלעכע אָפּקלאַנגענ, זיי צעוואַקסנ זיכ, שיטנ זיכ פאַנאַנדער, ווי דער גלאַנצ פונ דער זונ אינ א ליכטיקנ טאָג אינעמ מאַלינעס־קוסט. קאָנ דענ געפעלנ דעררהאָזיקער גלאַנצ דעמ וואַלד־יאַסעמ, ווענ דעמ בערס האַרצ האָט ליב צו טוליענ זיכ אינ טונקל אפ די בערישע וועגלעכ, די געווילד־שטעגלעכ.

און ניַיע רייכעס גייענ פונ דאָרטנ — מענטשלעכע רייכעס, א ביטערער רויכ פונ גע־מויערטע קוימענס.

און דער וואַסערפאַל שוויַיגט.

געשטאָרבנ דער וואַסערפאַל.

האָט זיכ אונטערגעגעבנ דער בער.

זיבנ טעג אונ זיבנ נעכט האָט ער זיכ געריסנ גיינ אפנ געווילד־שטעג צומ בערישנ וואַסער־קוואַל אונ האָט פאַר קיינ פאַל ניט געקאָנט דערגיינ אהינ. אונ ווענ ער האָט דער־הערט א שניַידיקנ פיַיפ אונ א רעוועג — דער געהילכ פונ דער אימ אומבאַקאַנטער סירענע פונעמ דאַמפּער — האָט ער אַריַינגעצויגנ דעמ קאָפּ אינ די אַקסלענ אונ איז אוועק מיט האַסטיקע טריט, אומקוקנדיק זיכ מיט אָנגעשטרענגטנ בליק אונ געהער אפ צוריק אינ וואַלד־העק, צו די קאָרטשעס,— צו די אויסגעקערטע ביימער, צו די ווילדע געדיכטענישנ פונעמ שטורעמ אָנגעוואָרפענעמ האַליאָ זוכנ אנ אָרט פארנ רויִקנ בערישנ שלאָפ־געלעגער. מיט פאַרטריקנטנ הייסנ צונג האָט ער געלעקט דעמ קאַלטנ טוי פונ די וואַלונעס, פונ די גראָזנ, פונ די פאַרגעלטע בלעטער, פונ די קוסטעס. אומצופרידנ האָט ער געפּאָנפעט מיטנ נאָז—דער טוי איז געווענ אָנ א טאַמ, ער האָט ניט איַינגעשטילט אונ נאָכ מער צעבערענט דעמ אומגעשטילטנ בערישנ דאָרשט...

... אונ אונטערנ פענצטער איז אומגעגאַנגענ א וועכטער—דער שפּיצ באַגנעט האָט מאַט געבלישטשעט הינטער דער פאַרשוויצטער שויב. דער וועכטער האָט געטראַכט וועגנ דער נאַכט, וועגנ דער לעוואָנע—זי שוימט אַרויס פונ הינטער די טענענביימער, צעשמייכלט זיכ—וועגנ שווערנ לאַגער־טאָג, וועגנ קאַנאַל, וועגנ די מענטשנ. ער האָרכט זיכ צו צו די שטימענ הינטערנ וואַנט, קוקט זיכ צו צו דער דראָענדיקער שיַינ אפ די פאַרשוויצטע שויבנ, ציט צונויפ די אָנגעקילטע אַקסלענ, קאַעסדיק פאַריכט דאָס היטל—פונ ווינט, פונ קעלט, פונ דער אָנגעשטרענגטער שטילקיַיט איבערנ וואַנט.

— ס׳א כעוורע... אַלע ווי איינער... אונ דעמ וויפלטנ כוידעש שוינ...

און אָפּמעסטנדיק דעמ טראָט ביזנ ראָג:

— איר ט׳ניט ווו אהינקומענ... ניט אייביק וועט זיַינ פאַר איַיכ רור; אונ רור [1], פוילערס איר אַלוועלטלעכע, טויגענישטנ... שוינ געזענ ניט אַזוינע...

[1] רור—ראָטע פונ פאַרשטאַרקטנ רעזשימ, עפּעס אַזוי ווי א מינ איזאָליאַטער פאַר די לאַגעריקעס, וואָס זאָגנ זיכ אָפּ צו גיינ אפ דער אַרבעט.

אונ פונקט ווי אפ צו רייצנ זיך מיט זײַנע געדאנקענ, האָבנ זיך פונ איבערנ וואנט א גאָס געטאָנ קלאנגענ פונ א הארמאָשקע—א פריִער שטילע, לאנגזאמע, ווייכע. פאוואָליע האָבנ זיך געטראָגנ פונ דאָרטנ רויִק־געמאָסטענע קלאנגענ־געפלעכטנ דורך די גראָע פארשוויצטע שײַבלעך, האָבנ זיך צונויפגעגאָסנ, אויסגעמישט מיטנ רייעך פונ פרישנ נאָדלגעהילצ, מיט די ציטערדיקע אָפגלאנצנ פונ דער לעוואָנע־שײַנ. מיטנ אָטעמענ פונעם ווינטער לאסטשעט זיך צו די שאָרשנדיקע ביימער־שטאמענ, ער הודזעט אינ די שווארצע ביימער־קעפ. אינ די נאכט דעמלט—פונ א פינצטערער קארעלישער נאכט מיט ווינטנ, מיט ווילגאָטש, מיט קעלט, מיט גראָער הימל־שיווקײַט—ווערט זי א נאכט פונ א מײַסעלע ארויס. די בלאסע שטערנ הייבנ אָנ צו ווערנ העלער, דער הימל גיסט זיך אָנ מיט א געדיכטער בלאָקײַט, אונ די קעלט איז קיינ קעלט ניט—מאכמעס די דאָרעמ־ווינטנ לאסטשענ זיך, שאָרכענ מיטנ דורכזיכטיקנ אָלגראָז, באפאָכנ מיט די ווארעמ־פליגלענ די שמעקנדיקע ראכוועסנ פונ דער ערד. דעמלט צעבליִענ זיך די פארבנ, עס שפילט דאָס בלוט אונ דאָס הארצ פארכליניעט זיך פונעמ געפיל פונ לעבנ, פונ זײַנ פולקײַט, פונ דער ראכוועסדיקײַט. אפילו די שווארצע באנאכט הייכע גראָזנ לעבנ דעמלט אופ אונ שעפטשענ זיך, דוכט זיך, וועגנ עפעס זייערע אייגענע גראָזישע, פארטראכטע... אומדרייסט בלאנקענ די ס מאראגד־פארביקע בלעטלעך, שעמעוודיק פארבאהאלטנדיק די בלייכע רויטקײַט פונ די ברוסניצעס, די הייסע רובינענ פונ די זשוראווינעס אפנ מאָכ זויגנ אײַנ גיריק דעמ לעוואָנע־שײַנ, א דורכזיכטיקע אומזיכערנ.

גוט איז, ווענ א הארמאָשקע איז דאָ...

אונ א שפילעוודיקער שמייכל גיט א גלעט מיט ווארעמענ דאליאָנ דעמ פאָנעמ פונעמ וועכטער.

— הענ, ס'ארא שעד!... די הענט—ווי אײַנגעקלעפט אינ דער הארמאָשקע... א מײַסטער..

אפילע דער פוס סטארעט זיך עפעס א טענצל צו טאָנ—צו גרויס איז דער גיסאָיענ.

— גוט שפילט ער, מיט עפעס אזא געיאָמער... עס פארכאפט פארנ הארצנ... די הארמאָשקע ווילדעוועט. שוינ ניט קיינ פאוואָליע־קלאנגענ, נאָר א דונער פונ קוילעס צעטרייסלט די גראָבע ווענט פונ באראק, די שײַבלעך האָבנ געציטערט, אונ אזוי ווי טרערנ האָבנ זיך איבער זיי אראָפגעקײַקלט די שרעקיקע רעגנ־טראָפנס, זיך צעגאָסנ אינ ריטשקעלעך די אָנגעשוויצטע נאסקײַט פונעמ טומאנ, די אָנגעהויכטע דורך די מענטשלעכע לונגענ ווילגאָטנע אונ באטויבנדיקע ווארעמקײַט. די ווענט האָבנ זיך געטרייסלט, די פאָדלאָגע האָט געציטערט אונטערנ העפקערדיקנ טופּענ פונ די פיס, אונ הייזעריקע, פונ צעכראסטעטע ברוסטנ ארויס, האָבנ געהילכט די קוילעס פונ די ווורקאהאנעס:

— הײַ, דערלאנג, דערלאנג פײַער!... זשאלעווע ניט די גאָלדענע פינגערלעך דײַנע, אטאמאנ!

די ווורקאהאנעס האָבנ געפראוועט א באל. זיי האָבנ זיך פריילעך געמאכט. מיט א פארשטעלטער פריילעכקײַט, אנ אופגעשרויפטער, קעדיי פונ די אייגענע געדאנקענ צו אנטלויפנ, פונ דעמ אײַנגעגעסענעמ אומעט, פונ דער גראָער, זיך צוגעגעסענער וואָכעדיקײַט: צו קיינ זאך די הענט ניט צוצולייגנ, קיינ ראכוועס ניטאָ, ניטאָ ווו צו צענעמענ די קויכעס. הונדערטער געשיכטעס האָבנ זיי אויסגעהערט אינ טונקעלע אָוונטנ, אויסנ געוועזנ אינ הונדערטער שאלמאנעס [1] — אינ די רייך, אינ די שמועסנ אפ די נארעס, אינ שלאָפ.

[1]) שאלמאנ—געוויינלעכע מאלינע.

לאָזע נעכט. הונדערטערליי פאָלק־מײַסעס און מײַסעלעך: וועגן דער פרײַ, וועגן שירמאַטשעס, דאמושניקעס, טשערדאטשניקעס [1]) וועגן נאסע און ניט קיין נאסע געשעפטלעך וועגן באַרימטע אויסצײַער, וועגן דער קונץ פון נײַנטן ריפּ, וועגן דעם וווּנדערבארן אויס־דרוק פון א מענטשנס אויגן, ווען מע ווײַזט אים א לעבעדיקן טויט...

און אונטערן פענצטער איז אלץ דיזעלביקע ווײַס־אויגיקע לעוואָנע, די שווארצע זאַמ־בעס פונעם וואלד אונטערן גראָען און צעשוווּמענעם הימל — ער וועט זײַן גראָקײַט בעשומויפן ניט אראָפּוואשן און ניט א שמייכל טאָן צו דיר מיט ליכטיקע אויגן—און פונקט אזוי באקאנט איז דער באגנעט אונטערן פענצטער. און דאָס הארץ נעמט ארום אן אלטע, ווי א גראָע, אײַנגעלעגענער וואָליק, ניט־גוטקײַט, פון וועלכער עס איז ניטאָ, ווו זיך אהינצוטאָן. וואָס טוט מען?

— ארבעטן? די גאָלדענע הענט צעפּאטערן אף דער רידלאָיקע?

— ניין. מיטן קאָפּ אין דרערד אזא ארבעט... א שאלמאנשטשיק וועט ניט צעפּאטער זײַנע הענטעלעך מיט מאָזאָליעס, ער ט'ניט אײַנטיילן זײַן לעבן אף ארבעט־טעג.

— איז שפּיל־זשע, אטאמאנ! האק, דערלאנג פײַער!

און דער אטאמאן סטארעט זיך. א ברייטפּלייציקער, אן אונטערזעציקער—ניט אומזיסט רופט מען אים דאָך אונטער די אויגן, „בער״—די שווייסיקע פּאטליעס האָר זײַנען צוגע־קלעפּט צום שטערן, זיי פארשטעלן דעם טיפן שראם — פון שלייף איבער דער גאנצער באק—אנאיבערבלײַב פון אן אמאָליקער קויל, דער אטאמאנישער שטאָלץ, דער ייִכעס זײַנער קעגן זיי, די יונגע שאלמאנשטשיקעס מיט די ניטבאוואקסענע פּנעמער. פארזשמורעט זײַנען דעם אטאמאנס אויגן—קוקן זיי אָדער קוקן זיי ניט פון אונטער די געדיכטע ווײַעס? אין די האָריקע הענט אן איינפאכע הארמאָשקע, א פּאָשעטע, מיט א פארזשאווערטן טשוועק א צוגעקלאפּטע, מיט א פּאָדעם, מיט א דראָט אן אונטערגענייטע, מיט לאגער־ברויט א פאר־קלייעטע—די לופט זאָל ניט ארויס, די שטימען זאָלן ניט פארלאָרן ווערן, צעמוליעט און אָפּגעריבן זײַנען די ווינקלען פון דער הארמאָשקע, אייניקע שטימען זײַנען הייזעריק געוואָרן, די באגילדטע בלאָזעק זײַנען אָפּגעליאקירט, וואָס א טאָג, איז נײַע לעכער אין זיי, לייגסט איין פינגער אפן באס, און דעם צווייטן דארפסטו לייגן אפן לעכל, קעדיי עס זאָל זיך ניט מאכן קיין „פשיק״, קיין שיפּען פון א שלאנג. מע דארף פארמאָגן א גרויסע העלדישקײַט און א געשיקטקײַט צו שפּילן אף דעררדאָזיקער ארומגעדראפּעטער שטיק צאָרע און זי ניט צעשמעטערן אף פּיצ־פּיצלעך. און אנדריי אנדרייעוויטש שפּילט, כאָדע־ראָם גייען די הענט, און צוזאמען מיט זיי אין פריילעכער באוועגונג האָצקען זיך די פּיס, עס טרייסלט זיך דער קאָפּ, און עס ווארפן זיך אומדערמידלעך אום די קלעפּיקע פּאטליעס האָר, און די טראָפּנס שווייס הענגען אראָפּ אף די ניט געגאָלטע באקן און פאלן אראָפּ, ווי א טוי אף דער בלייכער בלויקײַט פונעם ניט פארוואקסענעם שראם. ער איז געווען אזוי פארכאפּט פונעם שפּילן, אז ער האָט ניט באמערקט, ווי די טיר האָט א סקריפּע געטאָן, עס זײַנען ארײַן מענטשן; די צעלעבטע קוילעס אינעם באראק זײַנען אָפּגעפאלן, שטילער געוואָרן. און אימיצער, א פריילעכער, האָט הילכיק א געשריי געטאָן פון אויבן, פון די נארעס:

— עהע־הע... נאטשאלסטווע... א נו, אנדריי אנדרייעוויטש, גיב אקאָרשט א דריי די הארמאָשקע אף באגעגענען מיט א מארש די אָנגעלייגטע געסט...

---

1) שירמאטשעס, דאמושניקעס, טשערדאטשניקעס—פארשיידענע מינים גנאָווים.

בעעמעס־אָנגעלייגטע. דער נאטשאלניק פונ לאגער אליינ איז צו זיי אריַינ, צו זיי, צו די פארפאלענע, אייביקע שאלמאנטשיקעס, די אל־לאגערלעכע פוילער, די טויגעניכטסנ. ער גייט צווישנ די נארעס, זײַנ ליכטיקער פּאָנעם צעגיסט זיכ אינ א רעטעניש־פולנ שמייכל, שפּילעוודיקע פֿײַערלעכ אינ די אויגנ די העפקערדיקע: א כיטרעקײַט אינ זיי, א שפּילעוו־דיקײַט אונ א ווארעמקײַט א געוויינלעכע, א מענטשלעכע.

— ווי לעבט זיכ דאָס, מיט וואָס וועט איר עפּעס אונדז דערפרייענ?

א פריילעכנ מארש האָט ער געקראָגנ אנ ענטפער, א באגעגעניש. די הארמאָשקע האָט זיכ פארכלינעט מיט די קופערנע שטימענ — אנדריי אנדרייעוויטש האָט זיכ אזש אונטער־געהויבנ אפנ הינקעדיקנ פוס, קעדיי פולער, פלינקער צו צעציִענ די הארמאָשקע, העלדיש פאנאנדערצוציִענ אירע אײַנגעפאלענע זײַטנ.

אונ פלוצלונג—פונקט ווי א דונער פונ לויטערנ הימל—אזא גוואלדאָוונער קאָנפוז: די הארמאָשקע האָט געגעבנ א „פּשיק" דער אָטעמ איז איר ארויסגעגאנגענ. איבערנ פאנאנ־דערגעריסענעמ בלאָזאק האָבנ זיכ קנוילנ שטויב א הייב געטאָנ אונ זיכ פֿײַערלעכ ארופּ־געטראָגנ צומ סאמע באלקנ. אונ ניט קיינ סקריפּע, ניט קיינ קלאנג אונ ניט קיינ בלאָז. עס האָבנ א קרעכצע געטאָנ דערשראָקענע קוילעס, אונ אנדריי אנדרייעוויטש אליינ האָט זיכ א דערשראָקענער אזש געגעבנ א זעצ אנידער:

— איכ גאָטס מאמענ, אינ דער באָבענ: צעטרעשקעט געוואָרנ, די נעוויילע...

— אפּ טויט, טײַערינקע, אפּ ברעקלעכ,—האָט עמיצער פונ דער זײַט צוגעגעבנ.

— איכל דיר ווײַזנ אפּ טויט...—האָט אנדריי אנדרייעוויטש זיכ פלוצלונג נעגעבנ א צינד אָנ. אונ פונקט אזוי ראפּטומ איז ער אָפּגעפאלנ.

די פאנאנדערגעריסענע הארמאָשקע האָט ער געגעבנ א וואָרפ אפּ דער נארע.

— צופּיל זיכ געסטארעט... מ'עט איצטער דידאָזיקע שמאטע שוינ ניט צונויפקלייענ. אגעוו זײַנענ אנדערע שטימענ שוינ לאנג שטומ געוואָרנ...

— שטומ געוואָרנ?—האָט דער נאטשאלניק א פרעג געטאָנ סטאמ אזוי, קעדיי איבער־צערײַסנ די אומאָנגענעמע שטילקײַט.

— מהמ, שטומ געוואָרנ...—האָט אנדריי אנדרייעוויטש ניט אכטנדיק א זאָג געטאָנ אונ גענומענ קריכנ אינ קעשענע נאָכ מאכאָרקע אפּ צונויפדרייענ א ציגארקע.

— צי אופּ... איכל דיר מעכאבעד זײַנ מיט א פּאפּיראָס... פארנ שפּילנ, פאר דער פלינ־קײַט, פאר דער מײַסטערשאפט... גוט ארבעטסטו אפּ דער הארמאָשקע... דו קאָנסט פריילעכ מאכנ דעמ עולעמ...

— איכל ניט אונטערפירנ...

אונ א וואָרט פאר א וואָרט — האָט זיכ אָנגעהויבנ א שמועס. דער רעטענישפולער שמייכל איז שוינ לאנג אראָפּ פונעמ נאטשאלניקס פּאָנעמ, ער איז איצט ערנסטער, אָנגע־כמורעט.

— אָט וואָס, דו רורניקעס זײַנענ א פריילעכ פאָלק... פריילעכ־מאכער זײַט איר די ערשטע, שטיינער וועלנ זיכ בא אײַכ נעמענ האָפּקענ... אָבער די פריילעכקײַט אײַערע בליט אינ ליידיקנ—א פּוסטע צוועט!—די פולע דערפונג איז, ווי פונ א גענעצ פונ א פליי...

— וואָסי?—האָט מענ זיכ א כאפּ געטאָנ פונ די אויבערשטע נארעס.

— דאָסי... לײַט קערנ בערג, אונ איר? די נארעס אָפּליגנ, די פעמפערס ווארעמענ. פעטע בײַכלעכ אָנלעבנ ווילט איר זיכ אפנ קארק פונעמ ארבעטער, פונ פויער? אייביקע פּאראזיטנ ווילט זיכ אײַכ זײַנ...

— עהע, ווּהין ער איז פארפאָרן.

— ס'ארא מין נודעכצ גענומענ ציִענ...

— הער אופ צו פארריידנ די ציינ, כאווער נאטשאלניק... עט, מיר זייַנענ גענוג געלערנט, — מיר, הערסטו, זייַנענ געברענטע אונ געסמאליעטע, אינ זיבנ וואסערנ זיכ גע־זאלצנ, צום סאָלאָווקער גאָט זיכ געמאָליעט... אונ אָט נא דיר — א נייַע סימכע אפ דייַנ קאָפּ... באָרעכאבע, צאָצ, ביטע צום קלאָצ, מעכאבעד מיטנ גראָבנ קאנאלנ... גאָר א נייַס איינגעפאלנ...

— אוהו־א... אונ איכ האָב גאָרניט געוווסט... הענ, ס'ארא קויעכ עס מארינירט זיכ... מירנ דאָכ דיכ, פרייַנט לעבנ, פארנ ערשטנ מענטשנ אוועקשטעלנ איבער דער אגיט־ברי־גאדע... עס פעלנ דאָכ מענטשנ... ארופ די פאמיליע דייַנע, ברודער לעבנ, אונ אפ מאָרגנ מארש אינ בריגאדע, טשאסטושקעס וועלנ מיר צונויפשטעלנ... מענטשנ וועלנ האָרכנ... אונ וואָסערע מענטשנ... ניט די רורניקעס, די אייביק פארפאלענע, אָפּגעדאוונטע מייע, נאָר דער גאנצער לאגער — אלע וועלנ מיר האָרכנ דייַנע לידער.

— מיילע... ווּעט אנדריי אנדרייעוויטש הייסנ, וועל איכ זינגענ... דער צינגל איז בא מיר א שארפער... — אונ, צעטומלט פונ די לויב־ווערטער, האָט דער פילאָנ, א פלינקער אונ באוועגלעכער, זיכ באהאלטנ הינטער די רוקנס פונ די איבעריקע, קעדיי זיכ ניט צו בא־געגענענ מיטנ נאטשאלניקס בליק: א ווארעמענ אונ לויטערנ אונ אויכ אזא טיפנ, דורכ־נעמענדיקנ.

אונ נאָר פונ הינטער די נארעס, פונ די ווינקלענ האָבנ זיכ געהערט איינציקע קולעס:

— מיקויעכ ארבעטנ לאָז אָפּ, נאטשאלניק...

— וואָסי דענ?

— די ארבעט פאסט פאר אונדז ניט. זאָל דער באלעגופ האָרעווענ, פאר אים איז די רידליויקע ווי צוגעמאָסטנ. ער האָט אגעוו א גוסט צו דעמ: געווענ אנ ערד־וואָרעמ אונ אנ ערד־וואָרעמ איז ער געבליבנ... אונ די קאָנטרעס מעגנ זיכ אויכ מיט שווייס באוואשנ... אזויפיל יאָרנ אונדזערע מענטשנ אָנגעטאָנ צאָרעס...

— אונ איר?

— מיר וואָס... מיר זייַנענ ערלעכע פראָ״עטאריער...

אנ אופרייַס פונ הילכיקנ געלעכטער האָט צעטרייסלט די געלע ווענט פונ באראק. עס האָבנ זיכ א שאָקל געטאָנ די לאָמפּנ אונטער דער סטעליע, צעטרייַבנדיק דעמ שאָטנ אפ די נארעס. אפילע דער אָנגעדרודלטער אנדריי אנדרייעוויטש, וועלכער איז געזעסנ, ניט אימ מיינט מענ דאָס, אונ זיכ געקאלופעט בא דער צעבראָכענער הארמאָשקע, האָט אויכ ניט אויסגעהאלטנ אונ האלטנדיק זיכ אינ זייַטנ געבויגנ זיכ אזש ביזנ נארע פונ פאר־הילכנדיקנ געלעכטער אונ הירזשערייַ. ער האָט זיכ אפילע גענומענ כאָכמענענ אויכ:

— אָט, האָט ער א זאָג געטאָנ, שעד געשאָרענער... פראָלעטאריער... ערלעכע... ווענ מע זאָל דייַנ ערלעכקייַט אינ קאנאל אָפּוואשנ, וואָלט דער ווייַסער יאמ שווארצ ווערנ... דערפאר האָבנ מיר דאָס מוירע פאר דערדאָזיקער ארבעט, עס זאָל פארנ יאמ ניט ארויס־קומענ א קאָנפוז...

— ע, מירנ אנטקעגנ יאמ געפינענ א באָלשעוויסטישנ מיטל... — האָט דער נאטשאלניק אָפּגעענטפערט מיט א געלעכטער אפנ שפאס אונ דערנאָכ שוינ ערנסט:

— אונ איר פונדעסטוועגנ גיט א טראכט, גיט אנ ארבעט מיטנ מויעכ... צייַט קלעקט בא אונדז...

שפעט האָבן זיי זיך צעזעגנט. און ווען זיי זײַנען ארויס פון באראק, האָט דער כאווער פירינ—דער נאטשאלניק, גענומען גיין האסטיקער, ווארפנדיק אינ גאנג געציילטע ווערטער דעם באצירק־פארוואלטער, א יונגן באוועגלעכן טשעקיסט:

— איז ווי־זשע וועט זײַן?

— אלץ, וואָס מיר האָבן געקאָנט, האָבן מיר געטאָן... אי אײַנגעטײַנעט, אי די בעסטע דערציִער... ניט פון אָרט, אפ א האָר ניט, אײַנגעשפארטע, אזוי ווי די עמעסע...

— נו?

— מע דארפ נאָך עפעס טאָן... דער האָן איז בא זיי אנדריי אנדרייעוויטש, די גאנצע רעדל פירט ער... איזאָלירן אים עפשער, אָפשיקן אפן אופנעמער, זאָל ער גיין צוריק אפ סאָלאָווקי. ווהין קאָן מען אים שיקן?..

זיי זײַנען געגאנגען מיטן ווייכן זאמדיקן שטעגל אפן קאנט פון א נאָך ניט פאר־ענדיקטן שליוז, און אין דער נאכט־שטילקײַט האָט זיך געהערט דאָס שאָרכען פון איינציקע זעמדעלעך, וואָס קײַקלען זיך אראָפ איבער די גראניטענע שטעגלעך פונעם קאנאל. דער כאווער פירינ האָט געשוויגן; ער האָט זיך צוגעהאָרכט צו דידאָזיקע זעמדעלעך, צום שטילן פאלן פון די וואסער־טראָפנס, צום קוים הערבארן געמורמל פונעם באהאלטענעם וואסער־שטראָם, וועלכער האָט זיך דורכגעגליטשט דורך דער טויזנטיאָריקער גרעב פונעם גראניט, פון די אייביקע דיִאבאז־לאגערן.

— אָט, סארא קויעך... אזא קראפט... שטיינער צו צעברעקלען...

דורך די שפאלטן פון די ניט פארענדיקטע טויערן האָבן פאָנטאנענווײַז געזעצט שטראָמלעך וואסער, האָבן זיך צעשאָטן שפריצנווײַז, האָבן אָנגעיאָגט א בלעזלדיקײַט אפן פארשלאָפענעם וואסער־דעק. די דורכזיכטיקע אָפשפיגלונגען פון דער לעוואָנע האָבן זיך אינ אים געוויגט, זײַנען זיך אינ אים צעגאנגען. און דער קלאנגפולער געמורמל פון די וואסערשטראָמלעך האָבן דערמאָנט אָן די סאמע פײַנסטע זילבער־שטימען פון דער האר־מאָשקע, פון יענער, דער דורישער...

און ווען ער האָט זיך געזעצט אפן קאטער אפ צו פאָרן צוריק אינ צענטראלן לאגער ארײַן, האָט ער זיך אפ א רעגע אָפגעשטעלט, א טראכט געטאָן, א וואָרפ געטאָן א פּאָר געציילטע ווערטער:

— הער נאָר... המ... האלט אָפּ... צי אופ, מיט איינ וואָרט... עפעס וועלן מיר פאָרט צוטראכטן... וועגן סאָלאָווקי דערוויַילע הער אופ צו טראכטן...

— וועגן וואָס רעדט איר דאָס?

— אָט וועגן דײַן אנדריי אנדרייעוויטשן.

---

מע האָט פון הימל א גאנײדן־מענטשן ארײַנגעכאפט, אוועקגעשטעלט אים אפ אונטער־געקירצטע פיסעלעך און געזאָגט: גיי און וואנדער אום און נעם זיך אָן מיט גײַסט פונעם לאגער־לעבן.

איז ער געגאנגען, האָט ער אומגעוואנדערט.

דער קאָפ—אזוי ווי א מאָן־גרײַפעלע: א צאפלדיקער און א בויגעוודיקער, בויגט אָן דעם אויער צום קלאנג, האָרכט זיך אײַן. די שיטערע גראָע הערעלעך זײַנען פונקט ווי אײַנגעקלעפט און אינמיטן איז א ראָזפארביקער פליך—א גלאנציקער, א שווייסיקער, א הוילער, ווי א קני. און פונקט אזעלכע ראָזפארביקע דורכזיכטיקע אויערן. דאָס ציגענע

בערדעלע איז אינ פעטס. אינ פעטס איז אויכ דער מויל, די גראָע, ניט פארויכערטע וואָנצנ שמעלצנ זיכ פונ פעטקייט. עס גלאנצט פונ שמאלצ דער קנעפל־נאָז. דער זקיינישער מויל טשאמקעט אונ שאמקעט, פייפט אונטער צווישנ די שיטערע ציינער, סאָפּעט אונ גיסט סלינע.

דער מענטש איז צוגעקלעפּט צו א ביינ, הריזשעט נאָכ אונ נאָכ.

אונ אינ די אויגנ דעמלט—א געלע מוטנעקייט, כייעשע פייערלעכ, רויבערישע, גיריקע.

— הער שויג אופ צו אייסיקנ זיכ מיטנ ביינ, ס'איז פריקרע צו קוקנ... אָט איז א ביינ־הריזשער...

— פ־פ־פאר ווערמענ א ביינהריזשער אונ פ־פ־פאר ווערמענ פאדיי יעוודאָקסייעוויטש...

— אונ איכ שפּיי אפ דעם... פאדיי ניט פאדיי—וועסט שטארבנ א נאר.

דער ביינ פאלט ארויס פונ מויל, די צעשטעלטע דינע פינגער הענגענ אומבאוועגלעכ. דער שווארצער טהאָמ פונ מויל ווערט קיילעכדיק, שפּרייט זיכ...

— איכל..ד־דו...

— נו יאָ, איניינעמ מיט דיר,—קרימט יענער איבער.

— אי־אי־איכל ניט דערלויבנ... אי־אי־איכ בינ ערשטע גילדע סויכער... פישהענדלער...

— א שפּיי אפ דער גילדע... אונ אפ די סאָכרים...

— אי־איכ האָב דאָכ אפנ יאמ, אפנ קאספּיע, דאמפערס געהאט...

— זיינענ זיי געשווומענ די דאמפערלעכ אונ אוועקגעשווומענ...

— איכ האָב פיש געכאפּט...

— האָבנ לייט געגעסנ...

— אפ מיליאָנענ רובל איינע פיש־סכוירע... אונ אפנ וואָלגע־טייכ...

— אפ דער וואָלגע... דאָס איז יאָ... וואָלגע מאמעלע, וואָלגע... א ברייט־ייטע ביסטו, א ראכוועסדיקע... דיינע ברעגעס ניט אויסצוגיסנ, דיינ גרונט ניט אויסצוטריקענענ...

אונביידע ווערנ אנטשוויגנ, הערנ אופ זיכ צו זידלענ, אויסריידנדיק איינער דעם צווייטנ:

— איז וואָס־זשע בלאָזטו זיכ, מיעסע בריע איינע...

דאָס קומענ זיכ אמאָל צונויפ אלטע גוטע ברידער—געווענ אנ אייגנטימער פונ דאמפער־בופעטנ אונ וואָלגער רעסטאָראנענ, דער צווייטער—אנ אלטער וואָלגע־סויכער, א פיש־הענדלער פאדיי יעוודאָקסייעוויטש. דער ערשטער פארוואלטעט היינט מיט דער קיכ, דער צווייטער האלט דעמ סקלאד פונ פארשיידענע מינימ נעצנ אונ נעצלעכ אונ פארשיידענע אנדערע צוגעהעריקייטנ פונ דער אָזערע־ווירטשאפט פונ לאגער. דאָ איז אויכ די רויכער־קאמער פאר אָנעגער ווייספּיש. יעדער איינער ארבעט, אזוי צו זאָגנ, לויט זיינ ספּעציאַליטעט. אונ אינ פרייע מינוטנ קומענ זיי זיכ צונויפ, קעדיי נאָכנ ארומריידנ די איניאָנימ פונ קאנאל, צו דערמאָנענ דאָס אמאָליקע, איבערגעלעבטע. די זיכרוינעס זיינענ קורצע, אָפּגעריסענע.

— אונ געדענקסט, אינ ניזשני, אינ צוועלפטנ, אינ זאפליוועוס רעסטאָראנ אנ אקטריסע אויסגעטאָנ אונ מיט זענעפט, מיט זענעפט אפנ לייב אפנ ווייסנ... די עמעסע בילד...

— דריי טויזנט האָט דאָס ארייגעקאָסט... מיט וויינ אָפּגעוואשנ... אונ אינ מאָסקווע אינ זעכצנטנ, ווי מיר האָבנ זיכ געבאָדנ אינ אקוואריומ... שטארק שווער בינ איכ געווענ אפנ קערפער... אז איכ גיב זיכ דאָס א פליוכ ארייַנ אינ וואסער, די גאנצע פיש אפנ פאָדלאָגע, דער אקוואריומ אפ שטיקער...

— זאָג, וואָס דו ווילסט, גוטער ברודער, א וועג א ברייטער איז פאַר אונדז געווען... ניט צוגלײַכנדיק—די וואָלגע מאמעלע... פאַרפאַלן אַלץ, מיטן וואַסער אוועקגעפלייצט. סײַ דו, סײַ איך—אין דער ארעסטאַנטסקער גילדע זײַנען מיר איצט אײַנגעשריבן.

נו, זאָג איצט אפ דײַן ערלעכקײַט, פאַדיי יעוודאָקסייעוויטש, וויפל האָסטו ארײַנגערוקט דעם אסטראַכאַנער פינאַפטייל און עפּעס א היפּשע אפּויטיקע האָט דיר ארײַנגעקאָסט כאַבאַר?

— כאַבאַר? ניט פון דעם קאַנט נעמסטו זיך פאַר דער זאַך. כאַבאַר איז א נאַל, מיט כאַבאַר ווערסטו די וועלט פון די קלעצלעך ניט אראָפּקלאַפּן, באַזונדערס, ווען די קלעצלעך זײַנען באָלשעוויסטישע. איך האָב, מײַן טײַערינקער, געקוקט טיפער, אין טאָך ארײַנגעקוקט. מיך האָבן אויפגעגעסן די קאָלווירטן די פישכאַפּערישע, אָנגעזעצט זיי אזוי... אנטקעגן זיי האָב איך געצויגן מײַן ליניע. איז ניט אוועק... האָבן זיי גויווער געווען... געזעצט זיך אפן זעמדל, א שטיקעניש אָנגעפאַלן, לעהאָודל, ווי אפ פיש אין א פּראָסט בא פלאַכוואַסער... האָבן זיי גויווער געווען... און ווער האָט דאָס דאָ, הערסטע, גויווער געווען... באָלשעוויקלעך... געדענקסט, א דאַמפּערל געווען בא מיר א בוקסירנער. געקאַטשעהאַרעוועט האָט דאָרטן איינער אזא מענטשעלע—ניט צו גאָט און ניט צו לײַטן, א שיקער און א דאַלעס, איינמאָל א דאַלעס. פאַר א קעלעשיקל וואָלט ער דיר אפן הימל ארופגעקראָכן... איז זײַן זון, א בייזער יאָר אפ אים, הײַנט א נאַטשאַלניק. אָטאָדאָ טאַקע בא אונדז. און א קאָפּ נאָך האָט דאָס, דערשמעקט, מיט וואָס דו אָטעמסט, בא וואָסער מיינונג דו האַלטסט זיך. אייערנעכטן קומט ער צו גיין, גיט א פרעג:

— נו, וואָס, יעוודאָקסייעוויטש?

— אזוי, זאָג איך.

— רויכערסט די פיש?

— איך סטאַרע זיך.

— דאָס איז גוט, אז דו סטאַרעסט זיך... אָבער די ווײַספיש זײַנען בא דיר ניט קיין זיכערע, אינגאַנצן צעדאַרטע זײַנען די ווײַספיש, ערגער פון דײַנע אָסטראַכאַנער הערינג די געוויזאָנדלטע, זיי צעקריכן די ווײַספיש... קיין שום דיסציפלין איז בא זיי ניטאָ...

— האָט דאָך א מענטש א ברייטע,—טראַכט איך מיר. אָבער דער קאָל מײַנער ציטערט, פאַרהיקעט זיך בא מיר דער קאָל. און, דוכט זיך, אנטקעגן ווערן... אנטקעגן פירינען, אנטקעגן דעם זון פון מײַן שלימאַזלדיקן הייצערל. לאַכלוטן פון דערעך אראָפּ דער קאָל

— ריכטיק,—זאָג איך,—קיין שום אײַנזועניש ניטאָ באַם ווײַספיש, קיין געוויסן: דו וויאָנדל אים אזוי און אָט אזוי, און ער אַלץ צעקריכט, שטייט אָפּ פון די ביינער, אפ שמאַטקעס צעפאַלט ער זיך...

— דו מאַך אָקאָרשט אפן ווײַספיש קיין בילבל ניט, דער ווײַספיש איז אן אקוראַטנער פיש, ניט טשעפּע זײַן געוויסן... דו טו בעסער א קוק אפ דײַן אייגענעם און גיב א טראַכט...

— איכל א טראַכט טאָן,—זאָג איך. און די הענט בא מיר טרייסלען זיך, און דער קאָל איז שוואַך געוואָרן.

— און וואָס מיינסטו: איך האָב זיך א נעם געטאָן צום ווײַספיש, א קוועטש געטאָן—קומען איצט די פיש ארויס אקוראַט, און פון רויכערקאַמער כאָטש צו א גראַפ אפן טיש... אָט איז דיר ווײַספיש...

יעוודאָקסײעװיטש איז מעכאבעד דעם גוטנ ברודער מיט װײַספיש פונ זײַנ קאָשערער פּראצע. אלײנ האָט ער ליב בײנער שעפּסענע מיט שמאלצ, מיט מארכ. אינ קיכ באַם קוכער בעט ער דאָס אויס:

— מיט כראָמושקע גיב, קרוינעלע, צו הריזשענ, צו כראָמושקענ...

די אנדערע אוולענ אימ אויכ ניט, מע פילט מיט דעם אלטנ.

— גיב אימ א בײנדל, זשאלעװע ניט... זאָל זי האנאָע האָבנ, די געװיאָנדלטע שטיק צאָרע...

פאדרײ יעוודאָקסײעװיטש הריזשעט דעם בײנ אונ טײלט זיכ מיטנ גוטנ ברודער זײַנע געדאנקענ:

— אלצ איז מיר פארשטענדלעכ, אלצ בינ איכ אינ לעבנ דערגאנגענ... אָט—איכ, אָט—דו...

— ראסטאנטנ זײַנענ מיר בײדע...

— עט... ניט דאָס... ניט דאָס,—טײַנע איכ,—איכ אונ דו—מיר זײַנענ בעקאָװעדיקע לײַט, גרויסע מענטשנ. פארשטײט זיכ, לעגאבע די אמאָליקע יאָרנ. נו, אָט, האָבנ טאקע די באָלשעװיקעס ארומ אונדז אײסעק: יעטװידערנ לויט דער פּראָפעסיע. פארשטײסטו מיכ, װילנ זײ מאכנ פאר א מענטשנ... נו, די אינזשענערנ, לאָמיר זאָגנ, די קאָנטרעס, געװעזענע שעדיקער... זײַנענ אויכ כאָשעװע לײַט, װי איכ מיט דיר. אונ מיט זײ, װאָס מע אײסעקט זיכ, איז ריכטיק: װי ניט װי זײַנענ דאָס מענטשנ מיט הויכער בילדונג, מיט קעפּ. אהינ־אהער א מײַסע, גיסט א קוק, אונ זײ קאָנענ טאקע צוהעלפנ די באָלשעװיקעס. אונ זײ העלפנ טאקע... אָט האָבנ זײ א קאנאל דורכגעפירט—האָבנ דאָכ די אינזשענערנ זיכ דאָ אויכעט געסטארעט... אָבער זאָג דו אלײנ, צוליב װאָס דארפנ די באָלשעװיקעס פארדײַגענ פאר די באָסיאקעס, זיכ רײַסנ דעם פעלצ פאר כעװרע רײַסער, צאצקענ זיכ מיט זשיגאנעס־באנדיטנ... מײַנ קאָפּ באנעמט דאָס ניט... אָט גײענ די אורקעס ניט אפ דער ארבעט, זײ לאכנ זיכ אויס, די פּאסקודניאקעס. אנדרײ זשיגאנ, געדענקסט אפנ אוראל פלעגט ער אָנמאכנ טומלעניש— פירט דאָרטנ די גראנדע בא זײ: זאָלסט זאָגנ—פונדאנענ אהינ... זיצנ אינ דור אונ טוענ ניט א קלאפּ א פינגער אָנ א פינגער, גאָרניט, ניט זײער אײסעק... זײ מאכנ אָפּטמאָל פונ דיר כויזעק, פונ דײַנ סאָכרעשאפט, פונ דײַנ אמאָליקער כויזעקנ זײ:

— סויכער, װוּ איז דײַנ בײַכעלע, דײַנע װעגענער װוּ זײַנענ, דײַנע דאמפערס...

— אונ װאָס מײנסטו: מע רעדט זײ אײַנ, מע טײַנעט צו זײ... אונ די, װאָס זײַנענ אפ דער ארבעט, איז צו זײ פונקט װי, לעהאװדל, צו הײליקע: שלאָגלערלעכ װײַט איר, בריגאדירעלעכ... אונ א שלאָגלער־פּאיאָק גיט מענ זײ אונ רעקאָרד־פּאיאָק—זײ, אונ מאָ־סאָנעס—זײ, אונ פוטערגעבעקס אפנ קאנאל—די בריגאדניקלעכ... װאָס איז צו רײדנ... אָט האָט הײַנט אונדזער נאטשאלניק, פירינ, א הארמאָשקע צוגעשיקט, ליגט איצט אפנ סקלאד—א באיאנ, פּרימע, אָנדערהאלבנ טויזנט קערבלעכ האָט מענ פאר דעמדאָזיקנ באיאנ אינ מאָסקװע באצאָלט, פירינ איז ספּעציעל, קאָנ מענ זאָגנ, געפאָרנ נאָכ דעמדאָזיקנ סטרומענט. פאר װעמענ איז דער באיאנ? צו װאָס איז דער באיאנ? פארנ בעסטנ שלאָגלער־הארמאָניסט... אָט אזוי האָט ער טאקע געזאָגט, דער נאטשאלניק... דו באטראכט זיכ נאָר, אָנדערהאלבנ טויזנט קערבלעכ, דאָס איז דאָכ... דאָס איז דאָכ ניט שײַעכ צו זאָגנ... אָנדערהאלבנ טויזנט... אונ עפּעס א שטיקל, איכ בעט אײַכ צו פארצײַענ, פּאסקודניאק, א מײַסע בריע, א גאנעװ װעט אָנקומענ דערדאָזיקער אָנדערהאלבנ־טויזנטדיקער באיאנ... האָסטו דאָס געזענ אפ א לעבנ? װענ איכ װאָלט געהאט א דײע, װאָלט איכ א װעלכנ

ניט איז כעוורעמאנ אויסגעצויגנ אונ אריַינגעטשאָכטשעט קעדעבאָיעדיק.. וואָלט ער וויסנ, ווי צו זיַינ א זשיגאנ... אָנדערהאלבנ טויזנט... מיט זילבערנע טאפערס... ליגט בא מיר אפנ סקלאד, איכ האָב גאָר מוירע צוצוגיינ... א שפילכעלע—לעבעדיקע רובלס פאר א צאצקע אריַינגעבראָקט, אָנדערהאלבנ טויזנט פאר א הארמאָשקע...

— אזוי, אזוי... א הארמאָשקע... איכ האָב דאָכ אויכ, דעמ עמעס זאָגנדיק, אינ מיַינע יאָרנ, ניט פיַינט געהאט זיכ פאנאנדערצולאָזנ אפ דער הארמאָשקע, פאנאנדערנעמענ אלע קנייטשנ, אפ אלע קוילעס אירע די גאָלדענע... געשעפט געווענ... געדענקסט, לעבנ סאראטאָוו...

די אלטע גוטע ברידער טרייסלענ דורכ דעמ אמאָליקנ לעבנ זייערנ, אונ פונ אלטנ לעבנ שיטנ זיכ גאָלדענע שמאטקעס, ביטערלעכער שטויב פונעמ אמאָל. פונקט ווי אינ האלדז פונ דעמדאָזיקנ שטויב, פירכעט זיכ אינ זיקאָרנ פונ די זיכרוינעס, פאָפעראָק פליִענ די געדאנקענ צעשויבערטע. זיי לייגנ זיכ עפעס פאר קיינ פאל ניט אויס מיט א טאָלק דידאָזיקע געדאנקענ די אלטע. דאָס אלטע לעבנ צעגייט, צעקריכט, צעפליט זיכ אינ שמאטקעס אינ די זיַיטנ. זיי ווערנ ביידע אנטשוויגנ. אונ בא יעדערנ איז דער געדאנק א הארטער, א שווערער אונ אומאָנגענעמער, ניט צו ריידנ, ניט צו שוויַיגנ. עס טראכט זיכ וועגנ דעמ, או דאָס אלטע לעבנ איז אוועק, אפ טויט צעדרוזגעט אָנ די שטיינער, אָנ די באָלשעוויסטישע. זיי האָבנ געזיגט. איַינגעשטעלט זייער אייגענעמ געזעצ. אונ דו—דער באגולדטער פעמפער דער אמאָ׳יקער—האָסט אָנגעהויבנ האָבנ אנ אייסעק מיט מאָזאָליעס. אונ א זינדיקע מאכשאָווע: ווענ די געוויאָנדלטע וויַיספּיש גייענ ארויס פונ די הענט גוט, אקוראט—עגבערט אינ מויעכ א געדאנק:

— אָבער גוט איז דאָכ... ווענ מיט כיישעק...

אונ דעמלט קומט אָנ—אפ פריִער אומבאוווסטע דראָכימ—א נײַער גאסט. דער נאָמענ פונ דעמדאָזיקנ גאסט איז—פרייד. פונ די מאָזאָליעס גייט דידאָזיקע פרייד, פונ דער ארבעט.

קאָנ מענ זיכ דענ מוירע זיַינ פארנ אמאָליקנ גוטנ ברודער אינ דערדאָזיקער פרייד...

שוויַיגנ זיי ביידע, זיי טראכטנ... זיי ציילנ די שטערנ די בלאָע הינטערנ פענצטער, זיי ציילנ די יאָרנ פונ אָפּזיצנ, אונ גיבנ א טראכט וועגנ דער צוקונפט...

---

אינ באראק האָבנ זיכ גענומענ טראָגנ קלאנגענ:

— פונ פירינענ א הארמאָשקע געבראכט...

— א באיאנ...

— זי־י־לבערנע טאפערס...

— ווערמענ ווערט אויסקומענ צו דער הארמאָניקע די הענטעלעכ צוצולייגנ...

אונ מע קוקט מיט א זיַיט אפ אנדריי אנדרייעוויטשנ. יענער איז אומגעגאנגענ א בייזער, אנ אָנגעדרודלטער. דער מענטש איז פונ פאָנעמ אראָפּ. אונ, דוכט זיכ, א מענטש האָט ניט קיינ שומ קלאָפּאָט: ליג זיכ, שפיַי אינ באלקנ אונ גלעט זיכ אויס אפ דער נארע דאָס בייַכל, או דער פופיק זאָל ניט שוואכ ווערנ פונעמ פריַיענ לעבנ דעמ זשיגאנישנ. ערשט א נעכטיקער טאָג. גייט אומ א מענטש א צעטראָגענער, אונ ווענ ער גיט אפ דיר א וואָרפ מיטנ אויג—אנטלויפ וואָס וויַיטער—מיטנ בליק דערהארגעט ער. אפ די קלאנגענ האָט ער זיכ אָנגעשטויסנ, אפ די שושקענישנ, אָנגעשארפט אפ זיי דעמ אויער. צוגערופנ א יונגנ קעשענע־גאנעוול, א יאטל, ווי א קנעפל די גרויס, נאָר פּאָקוסנ מאכט ער, אינ

הילכעס קעשענע־אײסאָקים, הייסט עס, קײנ קאַטאָוועס. א פּיפּיקער יאטל געװענ אפּ דידאָזיקע מײַסעס.

גיט ער אים בײז א רופּ צו:

— אנו, קום אָקאָרשט אהער.

בא יענעם איז שוינ די נעשאָמע אפּנ שפּיצ נאָז: ניט גוט צו האָבנ אנ אײסעק מיטנ אטאמאנ.

— װעגנ װאָס האקסטו דאָס א טשײַניק, קישעניק סמארקאטער?—אונ די הענט האָריקע אפּנ אקסל. שװערע הענט, אזש די בײנדלעכ נעמענ ברעכנ אונטער זײ.

— פּעטערל... דעמ גאנצנ עמעס, אָט װי אפּנ דלאָניע... אפּ מײַנע נעמאָנעס, געבראכט... אנ עמעסער באיאנ... אָט האָסטו דיר א צײלעמ, אונ קעפּעלעכ גאָלדענע—עמעס, עמעס, ניט גענארט... א הארמאָניקע—אָ־אָט אזא בלאָזאק—אָט... אונ טאפּערס—ניט איבערצוצײלנ...

— אָט װעל איכ דיר די ריפּנ א קװעטש טאָנ, װעסטו דעמלט איבערצײלנ... דו האָסט געזענ?

— זענ האָב איכ ניט געזענ, מענטשנ האָבנ געזאָגט... די הארמאָניקע גלאנצט.. א טײַ־ע־ערע.

אנדרײ אנדרײעװיטש איז נאָכ כױשעכער געװאָרנ. צו קײנ זאכ נעמענ די הענט ניט, ניט צו די סצירקעס, ניט צומ ברויט, ניט צומ לעפל. גײט אומ א טאָג, גײט אומ צװײ, אפּנ דריטנ האָט ער ניט אױסגעהאלטנ. ארױסגערופּנ דעמ קאראױלנעמ נאטשאלניק.

— אָט װאָס, כאװער נאטשאלניק, אינ אײנ שפּרונג בינ איכ אפּנ סקלאד, איכ האָב דאָרטנ א װיכטיקנ איניענ, זײער אנ ערנסטנ איניענ...

— װאָס פּארא איניאָנים האָסטו דאָרטנ אזױנע באזונדערע?

— שפּעטער...

מע האָט אים געלאָזנ. פּײַל אױסנ בױגנ איז ער אװעק אפּנ סקלאד, װאָס אינ סאָסנע־װעלדל בא דער אָזערע, צו צומ סאמע קלאדאָװשטשיק, דעמ װײַספּיש־מײַסטער פּאדײ יעװדאָקסײעװיטשנ. א שרעק אפּנ מענטשנ אָנגעטראָגנ, דער בײנ אזש בא אימ אפּ דרערד אראָפּגעפאלנ, א כראָמשקעדיקע בײנדל א שעפּסענע, אראָפּגעפאלנ פּונקט אונטער אנדרײ אנדרײעװיטשעס פּאָדקעװע.

— אנ עמעס טאקע?

— װעגנ װאָס איז דאָס, הא?—אונ הינטערװײַלעכס, הינטערװײַלעכס האָט פּאדײ יעװ־דאָקסײעװיטש זיכ גערוקט אינ װינקעלע צומ טיר, קעדײ אױסצוקומענ װאָס װײַטער פּונ די האָריקע הענט.

— װעגנ דער הארמאָשקע פּרעג איכ דאָס. עמעס, אז מע האָט געבראכט?

— א־א... װעגנ דער הארמאָניקע...—יעװדאָקסײעװיטשנ איז גרינגער געװאָרנ אפּנ הארצנ, זײַנ הארצ האָט מיט פּרײד א צאפּל געטאָנ.—געבראכט שוינ. פּונ סאמע פּירינעג, הערסטו דאָכ, געבראכט... פּונ מאָסקװע דעמ באיאנטשיק געבראכט צו פּירנ.

— באװײַז...

— װאָס רעדסטו, מענטש אײנער, װי קאָנ מענ דאָס... קײנער האָט נאָכ די הארמאָניקע אינ האנט ניט געקראָגנ...

— נו, נו, ניט רײד זיכ אָנ, שװארציאָר, ליסע קאָפּ דײַנע... דערלאנג אהער.

דאָ האָט יעװדאָקסײעװיטש געכאפּט א קוק אפּ די זשיגאנישע אײגעלעכ אונ געשװינד זיכ א לאָז געטאָנ צומ קעסטל. די הענט האָבנ בעשומױפּנ ניט געקאָנט טרעפּנ אפּנ דעקל;

ער האָט געסאָפּעט, זיכ געסטארעט, געדרייט אהינ, אהער אונ ארויסגענומענ דעם באיאנ די זונ האָט געלויכטנ אינ פענצטער, געשאָטנ שפּילעוודיקע שטראלנ איבער די טאפּערס, אפנ גלאנציקנ לאק, אפ די זילבערנע ווינקלשטיקלעכ אונ ארײַנגעטראָפנ צו אנדריי אנדרייעוויטשנ אינ די אויגנ, אופגעבליצט מיט שפּילעוודיקע פײַערלעכ, מיט פיבערהאפטע.

— אנ עמעס טאקע... א באיאנ... איינמאָל א באיאנטשיקל...

מיט די האָריקע הענט האָט ער זיכ צו די טאפּערס צוגערירט אונ דערפילט די קילקײַט זייערע, א דורכזיכטיקע, א ליכטיקע, ווי אפ א ריינער העמד ווײַסע קנעפּעלעכ, פּערלמוטענע, גוטע טאפּערס... ער האָט אומדרייסט א קוועטש געטאָנ, דורכגעגאנגענ זיכ איבער זיי, איבער די פּערלמוטענע שטימענ די איבערגיסנדיקע. פּונקט ווי א טײַכל אינ פרילינג אונטער א זוניקנ אײַז, א ברעקלדיקנ. עס שורשעט דאָס טײַכל, שורשעט... אונ אונטער די זונ־קושנ שווינדט, שמעלצט דאָס אײַז־דעקל, צעגייט טראָפּנווײַז: אונ זיי ברענענ אינ פריילעכנ פארבנשפּיל אונ מיט ליכטעלעכ פרילינגדיקע, אײַזיקע.

די קנייטשנ אפנ שטערנ זײַנענ זיכ צעגאנגענ, דער פּאָנעם האָט זיכ פארפינצטערט. ער האָט אָפּגעזיפצט.

— אזוי, אזוי... דער סטרומענט איז א נישקאָשעדיקער... א טײַערער סטרומענט, זיידע.

אונ ער האָט זיכ צוריק אָנגעברויגעזט, די אויגנ פארכמארעט:

— טפו זאָל דאָס ווערנ, געפונענ א זיידנ... נא... עס נודיעט אפנ הארצנ פונ דיר... באהאלט, שער פליכעוואטער, דו זאָלסט מיט דײַנע נעוויילישע הענט צו דעם זיכ ניט צורירנ.

— אונ דו, פּעטערקע, ניט זידל זיכ.

— נו, נו... פּע־טערקע... דעם צונג אינ די הענט נעמ, אונ ווייס אנטקעגנ ווענענ דו שטייסס... ער מיינט, אז די גאנצע וועלט איז מיר די הארמאָניקע... פּעטערקע... איכ דיר אזוי אָנפּעטערנ, אז דו וועסט דערזענ דעם טאטנ פונ יענער וועלט... הענ, קאָנטרעס אָנגעלאָזנ אפ אונדזערע ברידער, פאנאנדערגעלאָזנ דעם בויכ אפ די ווײַספּיש, אפ די מעלוכישע ווײַספּיש אונ ער לעבט פונ די טעג...

אונ צום סאמע נאָז פונעם בלייכ־דערשראָקענעם פאדיי יעוודאקסייעוויטשנ האָט ער צוגעטראָגנ דעם האָריקנ פויסט מיט דער בלויער פליאמע, מיטנ בלאָענ אנקער.

— גיב א שמעק, מיט וואָס דער יאמ אָטעמט, אסטראכאנער גנירע דו.

אינ סאמע וואנט האָט פאדיי יעוודאקסייעוויטש זיכ אײַנגעקלעפּט, ווײַטער רוקנ זיכ איז ניט געווענ ווו. אונ יענער איז שוינ ווייכער געוואָרנ, אונ פונ שוועל אויס:

— הענ ס'ארא שרעקעדיקער... די נעשאָמע איז בא אײַכ א פּעגירעדיקע, א שיטערע... איז זע־זשע... אונ אָט וואָס נאָכ... פאר ווענענ האָט נאטשאלסטווע באשטימט די הארמאָשקע?

— פאר די הארמאָניסטנ, מײַנ ליבינקער... פאר די הארמאָניסטנ...

— דאָס ווייס מענ, אז פאר הארמאָניסטנ. ניט פאר דיר, הענדלערשע ליסע קעפּעלע...

— פאר הארמאָניסטנ־שלאָגלער... פאר שלאָגלער, מײַנ ליבינקער... אזוי אז א קאָנקורס פאר זיי, פאר די שלאָגלער אונדזערע וועט זײַנ... אונ ווער עס איז דער בעסטער, פאר דעם איז די הארמאָניקע.

— שלאָ־אָ־אָגלער... אינ אײַער גאָטס מאמענ, אינ דער באָבענ...—אונ ער האָט געגעבנ אזא בראזג מיט דער טיר, אז די שויבנ האָבנ אוש א דריזגע געטאָנ אונ אגעוו אויכ

פאדיי יעוודאָקסייעוויטשעס הארצ, ווי אנ אונטערנעשאָסענע פייגעלע—קולדיק, קולדיק, נאָר אָנצוכאפּנ מיט די הענט, זי זאָל זיך ניט ארויסרײַסנ.

מיט א פארכאפּטנ אָטעם איז ער געשטאַנענ צוגעשפּארט צום וואנט אונ ניט דערוועגט זיך ארויסצוקוקנ דורכנ פענצטער.

— אָט איז דיר, הארציקער פאָטער, א מענטש... א מענטשעלע... לעהאוודל א מאקע פונ מיצרײַימ... וואָס טוט מענ... פארטשעפּע זיך מיט אזא, וועסט זיך שוינ ניט אָפּטשעפּענ... ווי ניט ווי האָט גאָט מיך נאָך דערווײַלע אויסגעהיט פונ אזא אָנשיקעניש.

אונ אָפּגייענדיק פונ פאכעד, פונ שרעק, האָט פאדיי יעוודאָקסייעוויטש אָפּגעלייגט די גוואלדיקע אוולע בא זיך אפנ הארצנ: פאר די אריבערגעלעבטע טעג, פארנ פליכעוואטנ שעד, פאר הענדלערישנ.

— מע דארפ דאָך דאָס, אז יעדער אײנציקער באנדיט זאָל דיר צונישט מאכנ דײַנ סאָכרישנ קויעך אונ זיך נאָך זידלענ „ליסע קעפעלע“...

---

אָנגעקומענ אפ דור אנ אומעט לעבנ.

די וווּרקאהאנעס האָבנ די נעזער אראָפּגעלאָזנ. ניט קײנ געלעכטער, ניט קײנ פרײלעכע הירזשערײַ, ניט קײנ צעלעבטע טופּערײַ פונ פיס—דאָס איז בײַם „יאבלאָטשקא“ אונ „קודיקאָטיסיא“... ניט דאָס איז איצטער געווענ אינ קאָפּ דעמ אלטנ וווּרקאהאנ.

— קײַקלט זיך צום טאטנ, צו דער מאמענ, צו דעמ טײַוולס באבענ קײַקלט זיך...

— האָט געגעבנ א קנאק ארײַנ אונ א שיק אוועק אנדריי אנדרייעוויטש זײַנ צעהוליעטע קאָמאנדע: מערדערס, דאמושניקעס, קישעניקעס, שירמאטשעס, א האלב צענדליק מיידלעך, נאכט-בלימלעך אונ פארשיידענע אנדערע כעוורע-לײַט, וואָס דער פינפ אונ דרײַסיקסטער ארטיקל האָט זיי גענומענ אונטער זײַנ פליגל.

— דעמ לעבנ האָט איר מיר געפּאטערט, מיעסקײַטנ פארזשאווערטע...—אונ גיט זיך אָפּטמאָל א לייג אפנ נארע, ליגט ניט צו רירנ זיך, גיט א סטראשע אימעצנ מיטנ פויסט מיטנ האָריקנ, ריזיקנ, מיט דער ברוינער פליאמע, מיטנ בלאָענ אנקער. גייענ פונ פויסט שרעקיקע שאָטנס, וויגנ זיך אפ די טונקעלע ווענט, יאָגנ אָנ אנ אומעט אפ די נארעס אונ אָפּטמאָל אינדערהויך:

— שלאָ-גלער...

דערמאָנט דער גאָטס מאמעס באָבענ. אונ ווענ ער נעמט מאכנ האזקאָרעס גאָטס מאמענ, איז דעמלט גלײַכער צו זײַנ וואָס ווײַטער פונ אנדריי אנדרייעוויטשנ. היט מענ זיך. נאָר פארשטיקטע שושקערײַ אונ א שעפּטשענ לעבנ די ווענט, אינ די ווינקעלעך, אונ אפ ווײַטע נארעס. א געשליפענער אוילעמ, פארשטייט אנ אײסעק...

— באשערט אונדז, אפּאָנעמ, ארויסצוגיינ אפ דער ארבעט.

— וואָס הייסט, אונטערגעבנ זיך? צו די באָלשעוויקעס אינ די הענט, פרישנ צאפלדיקע?

— ווען וואָלסטו זיך וועלנ אָפּגעבנ?

— ניט וועגנ דעמ רעדט זיך... ניט אזוי בינ איך געהאָדעוועט, אז איך זאָל מײַנע הענטעלעך מיעס מאכנ אפ ארבעט. איך מיט מײַנע הענטעלעך, קאָנ מענ זאָגנ, קאָנ איך דעמ גרעסטנ פאָקוס באווײַזנ... וואָס איז צו ריידנ, בא מיר איז איידעלע הענטעלעך, אונ

ניט מיט זיי קאָנ איכ זיכ שטעלנ אינ צײַל מיט זייערע פויערשע לאפעס, קאלופּענ גראניט מיט מײַנע גאָלדענע פינגערלעכ...

זעקס טעג, זעקס נעכט אינ דידאָזיקע שושקערײַענ: אונטערגעבנ זיכ אָדער ניט אונטערגעבנ זיכ?

דער געהער איז אנ אָנגעשטרענגטער בא אנדריי אנדרייעוויטשנ. ער כאפּט אופ יעדנ אָטעמציג, יערנ וואָרט. דערהערט ער וועגנ פינגערלעכ גאָלדענע, וועגנ האָדעוואניע אונ דערמאָנט גאָטס מאמענ. אונ ווענ עס דערגייט ביז „פויערשע לאפעס", גיט ער זיכ א הויב אופ, ווי א בער, גיט זיכ, ווי א בארג א וואלגער אראָפּ פונ דער נארע, אונ א ריזיקער, א שווער באוועגלעכער, גיט ער א דונער ארײַנ אינ דעמ אָוונטדיקנ האלבטונקל:

— היי, דו, איידעלע האָדעוואניע, באווײַז זיכ פאר אונדזערע ליכטיקע אויגנ... מיר האָבנ גראפנ געמיימעסט, מיר האָבנ פונ פירשטנ פארקאנעס געצאמט אונ פונ פאנעס דאמבעס גערייגט... באווײַז־זשע זיכ, גאָ'דענע, איידעלע פאסקודע, איכל דיר באווײַזנ עמעסע פויערשע לאפעס, איכל דעמ כאמולישנ פויסט אָנטאָנ א טײַנעג אפ דײַנ איידעלנ קירבעס... ווו־זשע ביסטו, פּריצישער נאָכשלעפער, אויסשפײַעכצ פונ א פרעמדער וועלט. ער וועט זיכ ניט אונטערגעבנ די באָלשעוויקעס... די באָלשעוויקעס זײַנענ אימ סאָנים דעמ פאראזיט...

די „איידעלע האָדעוואניע" האָט זיכ באהאלטנ אפנ נארע אונ אײַנגעהאלטנ דעמ אָטעמ. נאָר איינקע גרינגשעציקע שטימענ:

— לאָז אָפּ, אנדריי אנדרייעוויטש, עס לוינט ניט די הענט מיעס צו מאכנ אפ יעטווידער אמאָליקער גנידע. זי וועט אליינ פייגערנ פונעמ פויערשנ רייעכ, וועט אָפּפאלנ אזוי ווי א פרײַס אינ א ריינער שטוב אנ אויסגעלופטערטער...

אונ עס איז קענטיק געווענ: עס קומט א סאָפ אפ דור.

אונ אז עס איז אָנגעקומענ דער זיבעטער טאָג, איז אנדריי אנדרייעוויטש ארויס אפנ מיטנ באראק אונ פאָשעט צו אלעמענ:

— אָט וואָס... א סאָפ, אנ עק, גענוג. געפילאָנעוועט, אָנגעשפּילט... גענוג וועט זײַנ טופּטע אָנלאָדנ [1]... אונ ווער עס ווילט זײַנ אנ אומזיסטיקער פרעסער אפ אונדזער קארק — מארש אפ לינקס.

עטלעכע פיס פונ די „איידעלע" האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ אפ לינקס, אָבער פאריאָסעמטע, איינזאמע, האָבנ זיכ ווי א וויכער א וואָרפ געטאָנ אפ צוריק, צעשטעלנדיק דערשראָקענע בליקנ אפ די נעכטיקע גוטע ברידער — כאוויירימ. יענע זײַנענ געשטאנענ מיט אראָפּגעלאָזטע נעזער, אָנגעדרודלטע. אָבער פעסטע פיס זײַנענ בא זיי געווענ אונ פארשטײַפטע פויסטנ — אינ לאגער פונ די אומזיסטיקע פרעסער, אינ דער לינקער מאכנע פונ די פאראזיטנ איז קיינער פונ זיי ניט אריבער.

— אונ איצט צו דער ארבעט...

אונ ווײַטער:

— איכ דערקלער אײַכ פאר מײַנ בריגאדע, פאר אנדריי אנדרייעוויטשעס שלאכטפאלאנגע... קומט גראָבנ די דאמבע אפנ קאנאל... שלאָגנ אינ דער פארמעסטעניש די

1) טופּטע אָנלאָדנ — פארנעמענ זיכ מיט שוויגרל, אָפּנארערײַ.

קאָנטרעס, די באַלעגופֿן... זיי קאָנען, און מיר קאָנען ניט, איידל געהאָ־אָדעוועט... פּאָשעט א געלעכטער... אָבער זעט־זשע: אָן שום כיטרעקייַט. אַניט וועט זייַן מיִעס.

האָט געפּרוּווט ווער ניט ווער א וואָרט אַנטקעגן ריידן:

— איז ווי איז דאָס: א בריגאַדע צו דייַן נאָמען? ווען דו וואָלסט אַליין דער בריגאַדע א נאָמען געבן?

ער איז אַזש א צעקאָכטער געוואָרן:

— וואָס איז דאָס וועמעס אייסיק? ווען אַפּ שלעכטס, איז האָרכט איר, פּאַסקודניאַקעס, איז האָרכט זשע אַפּ גוטס אויך...

האָבן זיי ניט געפֿונען וואָס אָפּצוענטפֿערן. רור האָט זיך אונטערגעגעבן, די פּילאָנעס זייַנען אַוועק אַפּ דער אַרבעט. אַנדערע האָבן געשעפּטשעט:

— אָט איז אַן אייסעק... צוליב אַנדריי אַנדרייעוויטשן האָבן מיר זיך אַרייַנגעדרייט, פֿאַרסאָכערט... א מענטש קרענקט אַפּ דער האַרמאָשקע און מיר דאַרפֿן האָבן אייסעק...

— מענטש איינער, ניט אין דער האַרמאָשקע אַליין איז די זאַך...

---

אַנדריי אַנדרעוועוויטשעס פּאַלאַנגע האָט זיך גענומען לאָזן הערן. א שלאַכט־פּאַלאַנגער, א בריגאַדיר אַן אויסגעצייכנטער. אָנפֿאַנגס האָבן אַנדערע געפּרוּווט כויזעקן, זיך געשמייכלט אין וואָנצ:

— די שירמאַטשעס האָבן זיך א נעם געטאָן צו דער אַרבעט, א בער אין וואַלד געפּייגערט, אומגעריכט...

— ניט ריכט אייַן די ווייַסינקע הענטלעך אין ליים, צעדראַפּעט זיי ניט אַזוי ווי שטיינקלאַפּער, ניט הענטיק צו קריכן מיט א מאַזאָליקער האַנט אין א קעשענע.

זיי האָבן צוריקגעזידלט. אָבער באַלד אויפֿגעהערט, מאַכמעס קיינער האָט זיך מער ניט דערוועגט צו קריכן אין די אויגן ווען די פּראָצענטן האָבן זיך געהויבן און ווען די שכיינעסדיקע בריגאַדעס האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַאומרויִקן.

— דער שוואַרציאָך וויים זיי, פֿונוואַנען וואָס עס נעמט זיך. אָפּגעזעסן מיט די פֿיס אונטער זיך אין רור, און אָט האָסטו דיר—אַפּ דער פֿאָדערשטער ליניע...

האָרכט ער, אַנדריי אַנדרייעוויטש, און שמייכלט זיך אין וואָנצ. שוין א וואָכן צוויי, אַז די האַרמאָניקע איז בא אים—געווען א ספּעציִעלער קאָנקורס אין קלוב, און ווער־זשע האָט דען געקאָנט באַשטיין אַנטקעגן זייַנע, צו דער האַרמאָניקע צוגעקלעפּטע הענט. בלייַבט די האַרמאָניקע פֿאַר אים, דער ערשטער בריגאַדיר—פֿאַר אים, צוויי פּאָרטרעטן אין פֿאַרשיידענע צייַטונגען—פֿאַר אים. און די צעלעבטע יאָטן—פֿאַר זיי איז דאָך אויך די האַרמאָניקע מיט די זילבערנע טאַפּערס. די האַרמאָשקע דען אַליין? אָט זיצן זיי אין די אָוונטן און ציילן אַפּ די פֿינגער, פֿאַרבויגן אַזוי די פֿינגער מיט די פֿרישע מאַזאָליעס:

— איינס—די האַרמאָשקע איז אונדזערע...

— צוויי—שלאָגלערלעך...

— דרייַ—דאָס אָפּזיצן איז אַוועק אַפּ אַראָפּ...

— פֿיר—און אַנדערע זייַנען נאָך אַפּ קורסן, וועלן זייַן מייַסטערס, טאָקאַרעס...

— פֿינף—וועלן מיר דען דערלאָזן, אַז די קאָנטרעס זאָלן אַפּ דער אַרבעט זייַן די ערשטע...

— און זעקס—מיט פֿוטערגעבעקס... אַלצ פֿאַר אונדז, פֿאַר די שלאָגלער...

ניט גרויס איז דער קיכל, גרויס איז דער קאָוועד, טײַער איז דער גוט וואָרט. און דערדאָזיקער וואָרט איז פארנ שלאָגלער.

און נאָר וואָס מע האָט זיך אפ די נײַע קאפילעס ארופגעקלאפט און אָנגעהויבנ אפסנײַ זייער לעבנ צוצושנײַדנ, איז ארויסגעקומענ א קאָנפוז מיט אנדריי אנדרייעוויטשנ, צוליב דער הארמאָניקע, צוליב די טאפערס: צוויי האָבנ זיך אָפגעקלייעט—א באסאָוועער און איינ אלט. ניט קיינ גרויסער איניענ, דוכט זיך, מע קאָנ זאָגנ — גאָרנישט מיט גאָרנישט: מע נעמט און מע קלייעט זיי צו, דידאָזיקע טאפערס. אנדריי אנדרייעוויטש האָט אזוי טאקע געטראכט, און באלד פונ דער ארבעט אוועק אפנ סקלאד און צום ווײַספיש־מײַסטער, צו פאדריי יעוודאָקסייעוויטשנ—עס דארפ דאָך זײַנ אפנ סקלאד קליי, געווײנלעכע גומעראביקע אפ קאנצעליארישע באדערפענישנ—צום צוקלייענ די טאפערס איז דאָס אקוראט. אזוי ווי ער איז געווענ בא דער ארבעט אפ דער דאמבע—אינ ליים, אינ ערד, דער ברעזענטענער ספעצבעגעד א צעקאָרטשעטער אפ אים מיט שמירעכצ א פארשמאָלצענע—אזוי האָט ער געגעבנ א פאָר ארופ אפנ סקלאד. מענטשנ האָבנ זיך דאָרטנ אומגעדרייט, פאדריי יעוודאָקסייעוויטש איז מיט גאדלעס אומגעגאנגענ, געצופט זײַנ ציגענע בערדעלע, געלערנט, ווי צו וויאָנדלענ די ווײַספיש, געוויזנ, ווי זיי צו צעלייגנ אינ די קעסטלעכ. אנדריי אנדרייעוויטש האָט אפ אים א קוק געטאָנ—„העג א שטיק גנירע״—און צו צו אים מיט דער ביטע זײַנער:

— אָט וואָס, סויכערל מײַנער, א ביסעלע קליי—עס גייט מיר פאָשעט אינ לעבנ. גיב עטלעכע טראָפעלעכ...

דאָ האָט פאדריי יעוודאָקסייעוויטש דערזענ דעם אלטנ באקאנטנ. ער האָט זיך אזש דערשראָקנ; ער האָט זיך דערמאָנט וועגנ דער הארמאָניקע, וועגנ ליסע קעפעלע. אָבער אפנ סקלאד זײַנענ געווענ מענטשנ. און אנדריי אנדרייעוויטשעס ספעצבעגעד איז געווענ אינ ערד, א צעקנייטשטער ספעצבעגעד, אנ איינפאכער, בא יעדנ ארבעטער איז אזא ספעצבעגעד, און ארבעטער אזוינע זײַנענ פאראנ טויזנטער—זיי אייסעקנ זיך אינ דער ערד, גראָבנ דעם קאנאל. און וויבאלד, אז אפנ סקלאד זײַנענ פאראנ מענטשנ, און וויבאלד, אז דער ספעצבעגעד איז א פארשמאָלצענער, א פאָשעטער און אוולעס אפ אנדריי אנדרייעוויטשנ איז נאָך צו דעם פאראנ אלטע, אמאָליקע פאר ליסע קעפעלע, פאר העגדלערשנ פליכ—האָט פאדריי יעוודאָקסייעוויטש אינ הארצנ א כויזעק געטאָנ:

— אהא,—אײַנגעבראָכנ דיכ, פאסקודניאק איינער... אונטערגעגעבנ זיך, מײַנ פייגעלע, צו די באָלשעוויקעלעכ, אונטערגעשניטנ די פליגל דעם ווורקאהאנ...

ער האָט א שמייכל געטאָנ און, אָנעמענדיק די פאָזע פונ א נאטשאלניק, מיט גאדלעס און הויכ ארויסגערעדט:

— כ׳האָב ניט קיינ קליי... ניטאָ בא מיר קיינ קליי־זאוואָד פאר איטלעכנ, ווער עס רײַסט זיך אָפ פונ ערגעצ, פאר יעדנ איינציקנ, קאָנ מענ זאָגנ, שירמאטש.

ער האָט נאָך געוואָלט ריידנ, אָבער ער האָט זיך פארכאפט. דערזעענדיק דעם דראָענדיקנ שאָטנ אפ אנדריי אנדרייעוויטשעס פאָנעם—א גליטש געטאָנ זיך דערדאָזיקער שאָטנ איבערנ שראמ און זיך באהאלטנ ערגעצ אונטער די געדיכטע ברעמענ פונעם אָנגעברויגעזטנ פאָנעם—הינטערווײַלעכס האָט ער זיך גענומענ רוקנ טיפער אינ סקלאד ארײַנ—ניט באקוועמ איז מיט אים, מיטנ אוואנטוריסט. אָבער מענטשנ זײַנענ אפנ סקלאד, און די מוירע איז אריבער. ער האָט א בורטשע געטאָנ:

— גיי זיך, גיי זיך... ניטאָ דאָ וואָס צו פראווענ אייסאָקימ מיט קליי גאָר...

אנדריי אנדרייעוויטש האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, ער איז אינגאנצן שווארץ געוואָרן, און ווי א פינצטערע כמארע האָט ער זיך א רוק געטאָן צום ארויסגאנג און איז פּוואָלינקע אוועק צום באראק.

ער האָט אלץ געטראכט.

און ווען די שווארצע נאכט האָט איינגעדעקט די באראקן, ווען דאָס גלייכמעסיקע כראָפּען האָט זיך געשפּרייט ביז דער הויכער סטעליע—א זיסער שלאָף האָט ארומגעכאפּט די פארהאָרעוועטע קאנאל־ארמייער, האָט אנדריי אנדרייעוויטש פאָרזיכטיק אָנגעטאָן די שטיול, ארייַנגעלייגט אין קעשענע אַ אָנגעגרייטן פארזשאווערטן טשוועק, זיך ארויסגעגאנוועט פון באראק און, ווי א שאָטן, זיך אוועקגערוקט צום סאָסנע־וועלדל, צום ברעג פון אָזערע, וווּ עס האָט זיך געפונען דער סקלאד, די רויך־קאמער און דער אסטראכאנער סויכער—דער ראָזפארביקער פליך—פאדיי יעוודאָקסייעוויטש.

קליי גאנווענע איז ער געגאנגען.

א צייַט האָט ער זיך געגאנוועט ארום די טירן, ארום די שלעסער די פּאָשעטע, געקאָלופּעט זיך מיטן פארזשאווערטן טשוועק. געקאָלופּעט און זיך געזידלט.

— מע קאָן דאָך אף אזא אויפן גאָר די מלאָכע פארגעסן... א רעכטער שלעסל וואָלט זיך ווי א ניסל אָן עפן געטאָן...

פאנאנדערגעקאָלופּעט. שטיל האָבן א ברינדזשע געטאָן די צוויי שלעסער, וואָס אפן סקלאד. ער איז ארייַן, א ריב געטאָן א שוועבעלע, אוועק איבער די טישן. א גאנצע בוטליע קליי אף איין טיש געפונען.

— צו וואָסער שווארציאָר דארף איך זי, א גאנצע...

ער האָט געזוכט מיט דער שוועבעלע א קליין פלעשעלע אף אראָפּגיסן זיך א פּאָרציע קליי. שטילינקערהייט איז ער געטראָטן, אז די דילן־ברעטער זאָל ניט א סקריפּע טאָן און דער סקריפּ פון די שטיול זאָלן אים ניט פארשיטן: הינטערן וואנט, הינטער דער איבערצאמונג, האָט זיך געהערט א שטיל כראָפּען־דאָס האָט געשלאָפן פאדיי יעוודאָקסייעוויטש, געכאָלעמט וועגן די אמאָליקע דאמפּערס, וועגן די פישער־קאראוואנעס, די אסטראכאנער, וועגן די וואָלגע־ברעגעס, געכאָלעמט וועגן דעם לעבן אף דער וואָלגע, דעם הענדלערישן, דעם ברייטן.

געכאָלעמט, און דורכן שלאָף:

— היי, דו, באָכערע־עצ...

גיט יעמאָלט א ציטער אנדריי אנדרייעוויטש, און דאָס הארץ גיט אַ נעם דורך אזא געשמאקער קאטשיקל, פון אלטן, אמאָליקן, לאנג געפילטן. דאָס הארץ האָט זיך צעכליפּעט און געניאָיעט פון דעמדאָזיקן קאטשיקל:

„עך טי, נאָטשקא, דא נאָטשקא, דא טיאָ־מנאיא“...

— נעכטעלעך, פינצטערע נעכטעלעך... פינצטערע און טהאָמיקע...

ער האָט פארגעסן אוש אפן קליי. ווען ער דען אזוינע נעכט מיט קליי מיִעס מאכן... געגעבן פרייַ א נעם פאנאנדער די אלטע אקסלען, געגעבן א גיי דורך אריבער די פּאָליצעס, איבער די ווענט, די אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן אין דער ליכטיקער שייַן פון דער שוועבעלע. אוש אין די אויערן נעמט קלינגען, וועגן יענער אלטער נעכטעלע, דער פיי־ינצטערער... דער פיי־ינצטערער און טהאָמיקער... וואָס איז דאָ ניט אלץ אָנגעוואלגערט לעבן די ווענט: קאָלדרעס אליין עפּשער עלף שטיק, און לייַלעכער, און האנטעכער, און ספּעצקליידער נייַע פאר די, וואָס פירן מיטן וואסער די פּראָדוקטן פארן לאגער... זעק צוקער און נאָך און

נאָכ פונ לאגער־שפּײַז. ער האָט זיכ אײַנגעקוקט אינ יענע קאָלדרעס. מיט א האנט פונ א באלעבאָס זײ צונויפגעלײגט אינ א הויפנ, גוט צונויפגעבונדנ אינ א פעסטנ פּאק—זײ זאָלנ זיכ ניט צעשיטנ אונ ניט אָנווערנ. פונ שפּײַז אײנס דאָס אנדערע אײַנגעפּאקט, געגר־מען אינ די הענט—אקוראט אפ צו פארטראָגנ. ער האָט זיכ אײַנגעהאָרכט צום כראָפּעג הינטערנ ווענטל אונ עס האָט זיכ אים ארײַנגעכאפּט א שמארצונג אינ די הענט. ער איז שטיל ארײַנגעגאנגענ. אָנגעריבנ א שוועבעלע. דער ראָזפּארביקער פליכ אינ אײַנגעדריקטנ קישנ האָט בלאס אָפּגעגלאנצט אינ שײַנ פונ דער שוועבעלע, די פּאנאנדערגעשפּארטע זקײנישע לעפּצנ האָבנ געגאָסנ סלינע, דער נאָז האָט געכראָפּעט מיט אנ אלטערישנ צופּײַפּ אונ מיט א כליפּ.

— המ, גנידע, זיכ צעיאכמערט. אקוראט וואָלט געווענ איבערנ גלאטינקנ מויעכל א טערע־בענטש... פּאר שירמאטש־נו, מיילע... לעב, אלטע נעווײלע, איכל מײַנע הענט ניט מיִעס מאכנ... דיר וועט אזוי אויכ קלעקנ, וועסט געדענקענ...

אינ אײנ זאכ בלויז האָט ער ניט אויסגעהאלטנ: א גאנצע בוטליע קלײ האָט ער אויס־געגאָסנ אקוראט אונטערנ קאָלדרע, אפנ קישנ, אפנ העמד אונ אפ די גאטקעס אפ די סאָכרישע.

— זאָל ער ויסנ, ווי אומזיסט צו זשאלעווענ... וועסט מיט די צײנער זיכ ארומ־הריזשענ, פּארדאָסטער גאָט דײַנער... הענ, ביוראָקראט פליכעוואטער...

ער איז אוועק הינטערנ ווענטל, פארוואָרפנ דעמ פּאק מיט די קאָלדרעס אפנ רוקנ אפּאָר מאָל א קרעכצע געטאָנ אונ איז אוועק אינ דער נאכט ארײַנ, אינ כוישעכ, שטעלנ דיק האסטיקערע טריט. ער איז אוועק אפ א זײַט פונ די באראקעס מיט געהײמע שטעגלעכ וואָס עס ווערט אפ זײ ניט געגאנגענ, דורכ וואלדגעדיכטענישנ, איבער זומפּנ, איבע־גראָע וואלונעס אונ מאָכ־פלעצער, אונטערזינגענדיק יענצ לידל וועגנ דער נעכטעלע, דער פּי־ינצטער־כוישעכדיקער אונ טהאָמיקער...

---

צוויי טעג אונ צוויי נעכט איז אנדריי אנדרייעוויטש ניט געווענ. דעמ בריגאדירס הארמאָשקע איז געלעגנ אפ דער נארע, מאט אונטערגלאנצנדיק מיט די פּאריאָסעמטע טאפּערס, אָנטראָגנדיק אנ אומעט אפ די שלאָגלערלעכ: די געוועזענע טופּטארעס, נעכטיקע פּילאָנעכ: זײ האָבנ ניט פארמאָגט אינ די הענט יענע געשיקטקײַט, יענע קענטשאפט אפ דורכצוגײנ זיכ איבער די זילבערנע טאפּערס, א קלאפּ צו טאָנ אפ דידאָזיקע טאפּערס וועגנ „יאבלאָטשקאָ“, אָנשטעלנ די פּיט אפ א פּאָלקע־קאדריל. ניט קײנ „יאבלאָטשקאָ“ איז זײ געווענ אינ קאָפּ אונ ניט קײנ קאדריל...

— דער בריגאדיר איז אנטלאָפנ... סארא מיִעסקײַט אנטקעגנ די קאָנטרעס, ווענ זײ וועלנ זיכ דערוויסנ... אנטקעגנ די ערד־קראָטנ—די באלעגופּנ—אנ אומקאָוועד...

אונ שפּעט אינאָוונט, ווענ די שלאָגלער האָבנ זיכ אויסגעבעט אפ שלאָפנ, האָט זיכ באוויזנ אינ באראק אנדריי אנדרייעוויטש ווי פונ הימל אראָפּגעפאלנ, גאָר אומגעריכט. א פרייד, א טומל... פרײלעכע הורא־געשרײענ האָבנ געדונערט. מ'איז געלאָפנ באגריסנ—אונ געבליבנ שטײנ אָפּגעהאקט. שיקער איז ער געווענ דער בריגאדיר. אנ אָנגעדרודלטער, די גראָע פארב פונ די באקנ איז געווענ אומבאוועגלעכ. ער איז געווענ ניט ראזירט, מיט צעפּאטלטע האָר, די לאטעס פונ זײַנ ספּעצבעגעד האָבנ זיכ אומגעוואָרפנ—צעקאטעוועט אפ אש איז געווענ זײַנ פּאָשעטער ספּעצבעגעד, דער ברעזענטענער. אפּאָנעמ, ער האָט

זיכ אינ וואלד געטוליעט, געריבנ זיכ אינ האליאָ, געקראָכנ דורכ קוסטעס, דורכנ געדיכטנ וואלד. ער איז אומגעגאנגענ צווישנ די נארעס, זיכ געוואקלט, געכאפט זיכ מיט די הענט פאר די קוואר־העלצער פונ די נארעס, געקאעסט אפ אלעמענ:

— היי איר... אינ גאָט איַכ. אינ קריסטוסנ, אינ גאָטס מאמענ... דעמ וועג לאָזט א וועג דעמ בריגאדיר...

אונ אזוי ווי ער איז געווענ, ניט קיינ אויסגעטאָנענער, אינ די שטיוול, האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ אפ דער נארע. ער איז אנטשלאָפנ געוואָרנ מיט א קרענקלעכנ שלאָפ. ער פלעגט זיכ אופכאפנ פונ שלאָפ, באַלבענ: וועגנ דער הארמאָשקע, וועגנ קליי, וועגנ ראָד־פארביקנ פליכ, וועגנ עלפ קאָלדרעס פונ לאגער...

די „איידעלע האָדעוואניע” האָט כויזעדיק געשמייכלט, אונטערגעשעפטשעט:

— די קאָלדרעס, אפאָנעמ, האָט אונדזער קאָמאנדיר געלאקכנט. זײַנע הענטלעכ האָבנ זיי ניט אויסגעמיטנ...

פונ די נארעס, פונ די ווינקלעכ האָט מענ א ברומ געטאָנ:

— שטילער, פערע־אָדאָמ... דעמ פיסק האלט...

באהאלט זיכ די „איידלע האָדעוואניע” אפנ נארע שטילט זיכ איַינ.

אונ אינדערפרי, באגינענ צו טאָגנ, האָט זיכ אנדריי אנדרייעוויטש אופגעהויבנ פונ נארע, איז ארויסגעגאנגענ אפנ הויפ צומ בלעכענעמ האנטפאס. א צײַט האָט ער זיכ גע־וואשנ אונ געפוצט, איַינגעלייגט די צעפורלטע האָר, אויסגעגלעט די ברעזענטענע הויזנ אפ א סאָסנאָווער שײַט האָלצ—געסטארעט זיכ אלצ איַינצולייגנ דעמ קנייטש. אָפגעוואשנ די שטיוול מיט קאלט וואסער פונ בלאָטע אונ פונ זומפיקנ קויט. ער האָט זיכ געפוצט, געגרייט צו עפעס וואָס. אונ לאנג ווארטנ איז אימ ניט אויסגעקומענ. מע איז געקומענ, באפוילנ צו גיינ אונ אוועקגעפירט אימ מיט א קאָנוואָי.

אונ אפ דער אויספאָרשונג האָט ער דערקלערט אָנ פיל מאכזאָקעס:

— נו, וואָס, איכ בינ געקומענ זיצנ, כאווער נאטשאלניק... פאר עלפ קאָלדרעס, איינ קעסטל ווײַספיש אונ א פעקעלע צוקער ניט קיינ אָפגעוויגענע... אונ נאָכ פארנ אָפגע־נארטנ צוטרוי.

אונ אָנ לאנגע מאכזאָקעס האָט ער זיכ געזעצט.

אוועקגעזעצט האָט מענ אנדריי אנדרייעוויטשנ הינטער פאָשעטע איַיזערנע גראטעס פונעמ איזאָליאטער.

די הארמאָניקע האָט מענ אָפגענומענ.

---

זיצט אנדריי אנדרייעוויטש.

דעמ ווינפלטנ טאָג זיצט ער. עס ווילט זיכ ניט זיצנ אזוי, עס ווערט דערעסנ. אליינ מיט א וואָרט איבערוואַרפנ זיכ—ניטאָ מיט וועמענ.

אונ אונטערנ פענצטער איז א שווארצע נאכט, עס הודזענ אונ וואָיענ די הארבסט־ווינטנ. א זאָלקעקײַט איז אינ זיי אונ א קעלט, דער קאלטער אָטעמ פונעמ נאָענטנ ווײַסנ יאמ. אינ טונקל פונ דער נאכט דוכט זיכ, אז אָט־אָט איז ער, הינטערנ סאמע וואנט, הינטער דער שווארצער שײַבל — אָטעמט ער, צענעמענדיק זײַנ מעכטיקע ברוסט, פליט אָנ מיט ברומענדיקע, שוימיקע כוואליעס, אונ פונ זייער ווילדנ טראָג פליִענ געזאלצענע שפריצנ, צעשיטנ זיכ אינ איַיזיקע שפליטערס איבערנ דאכ, איבער די ווענט. דאָס רײַסט דער ווינט אראָפ די נאָדלענ פונ די נאָדל־ביימער, שפרייט זיי, שיט זיי אפנ שווארצנ גלאָז, דעמ

פײַכטן, אָנגעשוויצטן. אָט־אָ, וויפל עס פליִען אָן אף דעמדאָזיקן שײַבל שטעכיקע נאָדלען און אָפגעפאַלענע בלעטער, שוואַרצע, פאַרגעלטע.

און צופאַלנדיק מיטן הייסן שטערן צום קאַלטן גלאָז, סטאַרעט זיך אַנדריי אַנדרייעוויטש צונויפצונעמען זײַנע געדאַנקען אין איין הויפן. זיי שווינדן אָבער, צעשיטן זיך ווי מיט אַ שפּיציקער נאָדל דראַפּען זיי דאָס האַרץ...

... איינס נאָכן אַנדערן גייען דורך פאַר אים די יאָרן, די דורכגעלעבטע. וואָס אַ יאָר — אַן אָפּגעפאַלענע בלאַט, אַ פאַרגעלטע. און דאָס גאַנצע לעבן — אָסיענדיקע זשאָלקעקײַט שטעגלעך וואַקלדיקע, אָפּגעטראָטענע טורמע־שוועלן, די צאַרישע טורמע־וואַנצן זײַנען כאַוער־לאַפּ, דער שטינקעדיקער שימל פון די טורמע־נאַרעס און דער אייביקער — יאָר־אײַן, יאָר אויס איין און דערזעלביקער געדאַנק: אָט־אָט וועל איך זיך אַרויסרײַסן, אַן אָטעם טאָן מיט פרײַקײַט און דעמלט וועל איך דאָס אַ לעב טאָן. אַרויסגעריסן זיך. אַף עטלעכע וואָכן, אַף צענדליקער טעג. און שווער האָט געאָטעמט די קורצע פרײַ — מיט איבערגעברענטן בראַנפן, מיטן טשאַד פון צעיושעטער צעלעבטקײַט, מיט אָפּגעליאַקירטער שיינקײַט פון אָפּגעליאַקירטע מיידלעך, מיט ווילדע צעהוליעטקײַט פון טויטשלעגער.

פון די טורמע־גראַטעס און פון דער קורצער פרײַ האָבן די אויגן אָנגעוואָרן זייער אַמאָליקן גלאַנץ, אַ גראָע בליִונג האָט זיך אַרײַנגעפלאָכטן אין די האָר. דער רוקן האָט זיך אײַנגעהויקערט, דער גאַנג איז געוואָרן אַ פאָרזיכטיקער, — די פיס האָבן אָנגעוואָרן די אַמאָליקע בויגעוודיקע פעסטקײַט, ניט קיין פיס — ספּרונזשינעס זײַנען עס געווען, ווען ער פלעגט אַנטלויפן אין פינצטערער נאַכט פון די טורמע־אויפפאַסערס און טורמע־שוועלן. הײַנט נאָיען די פיס, שווערע, אָנגעבראָנייעטע. און ווען זי איז אָנגעקומען — די רעוואָליוציע, ווען די שטעגלעך אין טורמע אַרײַן זײַנען שמאָל געוואָרן, עס זײַנען שמאָל געוואָרן די פינצטערע טורמע־טירן, איז שווער געווען אַוועקצוגיין פון די פאַרדרייטע, צוגעוווינטע שטעגלעך אַף די אויסגעגלײַכטע מענטשלעכע וועגן אַרויף, אַף די נײַע ראַכוועסן פון דער נײַער ערד. די פיס האָבן געהאַט זייער אַלטן גאַנג, פונקט אַזוי גאַנג האָבן אויך געהאַט די אַלטע געדאַנקען וועגן דער וועלט, וועגן די מענטשן — אַלע זײַנען זיי גאַנאָווים, די גרעסטע זייערע גיט מען אָפּ קאָוועד, די פלינקסטע פירן די וועלט. מיט וואָס בין איך ערגער פון זיי — אַ קלענערער גאַנעוו. די פאַרדרייטע שטעגלעך האָבן געבראַכט צו פירן קיין סאָלאָווקי. אַפן קאַנאַל מיטן ווײַסן יאַם געבראַכט צו פירן. און דאָ איז ער אַראָפּ פון די אַלטע צוגעוווינטע קלעצלעך. ער האָט זיך אַלץ געהאַלטן אַף זיי, אַף די אַלטע, צעפוילטע. האָבן זיי זיך אײַנגעבראָכן.

עפּשער האָט דער באַיאַן אונטערגעפירט — צוליב זײַן שוואַכקײַט צו האַרמאָשקעס איז אַנדריי אַנדרייעוויטש ניט בײַגעשטאַנען אַנטקעגן אים, ער האָט דאָס געהאַלטן פאַרן איינציקן נאַכעס זײַנעם אין לעבן און האָט געקאָנט מיט די זילבערנע טאַפּערס אַרויסקוועטשן אַ טרער אַף פאַרווילדערטע פּנעמער, פון שטיינע אויסגעהאַקטע הערצער צעשמעלצן אין רירונג, אָנצינדן זיי מיט מענטשלעכע פרייד. די האַרמאָניקע האָט אים אָפּגעטאָן דעם שפּיצל. און עפּשער ניט די האַרמאָניקע. איידער די זילבערנע טאַפּערס איז געווען דאָס מענטשלעכע וואָרט אַ וואַרעמע, אַ מיטפילנדיקע. קיינמאָל פריִער האָט ער אים ניט געהערט דער אַלטער גאַנעוו אַנדריי אַנדרייעוויטש. און ער איז אַוועק אַף דער אַרבעט און געפירט נאָך זיך די שלאַכט־פאַלאַנגע, צוליב דער האַרמאָשקע איז ער געגאַנגען. בלויז אַ שלאָגלער האָט געהאַט רעכט אַף די זילבערנע טאַפּערס אירע.

און ווען ער האָט זיך געשטעלט אַף דער אַרבעט, איז פון די אויגן אַראָפּגעפאַלן דאָס

אַלטע, אָנגעטראָגענע. ער האָט דערזען די װעלט אַפּ א נײַעם אױפּן. און דערװוּסט האָט ער זיכ—ניט אַפּ גאַנאָװים האַלט זיכ די װעלט און ניט זײ רעגירן אין הײמישן לאַנד. און קײן שום װעגן האָט ער ניט אַנדרײ אַנדרײעװיטש, דער קלענסטער גאַנעװ אַמאָל, און איצט, קומט דאָס אױס, דער גרעסטער... סײַדן אַפּ דער אַרבעט... דאָרטן איז ער דער ערשטער מענטש, דער רומפּולסטער בריגאַדיר, זײַן װאָרט האָרכט מען מיט דערעכערעצ... מ'איז זיכ מיט אים מעיאַשעװ... אַזא דאַמבע אױפגעשטעלט... און ס'אַרא װוּנדערלעכע זאַכ: דובאָם האָט זיכ געשטעלט די זומפּיקע אָזערע, דערהײבן אירע כװאַליעס העכער פון די שלאַנקע סאָסנעס, און איבער די סאָסנעס, איבער די שפּיצן זײערע שװימען שיפן, אַזש ביזן װײַסן יאַם גײען די שיפן. און מיט זײַן האַנט איז דידאָזיקע אָזערע געשאַפן געװאָרן, ער האָט דאָס אױפגעהױבן די דאַמפּ־שיפן העכער פון די שלאַנקע סאָסנעס, געװיזן זײ דעם װעג דעם גלײַכן אין יאַם אַרײַן.

א טיפע אָזערע, א שטורעמדיקע. עס גײט א קאַנאַל פון איר ביזן װײַסן יאַם.
און זי איז נאָכ טיפער. קײן ברעגעס אַפּ איר, אַפּ דער ראַכװעסדיקער, זעען זיכ ניט...
און דרײַ טראָפּעלעכ קלײ...

גאָר און גאָר דרײַ טראָפּנס. און װי האָט ער זיכ אַפּ זײ אױסגעגליטשט, ביז צו א ברענענדיקן װײטיק אין האַרצן, אָט פּונקט װי מע װאָלט דאָרטן א ריפע געטאָן מיט א טעמפּן מעסער, א צעשטשערבעטן. ער האָט זיכ אַזש צונױפגעצױגן אינגאַנצן און אָפּ־געזיפצט. געװען דערדאָזיקער זיפצ א טיפער, א לאַנגער. ער האָט זיכ אַזש דערשראָקן. ער האָט דערפילט, װי עפּעס װאַרעמעס האָט אָנגעגאָסן דעם שראַם, איז דורכ איבער דער ניט געגאָלטער באַק, האָט עפּעס א קאַטשיקל געטאָן און פאַרקװעטשט אין האַלדז. ער האָט זיכ האַסטיק געגעבן א כאַפּ אַראָפּ פון נאַרע, צוגעדריקט זיכ צום פענצטער און געבױערט מיט די אױגן דעם נאַכטיקן כױשעכ, װאָס האָט געשאָסן מיט נאָדלען, מיט אָפּגעפאַלענע בלעטער, מיט האַרבסטיקער זשאָלקיקײַט, מיט נאַסקײַט,

— װען איכ... זיצן די הענט צונױפגעלײגט, אונטערפּירן א מענטשן... נײן, עס װעט אַזױ ניט זײַן... װײַטער אַזױ איז ניט מעגלעכ...

ער האָט זיכ אינגאַנצן געגעבן א ציִ אָן. די האָריקע הענט האָבן זיכ געגעבן א לײג אָן אַפּ דעם דינעם אײַזנדל, מיטן פלײש אַרױסגעריסן פון ראַם. זי האָט געגעבן א קנאַק און נאָכגעגעבן. שטיל האָט א קלונג געטאָן די גלאָז, איז אַראָפּגעפאַלן און זיכ צעשאָטן אַפּ דרערד. דער שאַרפער װינט האָט געריסן די פּאַטלעס האָר, אָנגעטראָגן א קעלט אַפּן פּאָנעם, געבראַכט אין אָרדענונג די געדאַנקען.

דער שװערער קערפּער האָט זיכ געגעבן א װאָרפּ אַריבער איבערן פענצטערברעט, און דער מענטש איז פאַרשװוּנדן געװאָרן, אײַנגעשלונגען פון װינט און כױשעכ. אַנטקעגן איז געגאַנגען א װאַלדיקע האַרבסטלעכע פורגע, פון בלעטער, פון נאָדלען. מיט מױרעדיקע קוילעס האָט זי געהודזעט אין די שפּיצן פון די נאָדלבױמער, האָט זיכ װילד געװאָרפן אַפּ די ברײטע שטאָכים פון דער אָזערע, א שלײַדער געטאָן דובאָם די שװאַרצע כװאַליעס, און זײ האָבן מיט א הודזערײַ, מיט א דונער זיכ א װאָרפּ געטאָן אַפּן שוים באַגאָסענעם ברעג און אָפּגעקאַטשעט זיכ אַפּ צוריק, קעדײ זיכ צו צעשמעטערן אָן די אַנטקעגנדיקע כװאַליעס. די פורגע האָט געשלײַדערט אין די אױגן, אין צעכראַסטעטן האַרצ הױפנס שאַרפע נאָדלען און נאַסע בלעטער, האָט אײַנגעבױגן די בױמער און צוגעדריקטע האָבן זײ געהודזעט, װי סטרונעס, און אין אָט דער הודזערײַ האָט זיכ געהערט די שטרענגע און דראָענדיקע װאַלד־מוזיק.

ערגעצ האָט א ברומ געטאָנ א בער, געשטערט דורכנ פליִענדיקנ האליאָ, אונ דער ברומ זײַנער האָט זיכ דורכגעקײַקלט אינ קורצע אָפּהילכנ, וועלכע זײַנענ פארשלונגענ געוואָרנ דורכ די טיפע טאָלנ, דורכ די ווייכע מאָכ־זומפּנ, דורכ די דובאָמ־געשטעלטע כוואליעס פונ דער אָזערע.

דער מענטש איז האסטיק געלאָפנ, אונטערגעיאָגט פונ דער פורגע, פונ די נאכט־שרעקנ, פונ די פארטויבטע וואלדקלאנגענ, די כײַעשע.

---

דער פינצטערער שלייער האָט זיכ אראָפּגערוקט פונ די פענצטער. אינ זיי האָט זיכ פאנאנדערגעגאָסנ די גראָע דורכזיכטיקײַט פונעמ באגינענ. מע האָט דורכ זיי געזענ די גראָע נעפּלענ—זיי זײַנענ געשוווּמענ איבער די טאָלנ, זיכ געקנוילט איבערנ טײַכל, איבער די ברעגעס פונ דער אָזערע. פינצטערע מאסיווּנ סאָסנע אונ טענענבוימ זײַנענ ווי גע־שווּמענ אינ דעמדראָזיקנ נעפּל, הויכ דערהויבנדיק צעפּודלטע קעפּ אינ דער זשאָלקעקײַט אונ קעלט פונעמ אינדערפריִיִקנ הימל.

עס האָט זיכ אופגעוואכט דער בארג מעדוועזשאיא, פארהילכט געוואָרנ מיט טומלדיקע קוילעס. די לאגערניקעס זײַנענ געגאנגענ אפּ דער ארבעט: אינ די ווארשטאטנ, אפּ טרײַבנ געהילצ, אפּ וואלד־ארבעטנ. רופנדיק, האָבנ געהודזעט די הודקעס פונ דער זעגמיל, עס האָבנ די צוגנ אפּ די סטאנציעס געבראזגעט מיט די בופערס, אונ עס האָבנ זיכ איבער־גערופנ די לאָקאָמאָטיווּנ.

א מענטש איז געזעסנ באמ טיש, אנ אָפּגעריסענער, אנ אָנגעדרודלטער. מאָל נאָכ מאָל האָט ער א פיר געטאָנ איבערנ פּאָנעמ, איבער די צעפּודלטע האָר מיט דער ברייטער האנט, פונקט ווי ער וואָלט אָפּטרײַבנ פונ פּאָנעמ די שלעפעריקע ווארעמקײַט, וואָס האָט אימ גענויגט צומ שלאָפּ, צו אָפּרו. ער האָט זיכ צוגעהאָרכט צו די פײַפנ פונ די לאָקאָמאָ־טיווּנ, אונ דעמלט האָט זיכ אפּ א וועלכער עס איז רעגע זײַנ אונטערזעציקע פיגור אויס־געגלײַכט, דער בליק פונ די אויגנ איז ליכטיקער געוואָרנ—פעסט געוואָרנ, שטעכיק. אינ דיזאָזיקע פײַפנ איז געווענ א גרויסע אונ א מוירעדיקע קראפט—די לאָקאָמאָטיווּנ זײַנענ געקומענ פונ ווײַט, אומענדלעכ זײַנענ געווענ זייערע שליאכנ—צומ ווײַטנ היימלאנד האָבנ זיי געפירט, צו דער פרײַ. צו דער ווײַטער פרײַ.

— איז ווי איז דאָס? וואָס וועלנ מיר טאָנ?

דער מענטש האָט געהערט די פראגע אונ האָט זיכ ניט געײַלט מיט אנ ענטפער. ער האָט אלצ געקליבנ בעסערע ווערטער, זיי זאָלנ זײַנ אי טיפערע, אי ווייכערע, עס זאָל זײַנ אינ זיי א גרויסער עמעס, אז די ווערטער דידאָזיקע זאָלנ צו זיכ ארויסרופנ א טיפנ גלויבנ. דעמ מענטשנ האָט זיכ געוואָלט דערציילנ וועגנ א ווונדערבארנ לעבנ, וועגנ א גרויזאמענ עמעס, וועגנ זילבערנע טאפערס פונ א הארמאָניקע, וועגנ שלאָגלערײַ אונ אומדערהערטע פראָצענטנ... אונ וועגנ דרײַ טראָפּעלעכ קליי...

אונ נאָכ האָט זיכ דעמ מענטשנ געוואָלט דערציילנ: וועגנ א נאכט אינ וואלד, וועגנ א מוירעדיקער פורגע, וועגנ וואלד־קוילעס, כײַעשע... וועגנ געווילד־שטעגלעכ אונ וואלד־וועגלעכ... אונ וועגנ יענע שפּורנ, וואָס גייענ נאָכ צומ מענטשלעכנ הארצנ... גייענ אונ ווערנ פארשווונדנ... עס ווערנ פארטראָטנ די אלטע געווילד־שטעגלעכ, אונ אפּ זייער אָרט שטייענ אופּ אויסגעטראָטענע מענטשלעכע וועגנ... וועגנ א דאמבע האָט ער געוואָלט דער־ציילנ, וועגנ א טיפנ קאנאל...

דערציילנ האָט זיכ דעמ מענטשנ געוואָלט. אונ די ווערטער זײַנענ ניט געקומענ,

געווען זײַנען זיי גליטשיקע, ווײַטע, צעהויקערטע ווערטער און צעדריפּעטע. ער האָט דעריבער בלויז געזאָגט:

— דאָס האָב איך דאָך די קאָלדרעס צוגעלאַקכנט... עלף קאָלדרעס צוגעשלעפּט.. געווען איז דאָס מײַנ אײַסעק און מײַנ אינטערעס...

— נו?

געווען אופמערקזאַמע די אויגן באַם כאַווער פירינ. אופמערקזאַמע און טיפע. געזען האָבן זיי ווײַטער פון די קאָלדרעס, עס האָבן דידאָזיקע קאָלדרעס ניט פאַרשטעלט די כײַעשע שפּורן און די מענטשלעכע וועגן. און געבנדיק שטרענג א צי ארופ די רעכטע ברעמ, האָט ער נאָכאַמאָל א פרעג געטאָן:

— נו, איז וואָס־זשע? דערצייל... ביסט אנטלאָפן, קענטיק... פון איזאָליאַטער?

— אנטלאָפן... מ'האָט געוועזט אוועקגעזעצט...) און די הארמאָשקע צוגענומען... א שלאָגלער בינ איך דאָך געווען... און אָט... דרײַסיק וויאָרסט האָב איך אָפּגעבאַראַבאַנעוועט פאַר דער נאַכט, צו אײַך געלאָפן, אפ מערוועזשיע־בארג, קעדיי דערציילן וועגן אלץ... מיט קיינ שליאַכ בינ איך ניט געגאַנגען, מע זאָל מיך ניט כאַפּן... געגאַנגען ארום מיטן וואַלד און איבער די בלאָטעס... איך קאָן ניט מער זיצן, איך קאָן דאָס ניט אויסהאַלטן מער. און מיט די קאָלדרעס בינ איך בעעמעס שולדיק... אלץ איבער דעם פאַרגילדטן פּעמפּער, געזשאַלעוועט אָן א טאָלק, ביוראָקראַט פליכעוואַטער... נאָך קליי בינ איך דאָס געקראָכן אינ סקלאַד... און אָט—האָב איך זיך אריַנגעקלייעט..

א קוים באַמערקבאַרער שמײַכל איז אריבער איבער כאַווער פירינס פּאָנעם.

— אזוי, אזוי, אנדריי אנדרייעוויטש... און וואָסער שוואַרציאָר האָט דאָס דיר די פיס פאַרפלאָנטערט...

א צײַט האָבן זיי נאָך גערעדט. וועגן דער דאַמבע, וועגן שלאָגלער, וועגן טרײַבנ געהילץ. און דעמלט האָט דער נאַטשאַלניק פון לאַגער, כאַווער פירינ, געזאָגט:

— איז אָט וואָס, אנדריי אנדרייעוויטש... קעדיי ניט אומזיסט צו קלאַפּן די פיס, נא דיר אָט א צעטעלע און האַק אוועק אפן אָזערע, דער דעזשורנער קאַטער גייט אָפּ אפן קאַנאַל אינ א שאָ ארומ, וועט ער דיך מיטנעמען. פאָר צוריק, שטעל זיך אפ דער ארבעט, קאָמאַנדעווע מיט דײַנע שלאָגלערלעך. און אָט וואָס נאָך... דו האָסט עפּעס אמאָל גערעדט וועגן קורסן... אינ א וואָכער וואָכ ארום וועט מען דיך קאָנען צונעמען אינ מעכאַנישן וואַרשטאַט, וועסט בעסער צו פּאַסן די הענט צו דער ארבעט, וועסט ווערן א מײַסטער... און איצט גיי... די הארמאָניקע... וועסטו באַקומען צוריק—איכל איבערגעבן דורכן טעלעפאָן. א גוטן...

פונקט ווי אונטערגעכאַפּט אפ פליגלען איז אנדריי אנדרייעוויטש געפלויגן פון בארג מעדוועזשאַיאַ אפ אראָפּ צו דער אָזערע, צום האַפן־פּלאַץ. הויכ איז אופגעגאַנגען די זון, און א ריינע, א ליכטיקע—נאָכ די אינדערפרײִקע טוי און נעפל—האָט זי זיך צעשאָטן אינ מיליאָנען זוניקע כיינדעלעך אפ די שטילע כוואַליעס, אפ דער אײַנגעשטילטער פלאַכקײַט פון דער אָזערע. די אומבאַגרענעצטע וואַסער־שטאָכים האָבן געאָטעמט מיט מאַיעסטעטישער רויִקײַט, מיט א צאַפּלדיקער זילבערפארביקער שפּיגלדיקײַט האָבן זיי זיך צונויפגעגאָסן מיטן ווײַטן הימל, און דידאָזיקע שפּיגלדיקײַט האָט געברענט אינ אַנ אומדערטרעגלעכנ בלענדנדיקן גלאַנצ.

אינ זוניקן גלאַנצ.

פון ווײַסרוסיש—ד. מאַרשאַק.

ל. קוויטקאָ

# באַלעגופּ

(פונ ראָמאַנ „יוּנגע לייעס“).

— ער קריגט זיכ, דער יוּנגע,
אונ קריינענ ער רייצט:
קריינ אונ קלימענקאָ
מיט סינע פארפלייצט.
זיי פרעסט די נעקאָמע,
זיי טרייסט דער מאָמענט,
ווענ יוּנגע וועט גויסענ
אינ זייערע הענט. —
אינ גאסנ אים שלעפּנ,
אפ נאָדלענ געשפּרייט,
— ער גייט מיטנ שטעקנ,
דער יונג, אינדערברייט!
— ער מישט זיכ, ער נישטערט,
באפעלט, ארעסטירט. —
— דעמ האנדל, דעמ מיסכער
צומ אומקומ ער פירט.

די כאָשעװוסטע װארפט ער
פונ מויערס ארויס,
אונ ביידלעכ, אונ ארבעטער
זעצט ער דאָרט אויס.
— אונ וויל זיכ ניט רעכענען,
אונ ס'העלפט ניט קיינ רייד.
— ער גייט מיטנ שטעקנ
דער יונג, אינדערברייט!
ס'האָט קריינ מיט קלימענקען
געשלאָסנ א בונד,
אונ אייליקנ וועט אימ
דאָס בלוט פונעמ הונט.
סע וועט ניט פארליידנ
די וועלט אזא שאנד,
אז מ'שטיינס געזאָגט,
קנעכט, זאָלנ פירנ דאָס לאנד!

---

עס שטעלט זיכ א מארק,
וואָס איז פאר א מארק?
פורנ פונהינטנ, פונפאָרנט,
פונ בארג.
דורכ בריקנ, אפ שליאכנ,
אפ סטעזשקעס, אפ גראָז,
מיט וואָגנס, פורגאָנעס,
צו פערד אונ צו פוס,
אלע אינ שטאָט, צומ ראטהויז,
צומ גרייז, —

פונ מענטשנ אונ פערד
אונ וואָגנס א קרייז.
א פלאָנטער פארפלאָכטנ
אינ אומקלאָרנ ראש.
מיט אָנזאָג אפ אומרו,
האריגע, מישמאש.
דער מארק נעמט ארומעט
דעמ טאָטערשנ סקלעפּ
ווו ס'פוילנ אונ גרוילנ
געפּאלענע קעפּ,

פונ אלטע מילכאָמעס,
אונ קלויסטערשנ גרויל, —
דער מארק נעמט ארומעט
דעם גרויליקנ הויל.

טאָרבעס צעבינדנ זיכ,
ברויטנ געשמאקע,
ווי פויערשע שטערנס
גידריק געבאקנ.
קניפּיקעס שנײַדנ
די קאָרענע רײַפּטנ,
אונ סאלע ניט שמעלער,
מיט ראָזעווע שטרײַפנ.
פונ מײַלער צו מײַלער,
א ליימיקער קריגל,
מיט ביטערנ טראָפּנ
די מײַלער זיי זיגלט.
א שווײַגנדיק־פינצטערער
פרעסנ אונ זופנ. —
אינ מארק א צוזאמענפאָר
פונ באלעגופנ.

דער אָנפאָר, דער אוילעם, —
דעם ראטהויז דערמאָנט עס
די בלוטיקע יאָרנ
פונ גרויזאמענ גאָנטע.
בעהאָלעשער פלאָנטער
אונ פענעמער שטומע,
זיי וועקנ באם ראטהויז
די צײַט פונ מעהומע.
די וואָגנס, פורגאָנעס
מיט רעדנעס פארדעקטע.
— וואָס שטעקט אונטער רעדנעס?
מעסערס פארשטעקטע?
מעסערס געשארפטע
פאר העלדזער, פאר בײַכער?
— ניטאָ מער קיינ שליאכטע,
ניטאָ מער קיינ רײַכע!
די ארבעטער האָבנ
די רײַכע צעריבנ,

דער אוראלטער ראטהויז
קוקט דערופ וויסט —
סע שטעלט זיכ א מארק־טאָג
אזא נישט אומזיסט.

---

אליינ די באפעלער
אינ שטאָט דאָ פארבליבנ,
אונ יוינגע אוועקגעשטעלט
פירנ די ראָד:
יוינגע פונ טאָל —
דעם טאָקער פונ „טרוד“.

— זאָגט, קענג יוינגע
די מעסערס פארשטעקטע? —
פאר יוינגעלעס האלדז
וועט אײַנ מעסער קלעקנ
צי אלעמענס מיינט איר,
די ארבעטער־העלדזער! —
ווייסט זשע, פארמישפּעטע,
אײַכ וועט ניט העלפנ. —
די ארבעטער ווערנ
צו הערשנ בארופנ! —
וואָס ווילט איר, וואָס קומט איר,
איר דאָרפ־באלעגופנ!

אינ ענגשאפט, באם ראטהויז,
פאר פערד אונ געשטעלנ,
ארבעט א רעשטל
פונ קלעזמער־קאפעלע.
עס האָט די כאוורײַע
אינ קאנט דאָ געשעמט, —
א רעשט פונ איר שפּילט דאָ
צום וואנט־צוגעקלעמט.
א כאסענע־פידלער,
א כופּע־פּאגאָט,
א קאָנטראבאס־שוויגער: —
א טריאָ צושפּאָט.
סע הערנ די פערד,
די אויערנ געשפּיצט,
די דאָרפ־באלעגופים

קײַען פארשוויצט,
גלײַכגילטיק קײַען,
קאלטבלוטיקע רייד.
סע בײַטן די קלעזמער
דעם טרויער אף פרייד.
און ווידער באם הארץ רײַסט,
און ווידער א פרייד.
די פויערים קײַען
גלײַכגילטיקע רייד.
עס ברעכן באם פידלער
דיביינער שוין לאנג,
ארויסרײַסן מוז ער
דעם גראָשיקן דאנק.
ער פײַניקט דעם פידל
מיט פײַן וויגט זיך אום:
די פויערים קײַען
פארגליווערט און שטום.
דער קליינער פאגאָטניק
די אויגן פארקלערט,
געהויבן דאָס קעפל
שפילט גלײַך צו די פערד.
דער דריטער נאָר, איינער,
ער לינדערט זײַן נויט:
סע פרעסט קאָנטראבאס
מיט די אויגן דאָס ברויט
איינער נאָר, ער,
האָט האנאָע, ער עסט,
ער שלעפט מיט די אויגן
פון טאָרבעס דעם פרעס.

ווער האָט באפוילן
די קלעזמער פון בארג, —
צו שטעלן זיך שפילן
אין פערדישן מארק?
די צײַט האָט באפוילן?
די נויט זיי געשיקט? —
קיין קלעזמער־קאפעלע
ניטאָ מער, — צעפליקט.
די כעוורע בארימטע
אין יידישער וועלט, —
די קלעזמער קאפעלע
זי האָט זיך געפעלט.
צו כאסענעס רײַכע
געקומען א סאָף:
מע רופט ניט קיין קלעזמער,
מע רופט ניט קיין ראָח.
די גווירים צעטריבן,
א בראָך איז צו זיי,
און אָרימע כאסענעס
מאכט מען איינס־צוויי.
ערגעץ פארשרײַבט מען,
אין עפּעס א בוך,
אָן קלעזמערשע קונצן,
אָן „גילדענער יוך“!
די קלעזמער־כאווריײַע
האָט גווירים געדינט, —
איצט גווירים צעריבן —
די כעוורע צערינט:
ווער בא די רויטע,
ווער בא די ווײַסע,
אין פאָלקן־אָרקעסטרעס
די קישקעס זיך רײַסן,
ווער ס'האָט געמיטן,
ווער ס'האָט געביטן
די פויק אף א קו,
די פלייט אף א שליטן.
ווער ס'א „מישאָטשניק“,
ער, דער קלארנעט
ז'געוואָרן א „טאָלטשאָטשניק“.
דער פויק האָט געגליקט:
אין אָרקעסטער אין פארק. —
דער גרויסער טרובאטש —
שטייט מיט קערלעך אין מארק.
עס האלט זיך נאָר איינציק
דער טריאָ צו שפּאָט:
פאראקשנטער פידלער,
קאָנטראבאס און פאגאָט.
סע גלוסט זיך ניט שיידן
מיט רום פון אמאָל,
דאָס הארץ סע צערײַסט זיך,
סע שרײַט אף א קאָל,
מים ברום, מיט געבייזער,

מיט קוויטשיק געווינ:
נאָר סטרונעס פארשטייענ ניט
דעמ מענטשלעכנ מיינ,
זיי שפּילנ זיכ זייערס,
פונ זאָרגלאָזע יאָר, —
גוירישע כאסענעס
שפּילנ זיי גאָר: —
פּליושנס אונ זײַדנס,
אונ גאָלדענע יויכ
גוירישע פריילעכס,
צו האָפּקענ דעמ בויכ.
מאשקאָעס, קרעדענצנ,
געבראָטענע גענדז,
גוירישע קינדער
אינ שיקערע טענצ,
טוצנווײַז פריילעכס,
געדרייט מיט א טאָלק: —
ס'זאָל קענענ פארשווינדנ
דאָס נײַע פאָרפאָלק
פונ זאַל מעכוטאָנימ
אונטער א שלאָס, —
שיסט מענ מיט פריילעכס
א שאָס נאָכ א שאָס.
אזוי האָבנ קלעזמער
אמאָל דאָ געשעמט,
איצט שפּילט מענ אינ מארק
צו דער וואנט צוגעקלעמט.

דאָס הארצ אז סע רײַסט זיכ,
הייסט עס, סע גלוסט —
אומקערנ גלוסט עס
צוריק דעמ פארלוסט.
הייסט עס פארוואנדלענ
די ניכטערע וועלט:
אָט דאכט זיכ זיי שפּילנ
אינ כאסענע־צעלט:
די דאָרפ־באלעגופימ,
די וואָגנס, די פערד,
דאָס זײַנענ מעכוטאָנימ
געקומענ אהער,
א כאסענע פראווענ. —
נאָר פראווענ וואָס הייסט! —
מיט פרעס אונ מיט זויפ,
אונ מיט ברעכנ געפעס.
אונ קלעזמער געשפּאנט,
זײַנענ פלאצנ ניט קראנק: —
מעכוטאָנעמ, נעמט טיילנ
דאָס דראָשע־געשאנק!
די רעדנעס ארונטער!
פונ וואָגנס דערלאנגט, —
דער כאסענע גרויסער
דאָס בלוטיק געשאנק!

(סאָפ קומט).

י. ראבינ

# דער וועג צו פײַוולס טאכלעס[1]

## 1

פארטאָג.

אינ יורזיקע אונ סלאָבאָדקע איז שוינ דערגאנגענ דער ערשטער אויסגעצויגענער פײַפ פונ דער טאבאק-פאבריק.

די סאָבאָרנע, די קופעטשעסקע, די זאמקאָווע דרעמלענ נאָכ אינ דער פארטאָגיקער שטילקײַט. די הײַזער רוענ, די מענטשנ שלאָפנ. פונ די טויערנ באווײַזנ זיכ די ערשטע וועכטער מיט ווײַסע פארטעכער, מיט בעזעמער אונ רידלענ אונ נעמענ פוצנ די שלאָפנ-דיקע באסנ.

אינ יורזיקע רויכערנ שוינ די קוימענס פונ די הילצערנע הײַזער. באָרוועסע מאמעס אינ די אפגיכ אָנגעטאָנענע ציצינע קליידלעכ, מיט נאָכ פארשלאָפענע פנעמער, ווארעמענ פאר די מענער אונ קינדער די נעכטיקע געזידטע ליאקעס טיי.

פונ ביידע זײַטנ יורזיקער הילצערנעמ בריק איבער דער פארגרינטער אונ פארבלאָ-טיקטער כארפאָווקע, צעעפענענ זיכ אינ אײַלעניש די טירנ אונ לאָדנ מיט סקריפערײַ פונ פארוקערס אונ פארזשאווערטע פעטליעס.

מאנצבילנ לייגנ אפגיכ טפילנ. דאווענענ איינס-צוויי. די קינדער ווילנ ניט דאווענענ אונ די מאמעס בעטנ זיכ:

— זונ, דאווענ...

די קינדער ענטפערנ ניט, זיי פרעגנ נאָר:

— דער זייגער...

— וויפל דער זייגער?

אונ ווי נאָר פונ איינער א יורזיקער שטוב כאפט זיכ אימיצער מיט אײַלנדיקע טריט לויפנ צומ בארג, ווארפנ מאנצבילנ די טפילנ ניט קיינ אופגעלייגטע, די ליאקעס טיי בלײַבנ שטיינ ניט קיינ אָנגערירטע, מאנצבילנ, ווײַבער, באָכערימ, מיידלעכ, ייִנגלעכ אײַלנ פונ די פארבלאָטיקטע ניט ברוקירטע יורזיקער שמאָלע אונ קורצע געסלעכ צומ ברוקירטנ מעשר-פועדיקנ גרויסנ בארג, וואָס פירט אינ שטאָט ארײַנ. מע קלעטערט ארופ בארג אונ אינ וועג באווײַזט מענ ערשט אָנצוטאָנ די מארינארקעס אונ מאנטלענ, וואָס מע האָט געכאפט פונ שטוב ארויסלויפנדיק.

נאָכ יורזיקע גייט דער שולהויפ, גייט די טראָיצע אונ דער גאנצער וועג צו שענקערס טאבאק פאבריק, צו לאנגבאָרטס אײַנבינדערײַ, צו הורוויטשעס אונ שענקערס טארטאקעס,

---

[1] פונ א ראָמאנ. פאָרזעצונג פונ „שטערנ“ נ. 7.

צו סטאנקעוויטשעס מילנ, צו די זאָקנ־ווארשטאטנ. באנ־דעפּאָס אונ סלעסארנעס ווערנ אָנ־געפּילט מיט אײַלנדיקע טריט פונ הארטע שטיװל, אָפּגעטראָטענע שיכ, צעריבענע טופליעס, באָרוועסע פּיאטעס, וואָס וועקנ די שטאָט אינ קילנ פארטאָג. אלע אײַלנ אינ ווארטעניש, אז די טאבאק־פאבריק, די טארטאקעס זאָלנ זיכ נאָכאמאָל צעפּײַפנ אונ צעעפענענ די טויערנ.

אינ יורזיקע, אינ סלאבאָדקע, אפנ שולהויפ בלײַבנ שטיינ אָפענע הײַזער מיט ניט פארבעטע בעטנ, מיט ניט־געוואשענע גלעזער, מיט פעדערנ אונ שטויב. אכט־יאָריקע קינדער ראמענ די הײַזער אונ גיבנ אכטונג אפ דרײַ־יאָריקע ברידערלעכ; דרײַ־יאָריקע שוועסטערלעכ וויגנ אונ ניאנטשענ די פארוויינטע האלבי־יאָריקע זויג־קינדער.

שפּעטער...

...דורכ די „טשאָרנע כאָדנ" האָבנ שוינ בעקערנס אונ קאצאָווים אָנגעטראָגנ אינ די הײַזער אפ דער סאָבאָרנע אונ קופּעטשעסקע עסנווארג אפ א גאנצנ טאָג...

שפּעטער...

הייבנ זיכ אָנ דורכ די פּאראד־טירנ באוויײַזנ אויסגערוטע, אויסגעשלאָפענע סאָכרים אונ באלעבאטים.

סאָבאָרנע, קופּעטשעסקע, פּאָטשטאָווע נעמענ לעבנ מיט קראָמענ, מיט מיסכער, מיט געשעפט.

אזייגער צוועלפ באווײַזט זיכ אפ דער זאמקאָווער אויכ שענקערס פרוי.

2

בא פײַוולענ אינ שטוב האָט זיכ דער ארבעט־טאָג שוינ לאנג אָנגעהייבנ.

פײַוול אונ די מאמע זיצנ באם שמאָלנ קליי־קלעפּיקנ טיש אונ מאכנ שיידלעכ. פײַוולס טאטע, איטשע, זיצט אפנ אלטנ פּוסבענקעלע שיווע. אינדרויסנ איז זוניק־הייס. אינ שטוב א רייעכ פונ פּאפּ, ווי איבערגעזויערטער טייג. איינ לאָד פונ פענצטער איז צוגעמאכט — די זונ זאָל פײַוולענ אונ דער מאמענ ניט שטערנ ארבעטנ.

אינ ווינקל לעבנ פארמאכטנ לאָד זיצט איטשע באם בײַכיקנ ברוינעמ קאמאָד. דער קאמאָד איז פארשפּרייט מיט א ווײַסנ האנטעכ, אויסגענייט בא די עקנ מיט ראָזע קווייטנ אונ גרינע בלעטער. אפ אים שטייענ פארביקע קריגעלעכ, צוויי גרויסע ליימענע הינט זיצנ אפ זייערע פארדרייטע ווײדלענ אונ א פארצעלײַענ קעצל מיט אנ אָפּגעקלאפּטנ אויער פּלאָנטערט א קנוילכל באוול.

אפנ וואנט זײַנענ אָנגעקלאפּט אסאכ פאָטאָגראפיעס אונ א קונציקע אמעריקאנער לעשאָנע־טויווע.

איטשע זיצט מיט אנ אראָפּגעלאָזטנ קאָפּ אונ קוקט פארטראכט מיט די גרויסע אָפענע אויגנ אפנ דיל צווישנ די צעשפּרייטע לאנגע פיס.

ער טראכט וועגנ קאסריעלנ:

— „דער טאטע...

— „נו, האָט ער געשריבנ, געזידלט... פארשטאנענ, אז מע נארט אים אונ זיכ נעמט געלאָזט... האָט מענ דענ אים ניט גענארט?

— „צי לוינט זידלענ, אז אלציינס... בעסער ווערט ניט. ס'איז נאָר א פראגע...

— „אָפּטומלענ אונ בלײַבנ צום נאר. אלציינס..."

* * *

איטשע איז געווען קאסריִעלס מעזיניק.

פאר יעדן קימפעט פלעגט קאסריִעל אָנזאָגן דער ווײַב:

— א זון. א קאדעש. טעכטער קענסטו שוין האָבן אָן מײַן הילף אויך. לייג זיך אפצופלײַסן אין בעט, ווּעסטו אפ טשיקאוועס האָבן א טאָכטער אָן מײַן הילף... א זון וויל איך. א זון!

און דאפקע אפ צולאָכעס:

א טאָכטער! א טאָכטער! א טאָכטער! דאווקע אפ צולאָכעס.

אז מע איז געלאָפן אָנזאָגן קאסריִעלן די סימכע מיט איטשען, האָט קאסריִעל ניט געלאָזט ריידן.

— כוויס!... מאזלטאָוו דיר, קאסריִעל, דײַן ווײַב האָט ווידער געהאט א מיידל.

— א ייִנגל!

— הא, וואָס... א ייִנגל. ערשט איצט בין איך געוואָרן אן עמעסער טאטע!

ער האָט זיך שטארק אָנגעשיקערט, אויסגעשפאנט אינמיטן גאס דעם פערד, אים צוגע-פירט פאר דער ניט געקאמטער שיטערער גריוועע צום שטוב און ביידע האָבן אין דער קינפעטאָרנס פענצטער די קעפּ ארײַנגעשטעקט.

— מאזלטאָוו, מאזלטאָוו! איצט בין איך אן עמעסער טאטע.

איטשע איז געוואָקסן א מעזיניק און א בעניאָכעד און זיך מיט גאָרניט אויסגעטיילט פון אנדערע קינדער אפ זייער גאס. ער האָט געשטיפט ווי אלע. אין כיידער האָט ער געפרעגט אסאך קאשעס און געכאפט איבעריקע קלעפּ. ער האָט קיין כיישעק ניט געהאט צו דאוונען. געזעצט שויבן, געלאָפן באָרוועס. ארומגעגאנגען מיט א צעדראפעטן פּאָנעם.

דאָך... האָט ער געפילט, אז ער איז א בעניאָכיד און א מעזיניק.

ער האָט געוווּסט: איך וועל זאָגן דעם טאטן, וועט דער רעבע מער ניט שלאָגן.

ער האָט געוווּסט: איך וועל אויסזעצן א שויב, וועט דער טאטע ארײַנשטעלן אן אנדערע.

ער וועט זיך גוט פאנאנדערוויינען, וועט מען אים קויפן א קאָנפעט אָדער אן עפּל.

ער טוט עס ניט, נאָר ער ווייס עס.

אויסערלעך האָט ער זיך מיט גאָרניט אויסגעטיילט. אינערלעך מיט א געוויסער זיכ ער קײַט. מיט א גלויבן.

צו נײַנצן יאָר האָט ער נאָך דידאָזיקע זיכערקײַט פארמאָגט.

צו נײַנצן יאָר האָט ער, ווי אסאך זײַנע כאווירים, געהאט א קאלע. און פון דעמלט אָן געמט זײַן זיכערקײַט און גלויבן צערונען ווערן.

דער גרויסער ארבעט-טאָג איז אים אויסגעקומען ניט שווער, ס'איז אים נאָר לאנג געווען צו ווארטן ביז ער וועט אינאָוונט אהיים קומען און זיך טרעפן מיט דעם שאָכנס מיידל. איטשע מיט דעם שאָכנס מיידל פלעגן זיך באגעגענען מיט שמייכלדיקע בליקן און מיט הייסע טרוקענע פארליבטע פינגער.

דעמלט איז פון ווארשע א באָכער אָנגעקומען. אין א שטרויענער הוט, אין געלע שיך און מיט א גאָלדענעם זייגער.

דער באָכער איז געוואָרן אן אָפטער ארײַנגייער צום שאָכן, איז, שטענדיק געווען א דריטער צווישן איטשען מיטן שאָכנס מיידל און אלעווײַלע איבערגעלייגט זײַן גראָבן

געלט־פּאָרטמאָנע פונ איינ קעשענע אינ דער צווייטער. איטשע האָט זיכ קימאט ניט ארומ־געזעג, ווי דעם מיידלס הייסע בליקנ אונ פארליבטע פינגער האָבנ ניט אימ באגעגנט, נאָר דעם ווארשעווער באָכער. אזוי האָט געוואָלט דער באָכער, אזוי האָבנ געוואָלט אירע עלטערנ.

דער ווארשעווער באָכער האָט איינמאָל אָפּגעשטעלט איטשענ אינ גאס אונ אימ געזאָגט:

— זײַט ניט ברויגעז... די וועלט איז קײַלעכדיק... אײַער שאָדנ וועט זיכ אומקערנ.

איטשע האָט אויסגעמיטנ דעמ באָכער אונ דעמ שאָכנס מיידל. די גאנצע גאס האָט גערעדט וועגנ זייער נאָענטער כאסענע.

א וואָכ פאר דער כאסענע האָט אימ ווירער דער ווארשעווער באָכער אָפּגעשטעלט אינ גאס. דער ווארשעווער באָכער איז געווענ צופיל פריילעכ, זײַנע גרויע אויגנ האָבנ געלויכטנ מיט טײַווע (איבערהויפּט דער רעכטער שווארצאפּל, וואָס זעט אויס ווי אָפּגעביסנ אונ איז פארגאָסנ מיט א טראָפּנ רויִקײַט). דער באָכער האָט ארופגעלייגט א האנט אפ איטשעס אקסל אונ געזאָגט:

— אָ, זי קענ די מעלאָכע'—אונ א קנאק געטאָנ מיטנ צונג.

איטשע האָט דערפילט ווי דער פּאָנעמ זײַנער לויפט אופ פונ רויטקײַט, ווי געשוואָלנס. ער האָט נאָכ ניט געוווּסט געגוי, וואָס זאָגט אימ דער באָכער, נאָר א פּאָרגעפיל, אז דער „זי" איז דעמ שאָכנס מיידל, איז אליינ פונ זיכ אָנגעקומענ.

— איר פארשטייט ניט,—האָט דער באָכער געזאָגט,—וואָסי דאָ פארשטיינ... כ'זאָג, זי קענ די דינימ פונ א ווײַב בעסער נאָכ ווי די ווארשעווער מוידנ...

גאנצע טעג נאָכדעמ האָט איטשע געפילט, אז ס'טוט אימ עפּעס וויי אונ איז אָפּגע־שוואכט. נאָכדעמ האָט ער זיכ ערשט מאָרגנ פארוווּנדערט פארוואָס ער האָט דעמ ווער־שעווער באָכער געשוויגנ, ניט געזידלט, ניט געפּאטשט.

עס האָט אימ קימאט דעמ ערשטנ מאָל פארוווּנדערט אפ זיכ אליינ.

ער מיינט דאָכ, אז ער וועט זײַנס ניט דורכלאָזנ.

ער מיינט—ער קענ אלץ.

וו איז זײַנ זיכערקײַט אהינגעקומענ?

ער פארענטפערט זיכ באלד: רעכט אפ איר! זי איז שולדיק. וואָס דארפ ער זיכ מישנ אינ פרעמדע אייסאָקימ.

ער איז אפ איר שטארק ברויגעז, כאָטש ערגעצ לעבט א געפיל פונ האָפענונג, אז אלץ וועט זיכ נאָכ איבערדרייענ אונ זי וועט זײַנ זײַנע.

זי... וואָס האָט אזויפיל מיט אימ שפּאצירט, אפ אזויפיל אָפּגערעדט יעדע פּיצעלע פונ זייער צוקונפט, אז ס'איז געווענ אָפּגעמאכט: אויב בא זיי וועט זײַנ א מיידל—וועט זי הייסנ מאלקע, נאָכ איר באָבענ. אויב א ייִנגל, וועט ער הייסנ מײלעכ—אויכ נאָכ איר באָבענ.

ער איז איר איצט קימאט א סוינע. אונ א געפיל פונ האָפענונג איז אויכ פאראנ.

דעמ שאָכנס מיידל איז אימ געקומענ בעטנ אפ איר כאסענע.

— איטשקע—האָט זי געזאָגט—וואָס עס איז באשערט פונ גאָט וועט א מענטש ניט איבערמאכנ. ער צייכנט אָנ דעמ וועג. אפ מײַנ כאסענע מוזטו זײַנ, איטשקע. ביסט מיר א גוטער פרײַנט, כווייס...

ער איז געבליבנ שטיינ מיט א שמייכל פונ פארלאָרנקײַט. א ווייטיק־שמייכל, וואָס האָט זײַנ פּאָנעם איבערגעקרימט.

זי האָט אנ אומרויִקע געווארט אפ זײַנ ענטפער. זיי האָבנ די אויגנ אראָפּגעלאָזט, נאָכדעם מיט די בליקנ זיכ באגעגנט און גוואלדיק פארשעמט זיכ איינער פארנ אנדערנ.

ער האָט א באוועג געטאָנ מיט דער אויבערשטער ליפּ, ווי א ציטער און אָנגענומענ מיט צוויי פינגער די פרענדזלעכ פונ איר געשטריקטנ וולוטשקענעם טיכל, וואָס האָט איר קאָפּ פארדעקט ביז איבער די אקסלענ.

זיי האָבנ דערפילט זייערע ציטערדיקע הענט איינע בא די אנדערע. ער האָט זי צוגעצויגנ צו זיכ. זי איז געוואָרנ ווי אָפּגעשוואכט און אריינגעפאלנ אינ זײַנע אָרעמס.

— מע דארפ ניט, מע דארפ ניט... איטשקע...

ער האָט זי מיטנ גאנצנ קויעכ ארומגעכאפּט. זי האָט אירע הענט אפ זײַנ האלדז פארוואָרפנ.

— ער ווארט אפ מיר. הינטערנ טיר...

ער האָט זי ניט געהערט, נאָר געפילט. געפילט ווי פונ ביידנ שלאָגט א גרויסע היצ, ווי זי טוליעט איר פּאָנעם אינ זײַנעם און בעט עפּעס. און ער דארפ איר זאָגנ א וויכטיקע זאכ, זייער א וויכטיקע זאכ...

זי האָט פּלוצלונג א קאָנוולסיווו ציטער געטאָנ פונ דער דערפילטער לײַב־נאָענטקײַט, זיכ ארויסגעריסנ פונ זײַנע הענט, מיט צעטומלטע באוועגונגענ א כאפּ געטאָנ דאָס וולוטשקענע טיכל, וואָס איז געלעגנ אפ דער ערד צעטראָטנ פונ זייערע פיס און איז ארויסגעלאָפנ.

אינעם אָוונט פונ איר כאסענע האָט ער זיכ ארומגעדרייט אינ גאס. זיכ פאָרגעשטעלט, וואָס אפ דער כאסענע קומט פאָר.

געסט קומענ.

קלעזמער שפּילנ.

טענצ.

אינגיכנ זײַנענ די מעכוטאָנים און געסט געקומענ צולויפנ פונ דער כאסענע צוריק. די קאלע האָט מענ געבראכט א געכאלעשטע.

אלע האָבנ געוווּסט: דער כאָסנ איז פאר דער כופע נעלעם געוואָרנ.

איר מאנ איז שוינ דעמלט געוואָרנ דאָווידקע די גרײַול פונ יורזיקע, וואָס איז סוטולע, האָט אויסגעקרימטע פיס און גאנצ יורזיקע האלט אים פאר א נאר.

אינ אסאכ צײַט ארומ (נאָכדעם, ווי זי האָט דאָווידקע די גרײַול צו זיכ ניט צוגעלאָזט און דאָכ געהאט א קינד אינ נײַנ כאדאָשים ארומ, נאָכדעם, ווי זי האָט זיכ געמוזט אונטערגעבנ, ווײַל לויטנ דינ איז דאָוויד געוועזנ איר מאנ און געהאט נאָכ א קינד), האָט זי זיכ אָנגעטראָפנ מיט איטשענ.

— גענוג טרויערנ, — האָט געזאָגט איטשע, — וואָס עס איז באשערט פונ גאָט וועט א מענטש ניט איבערמאכנ.

— ניינ, — האָט זי געענטפערט, — שלעכטס איז ניט פונ גאָט. שלעכטס איז פונ מענטשנ. איכ האָב זיי פײַנט!

— יאָ. שלעכטס איז פונ מענטשנ! — ער האָט אפ איר אזא קוק געטאָנ, אז זי האָט פארשטאנענ: זי ווייס אויכ אריינ אינ צאָל מענטשנ, וואָס האָבנ געטאָנ שלעכטס א צווייטנ.

— איכ בינ אליינ אומגליקלעכ, איטשע...

בא איטשענ האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ זײַנ ניט גלויבנ אינ גאָרניט. איטשענ האָט געדוכט, אז ס'איז סײַווי אלצײַנס... האָט ער דעריבער גאָרניט געענטפערט.

דעמלט האָט קאסריִעל געזאָגט:

— א שלימאזל! א גאָרניט מײַנ זונ... פונ אונטער דער נאָז א קאלע צוגעכאפט. אזוינער האָט ניט כאסענע, אזיינעם דארפ מענ כאסענע מאכנ.

דאָס ערשטע קינד בא איטשענ איז קראנק געוואָרנ אונ געשטאָרבנ.

א גאנצע נאכט איז איטשע ניט געשלאָפנ. זיכ געהיצט, גרייט געווענ זידלענ, שרײַענ, מאָגענ. נאָר אינדערפרי איז ער אופגעשטאנענ מיט א מאָדנעם געדאנק, א געדאנק, וואָס האָט אימ אינ דער ערשטער רעגע איבערגעשראָקנ.

— מאָגענ! בא וועמענ מאָגענ? צו וועמענ שרײַענ? יעדע שטיבל באזונדער, יעדע קאנורע האָט א באלעבאָס. פאראנ בא וועמענ מאָגענ. נאָר אלע שטיבער צוזאמענ, די שטאָט, אלע שטעט האָבנ קיינ באלעבאָס ניט. ניטאָ בא וועמענ מאָגענ... ניטאָ!

אָפט איז עס אפנ געדאנק געקומענ. ער האָט מיט דעמ געלעבט. דערפאר טאקע איז זײַנס אלעמאָל דורכגעגאנגענ.

— קאליע מאכנ קענענ אלע, פאריכטנ קענ קיינער ניט. אלציינס...

אנומלטנ, שוינ גאָר ניט לאנג, האָט ער עס א זאָג געטאָנ יאנענ, יאנ זשולאווסקענ, דעמ שלאָסער פונ פאבריק, וואָס לאָזט זיכ א וואָרט ריידנ.

יאנ איז געשטאנענ בא איטשעס מאשינ אונ פארפעקטיקט א שרויפ אינעמ גרויסנ מעסער, וואָס שנײַדט מאכאָרקע. ער האָט אויסגעהערט איטשענ. פארביסנ מיט די אויבערשטע ציינ די אונטערשטע ליפ אונ געשוויגנ. נאָכדעמ האָט ער גאָר צו זיכ אליינ געזאָגט: „א יאק פּשעד קרול נא וואָיניע...“ אונ מיכנ גראָבנ פינגער אָנגעטאפט דעמ קעפל פונ שרויפ.

— ביסט ניט גערעכט. איטשע, א באלעבאָס איז פאראנ. פאראנ בא וועמענ מאָגענ.

— לעמאָשל?

— לעמאָשל?—יאנ האָט ווידער ניט גלײַכ געענטפערט. א קוק געטאָנ ארומ זיכ אונ ארומקוקנדיק זיכ, גאנצ הויכ א זאָג געטאָנ: „אָ, וויאָסנאָ! גדזיע טי גוביש סוואָיע קוויאטי“ אונ נאָכדעמ שטילער:

— לעמאָשל? בא שענקערנ.

— האָסט מיכ ניט פארשטאנענ. כ'מיינ מאָגענ... ווענ א קינד שטארבט, ווײַל קיינ דאָקטער איז ניטאָ. א כאווער איז קיינ כאווער ניט, א קאלע איז קיינ קאלע ניט... אָט וואָס כ'מיינ...

— איכ מיינ אויכ. בא שענקערנ. ניט גרינג צו פארשטיינ? מירנ נאָכ ריידנ...

„שענקער... פריטשאָמ טוט שענקער?—האָט איטשע א טראכט געטאָנ—קיינ שומ שײַכעס ניט“.

* * *

איטשע זיצט מיט אנ ארונטערגעלאָזטנ קאָפּ אונ קוקט פארטראכט אפנ דיל צווישנ די צעשפרייטע פיס.

ער טראכט וועגנ זײַנ אייגענעמ לעבנ אונ וועגנ טאטנס טויט. וועגנ פײַוולענ, וואָס זיצט אָנ א טאכלעס אונ די טעכטער, וואָס זאָרגנ פאר זיכ אליינ. פרעגנ ווינציק, זאָגנ הינציק. כאפנ זיכ ארײַנ עסנ, קומענ צוגיינ שלאָפנ. ער טראכט וועגנ דער ווײַב, וואָס האָט אימ ליב אונ וואָס ער... האָט אמאָל געוואָלט אינ איר זענ דעמ שאָכנס מיידל, אונ איצט איז אימ אלציינס.. אונ דער אויספיר איז:

„קלײנערהײט ווײס מענ ניט אפ וואָסער וועלט מע איז...“

„נאָכדעם האָפּט מענ. מע האָפּט א יאָר אונ צענ אונ פופצנ...

„דערוויַל וואקסנ קינדער. דערוויַל שטארבט א טאטע. אונ מע זעט זיכ ארומ... עס פּאסט שוינ ניט צו האָפנ...

„ער האָט אויכ אסאכ יאָרנ געהאָפט אונ איצט שעמט ער זיכ. איצט... א טאטע פונ קינדער, אונ טאטעס האָבנ א טעווע, אז זיי שטארבנ. ניט־הײַנט, איז מאָרגנ, איבעראיבער...

„טאטעס מוזנ שטארבנ“....

דאָס ווײַב זאָגט צו אימ:

— וועגנ וואָס טראכטו, איטשע?

ער איז פארטאָנ אינ זיכ אונ ענטפערט ניט.

— וועגנ וואָס טראכסטו?

ער גיט זיכ א כאפּ אופ:

— לאָז א ווײַלע...

— אָט א מענטש. נאָר פארקנורעט. וועגנ וואָס טראכסטו?

— כ׳בעט דיר... א מינוט...

— כאָטש טויזנט מינוט, כאָטש אייביק. בא לײַטנ האָט א ווײַב אויכ סייכל. בעט אימ, רייד צו אימ. וועגנ וואָס טראכסטו? איכ וויל אויכ ויסנ וועגנ וואָס דו טראכסט.

ער ווערט אומצופרידנ:

— אנ אָנשיקעניש.

— כאָטש אנ עמעס געזאָגט. אנ אָנשיקעניש. ווייס איכ שוינ... איצט ווייס איכ דײַנע ראיוינעס... כארפּאָטניק...!

ווי אלעמאָל אינ אזא פאל גיט זיכ איטשע א שטעל אופ, כאפּט זײַנ אלטנ זומערדיקנ אויסגעריבענעמ מאנטל מיטנ אָפּגעקראָכנ סאמעטענעמ קאָלנערל אונ וויל אוועקגײנ. חי אלעמאָל דערפילט די ווײַב, אז איר שמארצט דער גראָבער פינגער מיטנ גרינלעכנ צעקנייטשטנ אונ פארדארטנ נאָגל אונ נעמט אימ פוצנ. שטענדיק, אינ אזא פאל, קוקט זי אפּנ מאנ אונ שווײַגט. איצט האָט זי אימ געזאָגט:

— איטשע... שיווע...

איטשע טוט אויס דעמ מאנטל אונ זעצט זיכ ווידער אפ זײַנ אָרט.

— אז מע בעט זי... כ׳דארפ עפּעס א טראכט טאָנ...

— די פארבאָרגנסטע קרענק, וואָס א דאָקטער קענ צו איר ניט העלפנ.

איטשע זעצט פאָר:

— אונ ווענ מאכט זיכ א געלעגנהײַט... א טאָכטער וועט בא מיר כאסענע האָבנ, א זונ וועט גײנ צומ פריזיוו... וועט קײנ צײַט ניט זײַנ. ס׳איז פאר קײנעמ קײנ יאָנטעוו ניט. מע דארפ ארבעטנ ווי אלעמאָל. א טאטע שטארבט... קענ מענ אביסל טראכטנ. אונ פארגינסט ניט...

— פארגינענ. א גרויסער גליק. פאראנ וואָס ניט צו פארגינענ. א גרויסער גליק...

אונ צופרידנ פונ דעמ, וואָס זי האָט אימ געגויט איבערצוראײַסנ דעמ טראכטנ אונ זיכ דורכריידנ, שווײַגט זי אונ טשעפּעט אימ מער ניט.

3

פארנאכטלעכ האָבנ זיכ צו איטשענ געגומענ קלײַבנ פרײַנט, שכײנים, פאבריק־ארבעטער.

אײנער פונ די ערשטע איז געקומענ דער טאנדעטניק אפ די קורצע פיס, וואָס וווינט בא סענדער פײרעסנ. ער האָט צונױפגערופנ א מיניענ. אלײנ ארומגעלאָפנ אינ גאס און צו שכײנים...

— אײנ מענטש פעלט. אײנ מענטש צו א מיניענ.

א פארשוויצטער, א פארסאָפּעטער געזאָגט:

— קוים צונױפגעקליבנ... פאר קאסריִעלס ליכטיקער נעשאָמע... שטעל זיכ דאוונענ, איטשע...

נאָכ מײַרעוו האָט ער געטרײסט דעם אָוול.

— אנ אָרנטלעכער ייִד געווענ, א קאָשערע נעשאָמע, גאָט האָט ליב אזעלכע מענטשנ. דערנאָכ ווי א גוטער ברודער, ווי א נאָענטער פרײַנט געזאָגט—מע דארפ א טראכט טאָנ וועגנ א מאצײווע, איטשע. א מאצײווע, פרײַנט מײַנער, קאָסט טײַער... ווו וועסטו נעמענ? כאָטש מע דארפ א טראכט טאָנ מאכנ פונ עפעס געלט...

איטשע פארשטײט, וואָס דער טאנדעטניק וויל. ער איז א ווײכער מענטש און מוז דעם טאנדעטניק ארויסהעלפנ, זאָגט ער:

— אוואדע... מע וועט עפעס דארפנ פארקויפנ...

ציווּיע (איטשעס ווײַב) דערשרעקט זיכ, אז דער טאנדעטניק וועט אָפּהאנדלענ בא איטשען מעציִעס. גיט זי א געשריי:

ס'איז דענ אנ ארבעט אינ שיווע־זיצנ...

ער קלײַבט זיכ גײנ אהײם, נאָר ווערט פלוצלונג אומרויִק.

„ער קענ פײַנ אויסזענ—טראכט ער—ער וועט אוועקגײנ און א צווײטער טאנדעטניק וועט אָנקומענ. בלײַבט ער דעמלט צום נאר".

ער באשליסט נאָכ אביסל זיצנ און נאָכאמאָל פארפירנ א שמועס. עס זאָל זײַנ אָפּגערעדט אפ פעסט: ער קויפט!

אינ שטוב באמערקט מענ שוינ דעם טאנדעטניק ניט.

איטשע זיצט אפנ פוסבענקל. די געסט אפ שטולנ און טאבורעטקעס ארום טיש. אינ טונקל, אפ דער אלטער קאנאפע, פונ וועלכער דאָס שטרוי קריכט ארויס פונעם ציצענעם אויבערדעק, זיצנ שכײנים. דער קלײ־קלעפּיקער טיש איז פארצויגנ מיט א סאראטע. אפנ טיש שטײט דאָס קעראָסינ־לעמפל. אלע ווײַלע דרײט אימעצער ארופ דעם קנײט, עס זאָל ברענענ ליכטיקער.

מײער דער מאכאָראָטשניק, א הויכער, א ברײטער, מיט א רויטער גרויסער באָרד, רעדט מיט זײַנ געדיכטער שטימ:

— וואָס טויג מיר, איטשע, דײַנ פרומקײַט צו מענטשנ: מענטשנ בײַסנ זיכ. האָסט זיכ אײַנגעטײַנעט א ווערטל „אלציינס"—און פאָטער. מאָנעפשעכ, איז דיר אלציינס צי דײַנ טאטע וואָלט נאָכ לעבנ, צי שענקערס ציגל האָבנ אים דערהארגעט, איז וואָס דארפסטו איטשענ פאר זײַנ גוטסקײַט וועלנ פלײ אופעסנ".

— דארפסטו, איטשע, ארײַנגײנ צום באלעבאָס—זאָגט מײער—טאקע צו אים אלײנ,

וואָרעם די אופּראַוולײַעשטשעס, די בוכהאַלטערס... זיי זוכן זייערס... זאָגן אים, שענקערן: אַלפּי דינג און אַלפּי יוישער קומט דיר פון אים אַרויס... זײַן ספּעשקע מיט די ציגל האָבן קאַסריִעלן דערהאַרגעט. ער האָט נאָך היפּש געקענט לעבן און איז געווען דײַן שטיצע. אַלפּי דינג און אַלפּי יוישער קומט דיר אַרויס פון אים...

ציוויעס קרוויוועטע, די הויכע און גרויע כיענע קריקון, וואָס האָט אַ קרעמל אין מאַגיסטראַטסקן ריאַד, איז מאַסקים, אַז מע דאַרף גיין צו שענקערן. זי רײַבט מיט אַ האַנט אירע גאַנצע פּולע און נאָך רויטלעכע באַקן, ווישט אויס די אויגן, וואָס טרערן איר שטענדיק און רעדט אַרויס מיט אַ זיפץ.

— שענקער האָט אַ ייִדישע נעשאָמע... און וויפל ער זאָל ניט געבן, איז דאָך געלט — געלט. אַ ריינער פאַרדינסט איז ניט שײַעך. נאָר ריידן מיט אים דאַרף מען ניט ווי קיין גראָבער יונג. טאַקע ווי מיט אַ פּאָרעץ. דאַרפסט אים זאָגן, איטשע, וועסט פאַר אים גאָט בעטן. ער זאָל זײַן אַזוי גוט און זאָל קיין פאַריבל ניט האָבן, וואָס דו ביסט אים מאַטריִעך. ער זאָל אַרײַנגיין אין דײַן פּאָלאָזשעניע, ער זאָל צעעפענען זײַן האַרץ פאַר דיר...

מייערן שלאָגט איר זיסקײַט צום האַרצן. ער גיט אַן אומצופרידענעם כראָמטש מיט זײַן שווערן פאַרשטויבטן מאַכאָרקע־שטיוול.

יודל זוסקין, וואָס אַרבעט באַם שמעק־טאַבעק, זיצט דערבײַ. ער איז אַ בעריע אַפּ נאָכמאַכן און איבערקרימען. ער גיט אַ צי אויף די פּלייצעס, ווי ער וואָלט זײַן שמאָלן גוף אויסציִען העכער און זאָגט נאָך כיענען:

— איר זאָלט עפענען אײַער האַרץ פאַר מיר...

— און ווען איר דאַרפן אין מערכעצ גיין, וועל איך אײַך אַ פּלייצע וואַשן.

— ווען אײַך שמאַרצן, וועל איך אײַך די פּיאַטעס רײַבן.

— ווען איר אין יענעם אָרט גיין... וועל איך אײַך פּאַפּיר דערלאַנגען...

אַלע לאַכן זיך פונאַנדער. מייערס געלעכטער הערט זיך העכער פאַר אַלעמענס.

כיענע איז אָבער זייער ערנסט. זי פאַריכט זיך דעם פּאַרוק, ווישט זיך אויס די טרערנדיקע אויגן און ווען עס ווערט שטיל, זאָגט זי:

— מיילע... וואָס עס זאָגט אַ נאַר... פון דעם לאַכן נאַראָנים. נאָר וואָס אָנבאַלאַנגט איידלקײַט...

זי שווײַגט אַ ווײַלע. דערנאָך:

— ביפּראַט, ווען מע דאַרף צו יענעם אָנקומען. טאַקע מיט גוטן. טאַקע מיט ראַכמאָנעס... אַ וואָרט פאַרגייט און אַ רובל באַשטייט.

איטשע האָט געקווענקלט. יאָ גיין צו שענקערן, ניט גיין. דערפאַר טאַקע האָט מען אים אײַנגעטײַנעט ער זאָל גיין.

ציוויע האָט צוגעגרייט אַ פּאָר הערינג מיט ציבל און אימיצער פון די געסט האָט געבראַכט אַ פלעשל שנאַפּס. אַז מע האָט גענומען צו ביסעלעך, איז איטשעס שאָכן, ניסל דער קליינער, געוואָרן פריילעך. ניסל דער קליינער איז אַ פּאַקער אין פאַבריק, פּאַקט קאַסטנס פּאַפּיראָסן. ער האָט אַסאַך קינדער, אַ גרויסער קאַפּצן און איז שטענדיק אַ פאַרדײַגעטער. נאָר אַז ער נעמט אַ גלעזל, ווערט ער שטאַרק פריילעך. עס צעשפּילט זיך בא אים דעמלט אַ גרויסע פאַנטאַזיע.

אַלץ וואָס ער דערציילט, גיט ער אָן פאַר אַ פאַקט, וואָס מיט אים איז געשען:

— „פּלוצלונג! קענגן אים שטייט אַ קליין מענטשעלע אַפּ הינערשע פיסלעך מיט אַ גרויסן קאַפּעליוש אַפּן קאָפּ.

— ...דאָס מענטשעלע אינ גרויסנ קאפעליוש לאכט זיכ פאנאנדער, גיט א שפרונג ארופ צו אים אפנ פלייצע אונ זאָגט אים: ביסט מײַנער!

„...פונקט דעמלט קום איכ אָנ".

קײנער באמערקט ניט, ווי די טיר עפנט זיכ. נאָר אז מע דערהערט „א גוטנ אָוונט", כאפט מענ זיכ. אז א מענטש איז געקומענ.

— יאנ זשולאווסקי. א גאסט!

יאנ זשולאווסקי האָט גײענדיק אהער זיכ שוינ עטלעכע מאָל געוואָלט אומקערנ צוריק. נאָר דאָכ איז ער געגאנגענ. ער האָט ניט געוווּסט, וואָס צו זאָגנ אונ ווי זיכ צו האלטנ, ווענ מע קומט צו א מענטשנ, וואָס טרויערט נאָכ א געשטאָרבענעם. אונ דעריקער... עס קענ זיכ נאָכ אמאָל ניט ווילנדיק א שמייכל טאָנ דאפקע גלײַכ באם ארײַנגײנ. שוינ אמאָל שיר אזוינס מיט אים ניט געטראָפנ.

טראכטנ איז שוינ צו שפעט. ער איז בא דער טיר. זײַנ הויכער קערפער בויגט זיכ א ביסל אײַנ, די בלויע אויגנ קוקנ צום דיל.

נאָר אז ער איז שוינ ארײַנ, דערפילט ער גלײַכ, אז ער האָט אומזיסט געצווייפלט. מע באגעגנט אים מיט אויסגעשריי: „א גאסט". ער דערזעט א ליידיקע בראנפנ־פלעשל אפנ טיש, א טעלער מיט אָפגעשמאָטשקעטע הערינג־קעפלעכ אונ צעשמייכלט זיכ.

— גוטנ אָוונט!

פרומעלע, די עלטערע טאָכטער, מיט שווארצע געקרויזטע האָר אונ ביר־אויגנ, מיט פולע רויטלעכע באקנ אונ עטלעכע זומערשפרענקלעכ אפ דער גלײַכער נאָז, גײט אים אנטקעגנ. זי דערלאנגט אים א הייסע האנט, קוקט אפ אים מיט אנ אָנגעשטרענגטנ דורכ־דרינגלעכנ בליק, וואָס קענ זיכ אָט־אָט צעשמייכלענ. זי זעצט אים לעבנ זיכ.

ציוויע ווערט פארויטלט אונ צעטומלט. זי שרעקט זיכ שוינ לאנג, אז די אײַנגע שפארטע פרומעלע וועט ארײַנטראָגנ אנ אומגליק אינ איר שטוב.

איר באגעגענע יאנעג וועט מענ איבער אלע שול־געסלעכ צוטראָגנ אונ ס'וועט איר זײַנ א שאנדע אפ דער גאס זיכ צו באווײַזנ. זי הייבט זיכ אופ פונ איר טאבורעטקע אונ זאָגט מיט א פריילעכנ אונ רויטנ פאָנעם אונ שוינ מיט א צופיל זיסלעכער שטים:

— פרומעלע, נעמסט צו דעם טאטנס גאסט אינגאנצנ פאר זיכ. דו ווייסט טאקע איידל־קײַט, מײַנ טאָכטערקע. ער איז דאָכ מײַנער אויכ א גאסט. קומט צום טיש, יאנ.

נאָר פרומע גיט זיכ ניט אונטער.

— באם טאטנ איז א טאטע געשטאָרבנ, בא דיר א שווער... אונ בא מיר איז א זיידע געשטאָרבנ. איז דאָכ יאנ אויכ מײַנער א גאסט.

יאנ מוז זיכ אופשטעלנ, ווײַל עפעס מוז ער טאָנ. זײַנ גלאטער עטוואָס בלאסער פאָנעם נעמט שמייכלענ.

מייער גיט אים א טרייסל פארנ קארק אונ שלעפט אים צום טיש. מייער וויל ויסנ, וואָס וועט זאָגנ יאנ. איטשע דארפ גײנ צו שענקערנ?

— זאָג, יאנ, איטשע דארפ גײנ צו שענקערנ? ער קווענקלט....

— גײנ דארפ ער געוויס—ענטפערט יאנ—געוויס דארפ ער גײנ. זאָל דער באלעבאָס ויסנ די אומגליקנ, וואָס ער מאכט.

— דאָס גאָר! וואָס וועט זײַנ?

— וואָס? קײנ הארצווייטיק וועט שענקער ניט האָבנ. ניט אזוי איז ער באשאפנ.

— נו...—זאָגט מייער—הארצווייטיק... איכ פרעג דיר, יאנ, קאסריעל האָט נאָכ געקענט

לעבן? געווען נאָך א גאַנץ פעסטער. איטשען קומט פון שענקערן אַרויס. ער קומט אים...

— נאָר ער וועט באַרנישט באַקומען.

— פאַרוואָס? עס קומט אים ניט?—זאָגט מייער בערויגעו און שטעלט זיך אויף—מאָרגנע געשעפטן זוכן זיי.. האַרצוויייטיק, פאַרברעכן.. געלט קומט אים!

— מייער,—זאָגט יאַן געלאַסן און מיט א שטים, וואָס שטראָפט,—האָסט שוין גרויסע קינדער. אַליין מיט א באָרד און רעכנסט... שענקער, וויבאַלד מע בעט נאָר, וויבאַלד עס קומט, וויבאַלד מע מאָנט בא אים... גאָר ווי א קינד...

— הייסט עס, ניט מאָנען, ניט בעטן... וואָס דען הייסט עס... עפשער גאָר נעמען ניט פון אונדזערטוועגן. מיר בעטן, מיר מאָנען. פאַר נעמען האַקט מען די הענט.

— און פאַר מאָנען שמײַסט מען דען ניט אין יענעם אָרט?...

— נא דיר די הײַנטיקע. טײַנען אַליין, אַז מע דאַרף מאָנען און ס'קומט צו עפּעס...

— יאָ! מאָנען, מאָנען! נאָר ניט יעדער באַזונדער, ניט פאַלן אַף די קני. און ניט א קאָפּקע פון רובל מאָנען, נאָר דעם גאַנצן רובל. אָט וועל איך גיין פאַר איטשען מאָנען. די גאַנצע פאַבריק וועט מאָנען...

מייער שלאָגט אים איבער:

— ניטאָ וואָס צו ריידן מיט נאַראָנים! מיט יינגלעך! מיר האָבן אונדזער באַט און אונדזער וועג. איך גיי אַהיים—זאָגט ער אופגערעגט—און דו! איטשע, ווי דו ווילסט.. ווילסט ניט גיין—דײַן געשעפט...

איטשע וויל ענטפערן. ער ווייס נאָך אַליין ניט—ער גייט, צי ער גייט ניט.

עס דוכט, ער ענטפערט באַלד: ניין.

אַלע וואַרטן אַף איטשעס וואָרט, נאָר אָנשטאָט אים נעמט ריידן יאַן.

— טראַכסט אַסאַך, איטשע, און מיסטאָמע ביסטו קלוג אַף טראַכטן. אָבער איך האָב געלייענט אין א בוך, אַז דער וואָס טראַכט איז קלוג און דער וואָס דערטראַכט זיך טאָן איז קליגער. אַלע... א קאַפּצן וויל זײַן א נאָגיד, א קרעמער וויל ווערן א גוויר, א מײַסטער בויגט דעם קאָפּ זיך דערדינען צו א פאַרוואַלטער, א פאַבריקאַנט שינדט די הויט, קעדיי ווערן א מיליאָנער און א מיליאָנער וויל אַלעמען אײַנשלינגען. דײַנע טעכטער, איטשע, און מייערס זין האָבן אויך טײַנעס צו דער וועלט און דו... אַז דו ביסט גערעכט, שעמסטו זיך. זאָל זיך שענקער פאַר דיר קווענקלען...

יאַן זעט, אַז זײַנע ווערטער ווירקן און ער וויל לאָזן ריידן איטשען. נאָר דאָ דערפילט ער, אַז פרומעלע האַלט איר האַנט אַף זײַן אַקסל. אים דוכט, אַז אַלע קוקן אַף אים. ניט אַף איטשעס וואָרט וואַרט מען, דאָס קוקט מען אַף אים מיט כשאַד, אַף אים מיט פרומעלען. ער שטעלט זיך אויף, פרומעלע זאָל איר האַנט אַראָפּנעמען און זעצט פאָר ריידן, ווי ער וויל מיט דעם, דעם כשאַד פאַרווישן.

— וועסט עפשער גאָרניט באַקומען, נאָר גיין דאַרפסטו. און עפשער זאָלן אַנדערע גיין. זיכערע מענטשן...

— ניין—ענטפערט איטשע אַביסל דערשראָקן—איך אַליין גיין.

מייער איז צופרידן. יאַן זעצט זיך און אים דוכט, אַז ער דערפילט ווידער פרומעלעס געקרויזטע האָר אַף זײַן אויער. אינדערעמעסן זיצט שוין גאָר פרומעלע אַף דער קאַנאַפּע. כיינע קריקון זאָגט נאָכאַמאָל אָן איטשען, אַז מיט איירלקייט, מיט ראַכמאָנעס. א וואָרט פאַרגייט און א רובל באַשטייט.

ס'איז שוין שפּעט. פּײַוול איז אײַנגעשלאָפן באַם טיש.

## 4

דעמ לעצטנ טאָג שיִער נאָכ צוועלפ אזייגער איז איטשע ארויס אינ גאס. ער איז געווענ רויִק אונ געלאסנ, ארײַנגעוואָרפנ עטלעכע „גוטהעלפנ“ צו די שכיינים אינ די אָפענע פענצטער. ארויסגייענדיק פונ שולהויפ דורכ דער שמאָלער אונ טונקעלער סקידלער געסל, וואָס פירט צומ קלויסטער, האָט ער זיכ געגומענ אומרויִק איַלנ, ווי ער טוט עס אינ די אינדערפריִענ, ווענ ער גייט צו דער ארבעט אונ האָט מוירע געפינענ א פארמאכטנ טויער. אינ קלויסטער־סאָד, אפ יענעמ זײַטד שטאכעטנ, האָבנ גיאנעס אונ קינדער רויִק אונ צופרידנ געשפילט מיט זאמד, מיט בלעטער, מיט זונ. איטשע איז אויכ געוואָרנ רויִק ער האָט גלײַכ א טראכט געטאָנ: „וואָס, אייגנטלעכ, דארפ ער בעטנ בא שענקערנ? נו, מט — וועט שענקער זאָגנ — דיר קומט ארויס, דיר קומט. וואָס קומט דיר, וויפל קומט דיר?“

ער איז אָנגעקומענ צו דער פאבריק. דער גרויסער גרויער פאבריק — טויער רוישט אונ דראזגעט מיט מאשינעס. דורכ די פארדראָטעוועטע פארשטויבטע פענצטער פילעט דער ערשטער שטאָק מיט מאכאָרקע איבער דער גאס, דער צווייטער מיט טאבאק, דער דריטער מיט שמעק־טאבאק. דער גאנצער ארומ איז אָנגעפילט מיט טאבאק־טשאד, מיט שטויב, מיט הורזשערײַ, מיט טראסקערײַ פונ פורנ אונ קארעס, וואָס פאָרנ אָנ אופהער דורכ די פאבריק־טויערנ הינ־אונ־צוריק.

ווי אלע טאָג איז דער ערשטער טויער — דער הילצערנער — אָפנ אונ דער צווייטער — דער אײַזערנער — פארמאכט. באמ גרינעמ אײַזערנעמ פריש־געפארבטנ טויער שטייט לעבנ קאנטאָר־ארײַנגאנג שליאָמע דער וועכטער.

שליאָמע דער וועכטער מיטנ הויכנ געקנייטשטנ אונ געל פארשפרענקלטנ האלדז, מיט די לאנגע שטעכיקע וואָנצעס, גיט א קנייטש מיט דער נאָז, וואָס איז בא די אויגנ רויט אונ דיק ווי אָנגעשוואָלנ, אונ באגעגנט איטשענ מיט א שמייכעלע:

— מאזלטאָוו, יאָסעמ... באגראָבנ דעמ טאטנ.

— רעב שליאָמע...

— וואָסער רעב, וואָסער שליאָמע... זאָג ווי אלע... קאיִנ, קאיִנ!

איטשע איז צו דעמ געוווינט. ער ווייס גוט שליאָמענ. קיינער וויל זיכ מיט אימ ניט פארטשעפענ.

— רעב שליאָמע, איכ דארפ צומ באלעבאָס.

— נו?

— איכ דארפ זענ דעמ באלעבאָס.

— נו?

איטשע ווייס, אז שליאָמע וועט נאָכ ניט איינמאָל „נוקענ“ אונ ער וועט מוזנ איבער־באזערנ, אז ער דארפ צומ באלעבאָס. אויב ניט וועט שליאָמע זיכ אויסקערנ מיט דער פלייצע... אונ פארפאלנ.

ער זאָגט ווידער:

— איכ דארפ צומ באלעבאָס.

— נו?

— רעב שליאָמע...

— קאיִנ, קאיִנ! רעב שליאָמע... דארפסט צומ באלעבאָס? באמ טויער בינ איכ באלעבאָס.

— איכ דארפ צו שענקערנ.

— נו?

...ניסל דער קליינער האָט נאָך נעכטן איטשען געזאָגט: דער קאַין וועט דיך צום באַ־לעבאָס ניט צולאָזן. נאָר איכל דיר געבן אַן אייצע. אַן אויסגעפּרוּווטע אייצע. נעם אַ קע־שענע קליינגעלט, וועסט אַ קלונג טאָן מיט דער קעשענע, וועט דער קאַין דערשמעקן אַ ביטערן טראָפּן און וועט ווערן ווייך. נאָר הערסט, איטשע, ווי דו האָסט מיר פאַר אַ שאָכן, אַז געבן זאָלסטו אים אַ קרענק.

די אויסגעפּרוּווטע אייצע איז איצט געווען גרייט. איטשע האָט זיך אָבער דערוויַיל אָפּגעהאַלטן.

— איך מוז זען שענקערן.

— ניטאָ אים.

— ווען וועט ער זיַין?

— וועט ניט זיַין.

— אינגאַנצן ניט?

— אינגאַנצן ניט.

— און מאָרגן?

— ניין.

— איבערמאָרגן?

— ניין.

— עפּשער איז ער איצט דאָ?

— נו?

— כ׳פרעג, דעב שליאָמע עפּשער איז ער איצט פאַראַן אין קאַנטאָר?

— נו?

די צוגעגרייטע רעכטע האַנט, וואָס איז געלעגן אין דער הויזן־קעשענע מיט די האַרטע זעקסערס און צענערס, האָט אַ באַוועג געטאָן מיט אַלע פינף פינגער עטלעכע מאָל הין און צוריק.

— פאַרמאָגסט קופּער...—האָט שליאָמע אַ שמייכל געטאָן. ער האָט גענומען דרייען די לאַנגע שטעכיקע וואָנצעס און גיך פאַר זיך פּינטלען מיט די אויגן.— אַ פיַינע יערושע מיסטאָמע באַקומען. וואָס פאַר אַ געשעפטן האָסטו צו שענקערן?

שליאָמע דער וועכטער... קאַין... האָט ליב אַ שנאַפּס. נאָך ליבער האָט ער געלט.

— טרינקען פאַר אייגענע געלט גייט אַרויס באָקאָם—זאָגט ער שטענדיק.

נאָך מיט אַ יאָר צוויי צוריק פלעגט ער אין אַ פריַיען פאַרנאַכט זיך לאָזן פאַרפירן צום געלן מענדל געקע אין הינטערשטן טונקעלן צימער, אויסטרינקען אַ קווערטל פּייסעכ־דיקע און פאַרביַיסן מיט אַ זויערן אוגעריק. זינט מע האָט אים מיט אַ פּאָר יאָר צוריק דאָרט גוט אָנגעלייגט די ביינער, האָט ער מוירע זיך לאָזן פאַרפירן.

ער האָט מוירע...

אינדערפרי שטייט שליאָמע באַם טויער. שוין אַ מינוט און צוויי פריַער שליסט ער דעם טויער—פּאַרשפּעטיקט! פאַר אַזאַ „פאַרשפּעטיקן״ נעמט מען באַ די אַרבעטער שטראָף.

פון דער אַרבעט שטייט ער ווידער באַם טויער און באַזוכט. איז ער בערויגעז אָפּ אימעצן, פאַרהאַלט ער יענעם אין טויער.

— גיב מיט גוטן אָפּ.

— כ׳האָב גאָרניט גענומען.

— גאנוועסט אלעמאָל... כ׳ווייס, גיב אָפּ מיט גוטנ.

ער באזוכט יענעמ פונ קאָפּ ביז די פיס. געפינט גאָרניט אונ זאָגט:

— כוועל דיכ שוינ פאקנ! גיי!

די יונגע ווײַבלעכ אונ מיידלעכ, וואָס אײַלנ זיכ אהיימ אונ ווילנ זיכ ניט פארהאלטנ בא דער ווײַבערשער קאליטקע, גייענ צו שליאָמענ. ער באזוכט זיי גיכ אונ ווי ניט ווילנ־דיק, גיט ער אלעמאָל מיט דער האנט א שאר דאָרט, ווו מע דארפ ניט.

אימעצער פונ די דרייסטערע זאָגט:

— פאָרזיכטיק, רעב שליאָמע, איכ בינ ניט אייער ווײַב.

— פאר א גילדנ וועסטו זײַנ מײַנע. גיי!

ער האָט מוירע...

ער וועט זיכ ניט לאָזנ מער פארפירנ צו מענדל קעקע.

דעמ מיינ פונ איטשעס קלינגענ מיט דער קעשענע פארשטייט ער. ער וויל אויסדינגענ א פרײַז.

— וואָס פאר א געשעפטנ האָסטו צו שענקערנ? עס לוינט ניט. גיי בעסער ניט.

— איכ מוז.

— דו מוזט?

— איכ מוז. כ׳בעט אײַכ, רעב שליאָמע...

— בא קאינענ בעסטו, קלינגסט מיט א קעשענע קאָפּיקעס... קיינ איינ צענער געוויס ניטאָ.

— דורכויס צענערס.

— מיילע... דײַנ גליק. שענקער האָט הײַנט יאָרצײַט. אינ קאָנטאָר וועט ער ניט זײַנ. וועסט אימ צו מינכע טרעפנ אינ בעסמעדרעש. בא אימ, בא שענקערנ אינ בעסמעדרעש.

איטשע גלויבט אימ ניט. ער נעמט אָנ אינ קעשענע א זשמעניע צענערס אונ זעקסערס. שליאָמע גרייט שוינ א האנט אפּ געזעגענע (באמ געזעגענע וועלנ אינ זײַנ האנט פאר־בלײַבנ די צענערס). בא אימ פינטלענ פאר זיכ די אויגנ, דעד הויכער געקנייטשטער האלדז זעצט זיכ א ביסל אײַנ. ער זאָגט:

— צו מינכע. יאָרצײַט. הײַנט קענ מענ בא אימ אלצ פויעלנ.—אונ שמייכלט.

ער האָט אָנגעגרייט די האנט, נאָר איטשע נעמט זײַנ האנט פונ קעשענע ניט ארויס. ער גלויבט ניט שליאָמענ. שליאָמע לאכט געוויס פונ אימ.

— נארסט מיכ שליאָמע...

בא שליאָמענ ציט זיכ אויס די האלדז, ער זאָגט בייז:

— ניינ!

— נארסט מיכ. ער איז געוויס אינ קאָנטאָר.

שליאָמע גיט ארויס א הייזעריקנ כאָרכל אונ צעשרײַט זיכ:

— שפּאָטסט פונ מיר. רייצסט זיכ... אינ דרערד מיט די ביינער! כ׳ל דיכ נאָכ פאקנ. וועסט בא מיר מיט קייטנ קלינגענ, ניט מיט קעשענעס. וואָנ! וואָנ!

ער ווארפט זיכ א צערייצטער אפ איטשענ אונ שטופּט אימ ארויס פונ טויער.

אפ דער גאס האָט שוינ איטשע כאראָטע. עפּשער טאקע אנ עמעס געזאָגט. גיכער טאקע אנ עמעס. ער האָט גרויס כיישעק אָפּוואַרטנ ניסל דעמ קליינעמ אונ אלצ אימ

אויסדערציילן. ווארטן וועט אָבער אויסקומען צופיל. ער גייט א פּארטראַכטער איבער דער גאַס און זעצט זיך נאָכדעם צו בא די קלויסטער־שטאַכעטן ווארטן אפּ מינכע.

פונדערווײַטן דערזעט ער כיענע קריקון קוקט ארויס פון איר קרעמל אין מאַגי־סטראַטסקן ריאַד. זי האָט זיך צוגעשטעלט א האַנט־דעכעלע צו די פּארטרערטע קאַליע אויגן און קוקט פּונקט אפּ אים.

דידאָזיקע באַגעגעניש וויל ער אויסמײַדן און גייט אוועק.

„איכל דיך נאָך פּאַקן!" דערמאָנט ער זיך. שליאָמע, זאָגט מען, קען אליין אונטער־ווארפן א פּעקל פּאַפּיראָסן אין א פרעמדער קעשענע באַם באַזוכן.

— „און טאָמער האָט ער מיך טאַקע אָפּגענאַרט מיטן יאָרצײַט, מיטן מינכע, מיטן בעסמעדרעש?"

איטשע ווערט אומרויִק. ס׳ציט אים אין הארצן. עס הונגערט. ער שלינגט אראָפּ געדיכטע און ווארעמע שפּײַעכץ און דערפילט זיך מיד.

— „צו וואָס האָב איך עס געדארפט אינגאַנצן האָבן? שענקער וועט מיך אָנקוקן ווי א מעשוגענעם. וואָס הייסט, מיר קומט פון אים ארויס?"

איטשע איז בערויגעז, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אײַנריידן.

— „ער, דער נאַר, דער טאַטע פון קינדער...

— „ער וואָס וויס זייער גוט, אז ס׳איז אלציינס, ס׳וועט גאָרניט ארויסקומען, ס׳וועט גאָרניט העלפן—קריכט!"

„איכל דיך נאָך פּאַקן!—א סוינע איז אים צוגעקומען.

טראַכטנדיק איז ער שוין דורכגעגאַנגען די סאָבאָרנע און פּאָטשטאָווע. טראַכטנדיק איז ער פארגאַנגען אין טאָליקן קליין־שווייצאַריע־סאָד. זיך אראָפּגעלאָזט צו די טונקעלע גע־דיכטע און שמאָלע ליבע־אלייען בא דער אויסגעטריקנטער בריכאַלקע און זיך צוגעזעצט אפּ א גרינעם לאַנגן באַנק.

ער איז היפּשלעך געזעסן פארמאַכט און פארטאָן אין זיך.

איטשע האָט זיך אופגעכאַפּט פון טראַכטן און דער ערשטער געדאַנק איז געווען: פּאר־שפּעטיקט מינכע. פארשפּעטיקט שענקערן!

ער האָט זיך געלאָזט גיך לויפן.

די שרעק פאר פארשפּעטיקן, דער פארדראָס און מידקײַט האָט אים אָנגעיאָגט א טרו־קענע שטעכעניש אין גאָרגל.

— „עפּשער לויף איך אומזיסט. שליאָמע האָט מיך אָפּגענאַרט. פארוואָס האָב איך אים געשוויגן?"

עס כאַפּט ארום א פארדראָס.

— „א מאָדנער מענטש איז ער, גאָר א מאָדנער.

— „אָט־אָט קען ער אפּ א באַליידיקונג ענטפערן. אָט־אָט וועט ארויספּלאַצן פון אים. נאָר ער האַלט זיך שטענדיק אָפּ. נאָכדעם פארדריסט עס אים. שפּעטער איז ער שוין צופרידן. סײַווי אלציינס... סײַווי... וואָס, ווער, ווען?..."

ער האָט זיך שוין גאָר געוואָלט אומקערן, נאָר איין געדאַנק האָט אים אָפּגעהאַלטן: טעכטער... שיינע, געראָטענע... נאָר אלע דארפן כאַסענע האָבן... טעכטער...

און אוועקגעײַלט צו שענקערס מינכע.

## 5

איטשע האָט צו מינכע ניט פארשפעטיקט. ער איז געווענ מיד אונ זיכ צוגעשטעלט בא א סטענדער אָפכאפנ דעמ אָטעמ. אָפרוענ.

אינ שענקערס גערוימענ בעסמעדרעש מיט די ליכטיקע גרויסע פענצטער, דורכ וועלכע עס קוקט ארײַנ א שיטערער יונגער סעדל מיט ניסביימלעכ אונ זונ־רויזנ, האָט שוינ געווארט דער אויסדערוויילטער געצײלטער מיניענ אפ מינכע.

קיינ איבעריקע קומענ ניט. מע רופט זיי פּאָשעט ניט. אויב עס קומט ארײַנ אימעצער, וואָס רופט ארויס כשאד, אז ער האָט איז זינענ בעטנ בא שענקערנ א נעדאָווע אָדער צושטיינ מיט טויוועס, באמיט זיכ דער שאמעס פּאָטער ווערנ פונ אימ.

איטשע האָט באקוקט דעמ גרינעמ סאמעטענעמ פּאָרויכעס מיטנ גילדערנעמ אויסגענייטנ אופשריפט, אז דאָס האָט מענאַדעוו געווענ די אישע, די גווירע, די צנוע מאָראס סאָרע באס ייִסראָעל שענקער...—שענקערס פרוי.

אינ דער רעכטער זײַט מיזרעכ האָט ער געזענ א גרויס מעשנ ברעטל. אפנ ברעטל אָנגעשריבנ „שענקער”.

א גרויער ייִד מיט א צעשפרייטער אונ שיטערלעכער ווײַסער באָרד איז געזעסנ אויבנ־אָנ אונ זיכ געשאָקלט איבער א סייפער. איטשע האָט אימ דערקענט. שענקערס ראָוו. ער זיצט שטענדיק אינ שענקערס בעסמעדרעש אונ לערנט.

איטשע האָט געוואָרפנ א בליק אפ דער הינטערשטער וואנט אונ גענומענ באטראכטנ דעמ געמעל, וואָס איז אָנגעפארבט מיט פארשיידענע קאָלירנ. א סרייפע, א הויז ברענט, פייגעלעכ טראָגנ שטרויעלעכ אינ די שנאָבלענ אונ ווארפנ אינ פײַער. דאָס ברענט געוויס דער בעסמעדרעש, ס'איז דער כורבנ... האָט זיכ איטשע געוואָלט קלאָר מאכנ, נאָר ער האָט טייקעפ לעבנ זיכ דערזענ דעמ שאמעס פונ בעסמעדרעש.

דער שאמעס פונ שענקערס בעסמעדרעש רעכנט זיכ פאר א יאכסנ (דורכ אימ קענ מענ אמאָל האָבנ א צוטריט צו שענקערנ) אונ וויל, אז אלע זאָלנ האלטנ פונ אימ. דאָס איז קענטיק פונ דער גאדלעס, וואָס ליגט אפ זײַנ שווארצער צעקאמטער יאָנטעוודיקער באָרד, פונעמ צופרידענעמ שמייכעלע אפנ בייזנ פּאָנעמ פונ א קײַסנ, וואָס באטײַט, אז ער האָט שוינ זײַנ לעבנ באזאָרגט אונ די שטאָט האָט ער אינ דער לינקער פיאטע. אפילע באלעבאטימ הערנ גאנצ ערנסט אויס, ווענ ער נעמט זיכ בארימענ:

— ס'רופט זיכ נאָר שאמעס, אינדערעמעסנ בינ איכ בא זיי (דאָס רופט ער שענקערנ אונטער די אויגנ „זיי”) אפ א שטעלע. קעדוימע, ווי א קאָנטאָרשטשיק. אונ סכירעס צאָלנ זיי מיר אויכ קימאט ווי א מלאדשי בוכהאלטער. סאקע א שטעלע... עס רופט זיכ נאָר שאמעס. וואָרעמ אויסער דעמ בעסמעדרעש זײַנענ זיי מיר מעכאבעד מיט היפשע איניאָנימ.

דער שאמעס האָט מיט אנ אומצופרידענער מינע געפרעגט בא איטשענ:

— וואָס דארפ א ייִד?

פאר איטשענ איז די פראגע געווענ אומדערווארט. ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערנ. וואָס הייסט, וואָס דארפ א ייִד אינ א בעסמעדרעש?...

— צו וועמענ דארפט איר?—האָט דער שאמעס איבערגעפרעגט בערויגעז אונ מיט באלעבאטישער זיכערקײַט.

— צו וועמענ דארפ איכ?! אָט צו וועמענ איכ דארפ — איטשע האָט אָנגעוויזנ מיטנ האנט צומ אָרנ קיידעש—צו גאָט!

— זײַנען דאָך פאראן באָטעמעדראָשים אויסער אונדזערן. בא אונדז דאווגט מען נאָר שאבעס.

— — שאבעס? הײַנט אויך. יאָרצײַט...

— דאָס מיינט טאקע דער פּאָסעק. יאָרצײַט! דאָ גיט ער קיין נעדאָװעס ניט. ניטאָ וואָס צו ווארטן. פאראן שוין א מיניען. דערשמעקט יאָרצײַט... מע זאָל זיי נאָר צולאָזן...

— איך בעט בא קײנעם קײן נעדאָװעס ניט.

— איז דאָך געוויס רעכט. גאָט פארנעמט א ייִדנס געבעט אומעטום... וועט איר טאקע זײַן אזוי גוט זיך ארײַנכאפּן אין אנטקעגנדיקן בעסמעדרעש.—דערביי האָט ער אָנגעוויזן די טיר.

איטשעו האָט עס שטארק א ברען געטאָן. ער האָט קיין וואָרט ניט געקאָנט ארויס־ריידן, מיט קיין גליד ניט א ריר טאָן, ער האָט נאָר מיט גרויס האס אָנגעקוקט דעם שאמעס און געגלוסט מיט א פולן מויל אים ארײַנשפּײַען דאפקע אין דער שווארצער צעקעמטער באָרד ארײַן.

דער שאמעס האָר געמאכט א טראָט צוריק.

— דער גאנצער ראָשע איז אים אין פּאָנעם אָנגעלאָפן. באליידיקט א קאפּצן. ס'וועט דיר צום ייִכעס ניט שאטן...

ער איז צוגעקומען גאָר נאָענט צו איטשען, אים אָנגענומען פאר דער האנט מיטן באגער אים ארויסצובאגלייטן.

איטשעו האָט געפילט, אז אָט־אָט וועט ארויספלאצן פון אים זײַן אופגערעגטקײַט. ער איז שוין געווען אינגאנצן אויסער זיך און ס'האָט זיך בא אים, ווי אומגעריכט פאר זיך אליין, דורכגעריסן אן אופגערעגטער טרוקענער שפּײַ אין שאמעס יאָנטעװדיקער באָרד.

דער שאמעס האָט זיך אפּ אים געוואָרפן מיטביידע הענט און גענומען שטופּן אים צום טיר. אימעצער איז אים צוגעלאָפן העלפן. זיי האָבן אים צוגעשלעפּט צום ארויסגאנג און געוואָלט מיט אים די טיר עפענען, נאָר זי האָט זיך אליין געעפנט פון יענער זײַט און שענקער האָט זיך באוויזן.

שענקער איז אהער אָנגעקומען אין א גוטער שטימונג. כאָטש אָנגעהויבן האָט זיך דער טאָג בא אים מיט פארדרוס.

אין א יאָרצײַט־טאָג פערנעמט זיך ניט שענקער מיט זײַנע געשעפטן. ער גייט ניט אין קאנטאָר פון דער טאבאק־פאבריק, אינטערעסירט זיך ניט מיטן טארטעק, פרעגט גאָרניט באם בוכהאלטער. ער פארנעמט זיך מיט היימישע איניאָנים, טיילט נעדאָװעס, כאפּט זיך ארײַן אין א טאלמעד־טוירע פארהערן די קינדער.

אָנגעהויבן האָט זיך דער טאָג מיט די זין. די זין—געזונטע, אָפּגעפרעסענע, פולע. שענקער רופט זיי אָן: באלבעסן. פון גימנאזיע גיט מען איבער, אז זיי לערנען ניט. שענקער, זינט ער איז געוואָרן דער גרויסער גוויר, ווײַזט ער פאר אלעמען, אז ער האלט ניט פון די „געלערנטע”. ער אליין האָט געלערנט ווינציק, זײַן גאנצן וויסן האָט ער פון דער פּראקטיק ארויסגעשעפּט. ער מיינט, אז די „געלערנטע” ריידן אלץ פון די ביכער ארויס און ווייסן ניט אפּ וועלכער ערד זיי גייען. אינדערעמעסן אָבער האָט ער פאר זיי אן אינעווייניקסטן אָפּשײַ און וואָלט אמאָל אליין כיישעק האָבן א שפּיל טאָן מיט א פּאָר שפּראכן. ער ווײַזט עס, עמעס, ניט ארויס. די זין, וויל ער, זאָלן יאָ קענען. די זין ווילן ניט און ער האָט פון דעם פארדראָס.

און דאָ קומען נאָך פלוצלינג אָן צו דער ווײַב „אירע געסט“.

„אירע געסט“—הייסט איר מישפּאָכע, וואָס אמאָל האָט ער מאמעש געלעכצט זיי זאָלן קומען צו אים. דאָס איז אָבער געווען אמאָל, ווען ער האָט נאָרוואָס איבערגענומעג באַם טאטן די געשעפטן און איז לויט דער שטאָטישער ייִכעס־אײַנטיילונג נאָך קיין גוויר ניט געווען, ניט מער ווי א נאָגיד און ניט פון די בעקאָוועדיקע. ער האָט דעמלט געזוכט ייִכעס. אז זײַן איצטיקע פרוי האָט געוואָלט ווערן זײַן קאלע, האָבן אירע עלטערן אופגעהויבן אָ גוואלד. זיי האָבן איבערגעגעבן: ער זאָל זיך אפילע אפ זייער גאס ניט באַווײַזן. ס׳איז געווען א שטילע כאסענע. אירע עלטערן האָבן דעמלט אָנגעזאָגט: מע וויל זיי ניט קענען און ויסן. ס׳איז א פלעק, וואָס די מישפּאָכע וועט זיך קיינמאָל פון אים ניט אָפּוואַשן. שענקערן זײַנען די געשעפטן זייער גוט אוועק. לויטן שטאָטישן כעזשבן איז ער אינגיכן געוואָרן א גוויר. דערנאָך א פײַנער גוויר. אירע עלטערן האָבן אלץ ניט געוואָלט פון אים ויסן. ערשט נאָכדעם, אז ער האָט זיך גענומען שפּארן אין מיליאָנשטשיק אַרײַן, זײַנען זיי געוואָרן ווייכער און האָבן גענומען אפילע שוין צופיל קריכן צו אים.

איצט וויל ער זיי ניט קענען.

איר מישפּאָכע—זאָל זי. אָבער ער?

ער האָט אמאָל איר מישפּאָכע איבערגעגעבן:

— ער איז ניט קיין וועשער.

מע האָט ניט פארשטאנען און ער האָט א צווייטן מאָל געמוזט אופקלערן:

— ער איז ניט קיין וועשער און וויל דעם פלעק פון זייער מישפּאָכע ניט אָפּוואַשן ער פארלײַדט זיי ניט. אז ער דערזעט זיי, ווערט ער אופגערעגט. נאָר ווען ער בארויִקט זיך, דערפילט ער דאָך א צופרידנקײַט, וואָס ער האָט אויסגעפירט און וואָס זיי מוזן קומען צו אים.

א גאנצן אינדערפרי איז ער געווען פול מיט פארדראָס, האָט זיך גיך אָפּגעפארטיקט מיט נעדאָוועס, געגעבן בעקיווון מער ווי אלע מאָל — אפ גיכער אָפּקומען. שפּעטער האָט ער זיך בארויִקט.

די ווײַב האָט זיך הײַנט זייער גוט געפילט. דאָס האָט זײַן שטימונג פארבעסערט. ער האָט גענומען ארומגיין בא זיך אין קאבינעט און באטראכט, וואָס ער דארף נאָך טאָן הײַנט אין טאָג פון יאָרצײַט נאָכן טאטן. דוכט זיך אלץ געטאָן. דוכט זיך... אפילע דעם טאטנס פארלאנג פארן טויט... יאָ. ער פילט אים אויס. אין פאבריק בא אים זײַנען קימאט דורכויס ייִדישע ארבעטער. ער איז פון די איינציקע, וואָס האלטן ייִדישע ארבעטער לויט א פרינציפּ.

— ער איז א גוויר.

— א פאבריקאנט.

— נאָר א ייִד.

ער שפּאנט מיט גרויסע טריט און רעדט ווי צו אימעצן:

— איז זאָל מען טאקע ויסן. שענקער דער גוויר, דער מיליאָנער, שענקער... שעמט זיך ניט אין טאָג פון טאטנס יאָרצײַט אויסהערן א בלאט געמאָרע, וואָס זײַן אייגענער ראָוו אין זײַן אייגענעם בעסמעדרעש וועט לערנען פאר א מיניען פײַנע ייִדן.

ער האָט פון דעם גרויס האנאָע. זײַן צופרידנקײַט וואקסט.

— „אז עס שאדט מיר גאָרניט. אז פארקערט... דאָ ליגט עפּשער מײַן האצלאָכע.

— „...ניט איך איינער בעט. ניט נאָר מײַן מאזל אליין...

— „...אַלע מענטשן, וואָס אַרבעטן בײַ מיר, בעטן גאָט פֿאַר מײַנע געשעפֿטן, פֿאַר מיר, פֿאַר מײַן הויזגעזינד, זייערע אַלעמעס מאַזלען שפּילן אין מײַן לאָטעריי בײַ גאָט".

אין אַזאַ שטימונג איז ער אָנגעקומען צו זיך אין בעסמעדרעש.

דער שאַמעס מיטן צווייטן האָבן זיך באַלד אָפּגעטראָגן אויף זייערע ערטער. שענקער האָט אַ זשמורע געטאָן מיט אַן אויג. אַ טיפֿער אָטעם געטאָן מיט דער נאָז מער ווי אַלע־מאָל און אַוועק צו זײַן מיזרעכ־אָרט מיטן אָנגעקלאַפּטן ברעטל.

אײַנגיכן האָט מען זיך געשטעלט דאַוונען מינכע.

איטשע איז געבליבן שטיין בײַם טיר. דערנאָך אַליין ניט געפֿילט, ווי ער האָט זיך צוגערוקט צו אַ באַנק און געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. פֿון בייזקײַט האָט ער געפֿילט אַן אָפּגעשוואַכטקײַט, אויך ער האָט געציטערט. ער איז איצט גרייט געווען שלאָגן אַלעמען איבער די קעפּ מיט אַ סטענדער, אויסרײַסן בײַ דעם נימעסן שאַמעס די באָרד.

— וועלכער שוואַרציאָר האָט מיך געשטויסן קומען אַהער?

ער דערפֿילט איצט דײַטלעך אין זײַט דעם ווייטיק פֿונעם שאַמעס שטורכענישן.

— וואָס האָב איך צו טאָן בײַ שענקערן?

דער מיניען דערוויײַל דאַוונט. בײַם אָמעד זאָגט מען:

— ייִסגאַדאַל וועייִסקאַדאַש שמוי ראַבאָ...

איטשע הערט גאָרניט וואָס אַרום אים טוט זיך. ער איז פֿאַרנומען אײַנגאַנצן מיט זיך:

— אין דר'ערד האָב איך אים, איך דאַרף ניט זײַנע טויוועס.

דער מיניען שרײַט:

— אָמיין!

— איטשע בייזערט זיך:

— ער קומט מיר גאָרניט אַרויס. מויכל...

אין בעסמעדרעש דער מיניִען: באָרעכהו אַוואָרעכ שמוי.

איטשע בײַם טיר:

— וואָס שטיי איך דאָ? וואָס וואַרט איך דאָ? ווען דאַרף איך דאָ?

און ווען דער מיניען האָט זיך געקליבן ענטפֿערן אַ הויכן „אָמיין", האָט איטשע מיט האַסט אַ ריס געטאָן די טיר, אַרויסגעלאָפֿן מיט אַ בייזן ברום און געלאָזט די טיר שטיין אָפֿן.

---

אין אַ טאָג צען־צוועלף אַרום האָט ער צופֿעליק באַגעגנט שענקערן. שענקער האָט אים אויסגעהערט און געזאָגט:

— נו, איז וואָס?

— ער איז נאָך אַ געזונטער געווען, אַ גרויסע שטיצע פֿאַר מיר...

— קורץ, קורץ! שטיצע... דאַרפֿסט שטיצע. קינדער האָסטו?

— פֿאַראַן.

— אַלע אַרבעטן?

— דער ייִנגסטער ניט. אַ ייִנגל.

— ברענג אים אַהער. מע וועט אים אין פֿאַבריק צונעמען, וועסטו האָבן שטיצע...

---

דער קריג וועגן פײַוולס טאַכלעס איז געלייזט געוואָרן.

מ. טאלאלײַעװסקי

# האָרפּינע

(דערציילונג)

1

צווישן קוואָרים פאַרוואַקסן מיט גרינס—שטייט א בערגל א פרישער,
די ערד איז נאָך גרוי און א פּאָן זיך צעוויט אין צעקאָפּנס.
א סלופּ מיט אן אָנשריפט:
„סע ליגט דאָ א מענטש א דערדישעטער
אפ דער וואַך באַם פאַרהיטן קאָלווירטישע קאָפּעס".

---

איר נאָמען—האָרפּינע,
דעם אָרימאַנס א שניר,
דעם נעזאַמאָזשניקעס א ווײַבל,
אָ די, וואָס איר זון איז אצינד קאָמאַנדיר,
אָ די, וואָס ערשט הײַאָר ט'געלערנט זיך שרײַבן.

האָרפּינע—אָ די, וואָס א קײַלעכדיק יאָר
אמאָל פלעגט זיך פּלאָגן אפ פּריצישע הויפן.
און שפּעטער געשוואָרן באַ דעם קאָפּ גרויע האָר,
אז געזוג, אז זי וועט זיך שוין מער ניט פאַרקויפן.

זי גייט מיט דער יוגנט צוזאַמען ארויס,
זי שפּירט און זי היט דאָס קאָלווירטיש פאַרמעגן.
באַנאַכט, ווען ס'איז קאַלט און באַטאָג, ווען ס'איז הייס,
אין ווינט, און אין שניי און אין רעגן.

2

און געווען איז א טאָג און א היץ, אז די ערד האָט געשמעלצט זיך.
אין שאָטיקן אין שלאַנקע ז'געשטאַנען דאָס ברויט אפן פעלד.
באַם היטן דאָס ברויט האָט געמוזט זײַן א מענטש פאַר אן עלטסטן.
און ס'האָט די פאַרוואַלטונג האָרפּינען פאַר עלטסטן געשטעלט.

מע האָט איר געגעבן א פערד און א ביקס, און א ווּנטש:
— האָרפּינע, געדענק, זײַ דאַרט וואַכ, ווי דײַן זון אפ דער גרענעצ.
און זי האָט געשווירן מיט זיכ, מיט איר זון, מיט איר אַלטנס געזונט,
אז וואַכ וועט זי זײַן און געטרײַ, אָט אזוי ווי געווען איז.

נאָכן טאָג איז געקומען א נאַכט—א געדיכטע, א שווארצע,
א וויי געטאָן האָט מיט אן אומרו, ווי אין א שטורעם-געוויטער.
פלעגט זיכ א גליטש טאָן א שטערן—פלעגט זי א צופּ טאָן באַם הארצן
פּונקט ווי אין צװאַנציקסטן יאָר, ווען אין דאָרף פלעגן קומען באַנדיטן.

נאָר די נאכט איז אוועק. נאָכ דער ערשטער ז'געקומען א צווייטע,
דער הימל ז'נאָכ טיפער געווען און מיט וואָלקנס געדיכטע פארשפּינט.
ס'האָט האָרפּינע געפילט אין איר בלוט א פארבאָרגענעם ווייטעק,
דאָס לײַב האָט געהריזעט א קאַלטער, א סטעפּישער ווינט.

און אָט איז שוין, דאכט זיכ, פארטאָג, דער הימל איז שווערער און טונקלער
א שמאָלער פרימאָרגיקער פּאס האָט דעם הימל פארפּוצט מיט א זוים.
עס ווערן האָרפּינעס צוויי אויגן—צוויי קליינע פארמאטערטע פּונקען.
פארשלאָפענע הענט האַלטן פרײַער דאָס פערד, דאָס געצוימטס.

נאָר אָט הערט זי גאָר טריט אין פארטאָגיקער, טויִקער סטערניע,
אויס מידקײַט, אויס שלאָף, דורכן לײַב לויפט א ציטער, א קעלט...
— ווער איז דאָרט?—ס'איז איכ, דײַן קומא, לוקעריע.
— ווער איז דאָרט?—כ'וועל שיסן. ווער איז דאָרט באַנאכט אפן פעלד?!

אָט זעט שוין האָרפּינע א מענטש מיט א זאַק אפ דער פּלייצע
און אָט איז א צווייטער לעם אים און ס'אַנטלויפט שוין א דריטער.
— שטיי, איכ וועל שיסן!—איר קאָל אפ דער סטערניע צעשפּרייט זיכ.
און ס'דאכט, אז אפילע די שאָקן—זיי כאַפּן א ציטער.

— האָרפּינקע, וואָס שרײַסטו, מעשוגענע, ווער וועט דיכ הערן?—
ס'איז נאכט און ס'איז ווײַט פונעם דאָרף, פון קורינ...
— מיר זײַנען דאָכ פרײַנטלעכ, ס'איז איכ, דײַן קומא לוקעריע,
דערמאָן זיכ, איכ בין א כרעשטשענע געווען בא דײַן זון.

— ווו איז ער אצינד, און וואָס מאכט ער אצינדערט מײַן זון.
שוין לאנג ניט געזען. און מיט דיר בין איכ פּונקט, ווי צעקריגט.
— נאָר ווער איז דען שולדיק, אז דו האָסט פארבלאָנדזעט, האָרפּינע,
און ביזט אפ דער עלטער געוואָרן בא זיי וואַרטאָוויק.

דו פּאָרסט דאָ אַרום מיט אַ ביקס און דו שטעלסט אײַן דאָס לעבן
פאַר וואָס און פאַר וועמען, טו אַ טראַכט צוליב וועמען...
קעגן מיר, קעגן אונדז, וואָס מיר פלעגן דיר לײַען און געבן—
אַ בעטלערן ביסטו געווען, און דו פלעגסט בא אונדז נעמען...

האָרפּינקע דערמאָנט זיך גענוי—נאָר זי וויל ניט געדענקען
— איר גאַנוועט מײַן פּראַצע, קומאַ, איר בארויבט אונדזער מי.
גאַנאָווים זײַט איר, דער געזעץ קעגן אײַך איז אַ שטרענגער,
איז גענומט נאָר די זאַק אַפּ די הענט, און איר זײַט אַרעסטירט.

— „האָרפּינע, וואָס טוסטו?"—„לוקעריע, איך הייס און איך פּאָדער",
— „האָרפּינע, דו שפּאַסט ניט?"—„אַ וועכטער פאַרשטייט ניט קיין שפּאַס"...
די בלאַסע לעוואָנע ז'אָוועק אין פאַרטאָגיקע וואָלקנס זיך באָדן
און אָט בא דעם ראַנד איז נאָך העלער געוואָרן דער פּאַס.

האָרפּינע ט'געגעבן אַ שאָס און די קויל איז אַוועק צו די שטערן,
דער רוים האָט געגעבן אַ ציטער און ס'האָט זיך דערשראָקן דאָס פערד...
— נעמט זי, וואָס שטייט איר—קוויטשעט דערשראָקן לוקעריע.
אַ רעגע—און ס'ליגט שוין האָרפּינע אַפּ דר'ערד.

— דישעט זי, דישעט זי, לאָזט, כ'וועל אַליין זי דערדישען.
נו, וועסט שוין ניט שיסן אַ צינד, מעשוגענער קאָמיסאַר.
און זאָל אונדזער ערד דיר זײַן פאַר אַ ווייכינקער קישן.
גענומען די זאַק און אַוועק צו דעם באַרג.

דאָס פערד איז געשטאַנען פאַרזאָרגט מיט פאַרטערנטע אויגן,
דעם וואַרעמען קערפּער האָרפּינעס באַשמעקט פונעם קאָפּ ביז די פיס,
און פונקט, ס'וואָלט פאַרשטאַנען, עס האָט צו דעם האַלדז זיך געצויגן
און פלוצים עס האָט צו דעם דאָרף זיך געגעבן אַ ריס.

3

דאָס דאָרף האָט שוין געקאָכט.
אַ מאַכנע קאָמיוגיסטן
האָבן געפּאַקט די דרײַען מיט די זאַק.
די פענעמער בא זיי—פונקט עמיצער אומיסטן
וואָלט זיי געפאַרבט אין ווײַסן לעצטן שרעק.

און פיר דרוזשיניקעס—
האָרפּינעס ייִנגסטע פרײַנט—

האָבן פּאוואָליע זי געטראָגן צו דעם דאָרפּראט.
אין אירע טויטע אויגן האָט א זון געשײַנט
און רוּיִק איז איר קאָפּ געווען פאַרוואָרפן.

דעם טאָג איז מען ארויס אין פעלד
ווי אַלעמאָל פאַרפרי,
מיט זון צוזאמען זיך געשטעלט צום ברויט,
ווײַל הײַאָר האָט געראָטן אין קאָלווירט
די שווערע מי איז גוט געווען באַלוינט.

און זי ז׳געבליבן ליגן אינעם ראט
אין רײַפע זאנגען
און אין קוויטן־קרענץ באַצירט.
איר קראנקער מאן ז׳געזעסן און געוואַרט
ביז קומען וועט דער זון, דער קאָמאנדיר.

מ׳האָט צום זון אירן געשיקט א טעלעגראמע:
— „קום, געשטאָרבן איז די מאמע״.

4

און דער פאַרנאכט ז׳געווען א שפּעטער און א קילער,
מע איז פאַרהאָרעוועט געגאנגען פון פעלד.
אין שווערע שפּאנ האָט מען געקאָנט דערפילן:
מע גייט זיך זעגענען מיט בעסטן פרײַנט און העלד.

א קאָמיוגיסט־האָרפּינעס א פּאַרטרעטער
גענומען א וואָרט, אן אומרויִקס, א שטאַרקס.
און ס׳האָט געדאכט, ער וויל דעם ווײַ פאַרגלעטן,
נאָר ס׳איז דער ווײטעק שווערער פון א בארג.

און ווען מע האָט געפירט דאָס ברויט צום עלעוואטער—
די ערשטע וואלקע ברויט פון דרעש־מאשינען—
איז אָפּ דעם יאָנטעוודיקן פאָנען־פּלאַטער
פאַרקריצט געווען דער נאָמען
— האָרפּינע.

אווראָמ קאהאַנ

# ארנ ליבערמאנ

(היסטאָרישער ראָמאַנ)

## אינ ווילנער ראַבינער שול

### I

אַלע פאַרנאַכט שטעקט זיכ אַרײַנ א קאָפּ פונ א פרומער זויבערער ייִדענע. אינ צימער איז דעמלט האַלב טונקל, קאַם, וואָס מע זעט אָנ דעמ לערער, ער זיצט איבערגעבויגנ איבער א בוכ, אונ דער טאַלמיד—דער קליינער צעניאָריקער הערשעלע—פאַרײַסט די אויגנ צו דער ייִדענעס קאָפּ.

די ייִדענע פרעגט:

— טײ טרינקענ וועט איר גײנ?

— באַלד.

סײַ דער לערער, סײַ דער טאַלמיד האָבנ הײַנט ניט באַמערקט, ווי ס'איז צוגעפאַלנ דער ווינטערדיקער אָפּדערנאַכט אונ באַקלעפּט די שויבנ מיט טונקל-בלאָווער אונ פראָסטי-קער קעלט.

דער לערער—ליבערמאַנ האָט די גאַנצע צײַט אַרײַנגעקוקט אינ א בוכ, אונ דאָס גע-ברײַזלטע ייִנגעלע האָט זיכ געשפּילט מיט פאַרשיידנקאָלירנדיקע גלעזלעכ אונ פונ צײַט צו צײַט פאַריסנ די אויגלעכ צומ לערערס פאַרטאָנענקײַט אינ בוכ.

— מע רופט—טוט דאָס ייִנגעלע א טאָרע דעמ לערער.

— ווער?

— די מאַמע. טײ טרינקענ.

— דו גײ, אונ איכ'ל דאָ עפּעס פאַרענדיקנ.

די ליכט קנאַקנ לײַכט, ווי מע שיסט פונ א קינדערשנ פּיסטויל.

שטענדיק, אינ דער צײַט אַנ ערעכ, שטעקט די מוטער אַרײַנ דעמ קאָפּ, זי וויל וויסנ, וואָס איז אַזוי שטיל אינ אַלקער אונ, צוויטנס, וויל זי וויסנ ווי הערשעלע לערנט זיכ. אַז מע דאַרפ גאָרניט, ער זאָל גײנ אינ דער גימנאַזיע. וואָס האָט עס איר מוישע אויסגע-טראַכט, סע וועט זײַנ געגוג, אַז איר הערשעלע וועט קאָנענ א כעזשבנ אונ זײַנ אַזא האַר-כאָוועדיקער סויכער, ווי איר מאַנ אונ פליטנ וועלנ גײנ איבער דער ווילִיע אונ איבער דער ווײַסל אונ פאָרנ וועט ער אַזש קײנ דאַנציג אונ קײנ קעניגסבערג. דאַנציגער סאָכרימ קומענ צופאָרנ, טאָר מענ ניט זײַנ קײנ אַמאָרעצ אונ דער טאַטע זײַנער האָט זיכ צוגע-טשעפּעט אונ אויסגעטראַכט א שטודירנ.

די ייִדענע האָט זיך אַליינ איבערגעשלאָגנ.

— אונ טיי וועט איר טרינקענ, ארנ, סע שטייט שוינ אפנ טיש.

ליבערמאַנ האָט אָפגעריסנ זײַנ בליק פונ אנ ארטיקל אונ שווײַגנדיק געגאַנגענ אינ גרויסנ צימער צום טיש.

ס׳איז געווענ אָנגעהייצט אינ דער גווירישער שטוב.

אינגיכנ איז אָנגעקומענ דער באַלעבאָס—א ברייטער ייִד מיט א לאַנגער באָרד, ער האָט זיך געוואַשנ די הענט, זיי געווישט אינ האַנטעך אונ עפּעס מורמלענדיק געשאָקלט מיטנ קאָפּ צום סטודענט פונ דער ראַבינער־שול.

— קאַלט?—האָט דער באַלעבאָס צווישנ מורמלענ א פרעג געטאָנ.

ליבערמאַנענ איז גראַדע געווענ זייער וואַרעמ, ס׳האָט אימ פאַרווּנדערט דעמ באַלעבאָס פראַגע, ער הייבט אופ די אויגנ:

— מיר איז וואַרעמ.

— ניינ, איך מיינ אינ דרויסנ איז קאַלט.

רעב מוישע האָט געווּסט, אז ארנ וועט וועלנ באַלד נאָך טיי טרינקענ אנטלויפנ, ער טוט עס אַלע אָפּדערנאַכט. וווּהינ אײַלט ער זיך אזוי? בעסער זיצנ דאָ אינ דער וואַרעמ, אינ דער זעט, אינ היימלעכקײַט, אינ דער ליכטיק. דער באַלעבאָס ווינקט צו זײַנ עלטערע טעכטערל:

— א ראָכצע, ס׳איז קאַלט אינ דרויסנ.

אונ ער ווישט זיך נאָך אַלץ די הענט אינ האַנטעך, אזוינע גרויסע אונ פײַכטע הענט בא רעב מוישע טראָצקי.

ראָכל לאָזט אראָפּ דעמ קאָפּ.

— וואָס־זשע, מײַנ אייסעק,—רויטלט זי זיך אונ וויל אוועקגיינ אינ אַלקער.

— פאַרוואָס זאָל ניט זײַנ דײַנ אייסעק...

ראָכל איז שוינ פונ יענער זײַט טיר.

איבערנ טיש גייט אומ א גרויסער דאַמפּ אונ ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס אינ שטוב איז פולקומ וואַרעמ, זעצט ער זיך אָפּ, דער דאַמפּ, אפנ טיש אונ מאַכט פײַכט דעמ פאַר־קאַטשעטנ פערלדיקנ ווײַסנ טישטעך.

די מוטער זיצט אפ דער קאַנאַפּע אינ א טערקישער שאַל אונ ווינקט אַלע מאָל צומ מאַנ, ער זאָל ניט רופנ ראָכלענ צומ טיש. שוינ א פּאָר מאָל האָט זי געהאַט מיטנ מאַנ א שמועס, אז עפּעס איז איר זײַנע צורײדעניש פאַרדעכטיק, וואָס־זשע, זיי שטייענ אינ דעמ, וואָס עפּעס א ליבערמאַנ א סטודענטל אינ דער ראַבינער־שול וועט יאָ כאַפּנ א קוק, ניט כאַפּנ קיינ קוק אפ זייער שיינער אונ אויסגעשפּילטער טאָכטער.

— א? מיר שטייענ דענ אינ דעמ, מוישע?

דער פאָטער האָט זיך אָנגעשלאָגנ אינ דעמ, אז הערשעלעס לערער זאָל פאַרבלײַבנ אינ אָפּדערנאַכטנ וואָס לענגער. דוכט זיך, אז ער איז צופרידנ פונעמ מאַלכעסדיקנ געלעגער.

דער סטודענט פונ דער ראַבינער־שול האָט זיך אַלע אָפּדערנאַכט געײַלט ערגעצ.

דאָס האָט ער אופגעגעבנ אונ מיטגעהאָלפנ צו גרינדנ אינ ראַבינער־שול גרופּעס פאַר זעלבסטבילדונג.

הײַנט איז ליבערמאַנס א רעפעראַט וועגנ פיסאַרעוונ. ער שטייט שוינ אָנגעטאָנ אינ פּאַלטאָ אונ געזעגנט זיך מיט זײַנע באַלעבאַטימ.

ראָכל שטעקט ארויס דעם קאָפּ פונ אלקער אונ זעט ווי ליבערמאנ זוכט א בוכ. זי האָט אים אנידערגעלייגט אונטער דער קישנ אינ טאטנס בעט. ליבערמאנ זוכט דעם בוכ, געפינט ניט, בויגט ער זיכ צו די בענקלעכ, הינטערנ טיש, זוכט אפנ אלמער מיט ספאָרים—ניטאָ, ער גייט אינ אלקער, וו ער איז פריִער געזעסנ מיט הערשלענ, געפינט אים ניט.

— הערשל,— רופט ליבערמאנ,— געפינט דעם בוכ, וואָס איכ האָב א גאנצנ פארנאכט געלייענט.

דאָס ייִנגל טוט זיכ א וואָרפּ זוכנ אונ געפינט ניט.

ליבערמאנ מוז אָבער האָבנ דעם בוכ: ער האָט זיכ דאָרטנ אָנגעמערקט פיל ציטאטעס אונ אויסצוגנ צום רעפעראט. ער איז געשטאנענ אינמיטנ שטוב מיט א פארלוירענעם אויסזענ אונ געווארט, אז אָט וועט מענ אים צוטראָגנ פונ ערגעצ דעם געזוכטנ בוכ. אונ ווירקלעכ: פונ אלקער איז ארויסגעקומענ ראָכל א פארפאליעטע אונ מיט אראָפּגעלאָזטע אויגנ געגאנגענ צו ליבערמאנענ. פונ הינטער דער פּלייצע האָט זי ארויסגענומענ דעם בוכ, אים גיכ ארײַנגעשטעקט אינ ליבערמאנס אופגעשטעלטער האנט אונ צוריק אנטלאָפנ אינ אלקער. די לאנגע צעפּלעכ אירע האָבנ זיכ אפּ גיכ געבאָמבלט אונ געשווינדלט, ווי צעפּאָכעטע בײַטשנ.

זי איז פארשוווּנדנ אינ טונקלקײַט פונעם אלקער.

בא ליבערמאנענ האָבנ די אויגנ א גלאנצ געטאָנ מיטנ מיידלס שפּאס. ער קוקט אפנ באלעבאָס, וואָס האָט אפּ א רעגע אָפּגעשטעלט דאָס טיי טרינקענ, ליבערמאנ האָט ניט פארשטאנענ, וואָס דאָ איז פּאָרגעקומענ, געזענ ווי די מוטער קוטעט זיכ אינ דער טער־קישער שאל אונ ווי זײַנ טאלמיד הערשעלע שטייט לעמ אים אונ טאָרעט אים:

— זעט נאָר, ראָכעלע האָט פארבאהאלטנ אײַער בוכ.— אונ געלאכט מיט א קינדערשנ געזונטנ געלעכטער.

ליבערמאנ האָט פארשפּיליעט דעם פּאלטאָ אינ איז ארויס אינ אפדערנאכט צו דער ראבינער־שול.

דאָרט, וו עס הייבט זיכ אָנ די פּאָהוליאנקע, האָט ליבערמאנ דערזענ אָדעם האקויענ לעבענזאָנס הויכע פיגור. דער געדיכטער שניי האָט אינגאנצנ ווײַס געמאכט דעם הויכנ גרײַז, אונ ס'איז שווער געווענ צו דערקענענ וו הייבט זיכ אָנ זײַנ היפּשע גרויע באָרד אונ וו איז דער שניי.

— קוקסט, קוקסט זיכ אזוי אײַנ, דערקענסט מיכ ניט,— דעהערט ליבערמאנ לעבענ־זאָנס באקאנטע בייזלעכע שטים.

— פארוואָס, איכ האָב אײַכ דערקענט.

— דאכט זיכ לויטנ שטעקנ קענ מענ מיכ דערקענענ.

ליבערמאנ האָט געשוויגנ. ער האָט גערענקט, ווי דער אלטער האָט אמאָל אליינ געזאָגט וועגנ זײַנ סוקעוואטנ שטעקנ, אז ער טראָגט אים, מאכמעס ער האָט מוירע פאר גאָט.

— א קאשע אפּ א מײַסע ־האָט דעמלט לעבענזאָנ ווייכער געמאכט זײַנע אָנגעבערוי־געזטע געדיכטע ברעמענ—אז איכ קריג זיכ מיט אים, א קאשע אפּ א מײַסע...

זיי זײַנענ געווענ אפנ ראָג פונ טראָקער אונ זאוואלגער גאס, וו די ראבינער־שול איז געשטאנענ.

פונ די פענצטער האָבנ ארויסגעקוקט לאָמפּנ, וואָס זײַנענ אײַנגעוויקלט געווענ אינ בלאסע צעשווומענע רעדלעכ שײַנ, ווײַטע, ווײַטע לאָמפּנ אינ די אפדערנאכטיקע צימערנ.

— איכ בינ געקומענ דיכ הערנ— האָט לעבענזאָנ בא די טרעפּ מיטנ שטעקנ א טאָרע געטאָנ ליבערמאנענ, דו הערסט, דו שילער, דו ראבינטשוק, דו.

— טוט מיר בעפּיירעש האנאָע—האָט ליבערמאנ דערפילט א שטאָלצ, ער האָט אויסגע־ווארט ביז דעמ אלטנס הויכע פיגור וועט דורכשווימענ פאר אימ, דערנאָכ וועט ער נאָכ־גיינ, אָבער לעבענזאָנ האָט זיכ אויסגעדרייט אונ ניט געוואָלט גיינ אפריִער.

— ניינ ניינ, לייענסט היַינט א רעפעראט, ביסטו, ווי א כאָסנ־באָכער, וועל איכ נעמענ הינטערפירעכטס.

ליבערמאנ האָט מער ניט געמאכט קיינ שיִעס. ער איז אריַינ אינ א וויַיטערנ צימער, ווו מע האָט שוינ אפ אימ געווארט. ס׳האָט אימ פארוווּנדערט, וואָס אזויפיל אוילעמ, עפּעס היַינט מער ווי שטענדיק. אז ער האָט זיכ באוויזנ אינ צימער, זיַינענ צו אימ צוגעגאנגענ, עטלעכע שילער אונ געקוקט אפ אימ ווארטנדיק. מ׳האָט דערוויַיל, ווארטנדיק אָפ זיַינ קומענ, אריַינגעקוקט ווער אינ א געמאָרע, ווער אינ וואָסטאָקאָווס גראמאטיק.

ס׳איז געווענ טונקל אינ צימער, ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס אפ דער וואנט זיַינענ געהאנגענ צוויי היפּשע לעמפּ. איינער פונ די צוויי—האָט זיכ געטוקט אונ אפילע אביסל צוגעטשאדעט.

— ווו איז דער מאשגיִעכ?

— דער מאשגיִעכ, ווו איז?—האָבנ זיכ דערהערט קולעס.

דער ייִנגערער מאשגיִעכ, א דארער יונגערמאנ, איז אריַינגעלאָפנ אפ די געשרייענ.

— סע טשאדעט!—איז געפלויגנ עטלעכע קולעס מיטאמאָל.

דער מאשגיִעכ האָט אָפּגעמאָסטנ די פארזאמלטע מיט א קאלטנ אומצופרידענעמ בליק אונ אָנשטאָט ענטפערנ וועגנ טשאדענדיקנ לאָמפּ, געפרעגט:

— ווער האָט עס זיכ דערלויבט פארזאמלענ?

מע האָט געשוויגנ.

ס׳האָט דעמ מאשגיִעכ נאָכ מער אינ אנ אומצופרידנקיַיט אריַינגעבראכט.

איר ווילט נאָכ לעמפּ. דער דירעקטער דארפ ויסנ וועגנ אלצ, וואָס סע טוט זיכ אינ די ווענט פונ דער שול, אונ איר האָט אימ צו ויסנ געגעבנ?

דער מאשגיִעכ האָט נאָכ גערעדט אונ די שילער האָבנ אלצ געשוויגנ.

וואָס זאָל מענ אימ זאָגנ, שוינ דאכט זיכ, עטלעכע מאָל איז מענ געווענ בא בעזסאָ־נאָוונ, וואָס האָט אזוי אינזינענ די שול, ווי א ראווינִיסט יענע וועלט. איינער פונ די פאר־זאמלטע האָט דעמ מאשגיִעכ אריַינגעזאָגט גליַיכ אינ פּאָנעמ.

— דער דירעקטער ווייסט, אז מיר קליַיבנ זיכ צונויפּ.

— צוליב וואָס?—איז דער מאשגיִעכ בייז.

— צוליב זעלבסטבילדונג.

— ס׳איז ניט קיינ קאגאל אונ ניט קיינ טראָטואר—דאָ איז א פארמאכטער לערנ־אנ־שטאלט. אונ דאָס לעמפּל וועט וויַיטער טשאדענ.

אונ דער מאשגיִעכ האָט זיכ אויסגעדרייט אונ איז ארויסגעגאנגענ.

מע האָט פארשטאנענ אז קאסיק, דער ייִנגערער מאשגיִעכ, פוילט זיכ פּאָשעט מאכנ א פאראָרדענונג מע זאָל אריַינגיסנ קעראָסינ אינ לאָמפּ.

ליבערמאנ האָט פארנומענ דעמ אויבנאָנ אונ געוואָלט אָנהייבנ לייענענ. האָט זיכ באַ־וויזנ אינ צימער לעבענזאָנס הויכע פיגור אונ נאָכ אימ איז מיט א פולער פלאש קעראָסינ נאָכגעגאנגענ דער שטענדיק גוטמוטיקער וולאדיסלאוו, דער עקאָנאָמ פונ דער שול.

וולאַדיסלאַוו האָט זיך אַרופגעשטעלט צום לאָמפּ, אונטערגעשווירן דעם אָפּגעסמאַליעטן קנויט, אונטערגעגאָסן קעראָסין, און אַ גלײַך ציִנגל פֿײַער האָט לויטער געגומען אַרויס קוקן פֿינעם מעשענעם קאָלפּעקל אונטערן גלעזל.

די ראַוויניסטן האָבן זיך געכידעשט, וואָס דער טרוקענער זאָקן לעבענזאָן איז אַליין געגאַנגען רופֿן וולאַדיסלאַוון. לעבענזאָן, האָט, אָפּענעם, פֿאַרשטאַנען די פֿאַרוואונדערטע בליקן מיט וועלכע די רז.וויניסטן באַשטעקן אים, ווי מיט פֿעדערן, האָט ער זײַנע ברוגזע ברעמען אויפֿגעהויבן העכער צו דער גלאַנצנדיקער יאַרמעלקע:

— דאָס איז אַלץ, קינדערלעך, צוליב ליבערמאַנען. איך וויל הערן זײַן העברעיִש ריידן און דעם אָפּדערנאָכט האָט אַרן ליבערמאַן געהאַט אַ וואַרעמען רעפֿעראַט.

פֿאַר די צוהערער האָט ליבערמאַן אַראָפּגעבראַכט קימאַט אַ נײַעם נאָמען. די ראַוויניסטן האָבן שוין אַ פּאָר מאָל געליינט אורי קאָוונערס אַרטיקלען אין „האַמײַליץ“. זיי פֿלעגן איבעראַשט ווערן פֿונעם דרייסטן און פֿרישן טאָן, וואָס דערדאָזיקער אָווטער האָט מיט זיך געבראַכט. אָבער דאָס, וואָס ליבערמאַן האָט גענומען אים ציטירן באַגלײַך מיט פּיסאַרעוון, האָט עס בײַ די ראַוויניסטן גאָר־גאָר אויסגענומען.

ער שטייט, ליבערמאַן דער ראַוויניסט, און אַלע מאָל ווען ער וויל טרעפֿן אין עמעצן מיט זײַן פּאַרטראָג, אַנטפּלעקט ער היפּשע געלע, ניט קיין שיינע ציין, זײַנע זשעסטן זײַנען שאַרפֿע. ער בויגט זיך אַביסל אָן אַפּ פֿאָרויס און ס'פּילט זיך אין אים אַזאַ אַקשן.

עס זײַנען געווען מינוטן, ווען פֿאַר די צוהערער איז ניט קלאָר געווען צי ליבערמאַן ברענגט קאָוונערס ווערטער, צי דער אָווטער אַליין גייט אום דאָ אין דער ווילנער ראַבינער־שול.

דעם רעדנערס שיינע אויגן זײַנען אומגעגאַנגען און זיך פֿאַרכלינעט אין אַ ציטאַטע, וואָס ער האָט שוין אַ פּאָר מאָל איבערגעכאַזערט:

— „די ייִדישע ליטעראַטן זײַנען ציטערדיקע בלימלעך, ווײַל זיי ווייסן ניט ניט פֿון קיין לעבן און ניט פֿונעם פֿאָלק־גײַסט, זיי טראַכטן ניט און זאָרגן ניט פֿון פֿאָלק־נויטן, זיי שרײַבן בלויז צוליב דעם, אַבי אַ שיין טאָן מיט אַ גלענצנדיקער ביבל־שפּראַך. די ייִדישע שרײַבער שרײַבן ניט פֿאַר די לייענער, זיי שטרעבן ניט אַרײַנצוהויכן דאָס נײַע לעבן אין האַרץ פֿונעם פֿאָלק... דאָס אינטערעסירט זיי ניט, זיי שרײַבן אויס קינע צו יענעמס רום, ביכדיי צו ווײַזן זייער גרויסקייט לעגאַבע אַנדערע שריפֿטשטעלער, וועלכע זײַנען אַזוי אַמעראַציש, ווי זיי אַליין“.

די ראַוויניסטן האָבן זיך צוגערוקט נעענטער צום רעדנער.

איינער מיט אַ קאַסאָקע אויג האָט אַ שפּײַ געטאָן און איז אַוועק פֿונעם זאַל. מע האָט ניט געוווּסט, צי איז ער ברוגז אַפּ ליבערמאַנען פֿאַר זײַן שאַרף קריטיקירן, צי איז ער מאַסקים מיט אים.—דעריבער האָט מען אָפּגעווענדעט די אויגן פֿון אים, בלויז אַ קאָל האָט אים געפּרוווט באַגלייטן:

— אַ קאַסאָקע דערדאָזיקער פֿײַנשטיין.

און ווידער איז ליבערמאַנס קאָל אַוועק איבער דער אודיטאָריע:

— אַזוי האָט געשריבן אורי אווראָם קאָוונער, דערמאָנט זיך אין מיצקונס סייפֿערל „קינויר־דאָוויד“, וואָס איז אַרויס פֿאַראַיאָרן. ס'איז אַ טאַלאַנטלאָזער מעליצעניק, מיר וועלן ניט ציטערן איבער דער ליטעראַטור...

פֿלוצים האָט זיך דערהערט דעם אַלטן אָדעם האַקויענס געשריי:

ס'אַליגן! ס'אַ שאַרלאַטאַן דײַן קאָוונער, ס'איז...

אָבער די ראווינער האָבנ ניט געהערט, וואָס דער לערער האָט געזאָגט ווײַטער לעכאטכילע איז בא זיי אויסגעקומענ, אז דאָס וואָרט שארלאטאנ האָט א שײַכעס צומ רעדנער, מע איז גרייט געווענ דעמ גרײַזנ לעבענזאָגנע מיט עפּעס אָפּצאָלנ אפנ אָרט. ס'האָט זיכ נאָכ בא זיי צוגעמישט דער געפיל מיט שטענדיקער פײַנטשאפט צו אימ.

ווי פונ אונטער דער ערד איז אויסגעוואקסנ דער קאסאָקע שילער פײַנשטיינ אונ זיכ אוועקגעשטעלט אזעספּאָנעמדיק קעגנ לעבענזאָגנע, ס'איז געוואָרנ שטיל, בא פײַנשטיינענ זײַנע אומגעלאָפנ פיל געדאנקענ אינ קאָפּ אונ איינער דעמ צווייטנ אומגעבראכט.

— נו, וואָס ווילסטו זאָגנ, פיסאָקער....

פײַנשטיינ האָט ניט געוווּסט פונ וואנענ סע גייט דער אויסגעשריי, ער דרייט זיכ ווידער אויס צומ לערער:

— איר זאָלט ניט זײַנ בארימט אינ שטאָט, ווי בערקע מעכאלישקער דער גרויסער אפיקוירעס, וואָלט איר פאר אזא זאכ כ'ווייס אליינ ניט וואָס די ווערט געהאט.

אָדעמ האקויענס פּאָנעמ האָט זיכ נימעס איבערגעצויגנ מיט קאס. ער טוט א לײַכטנ שלײַדער אוועק דעמ קאסאָקע ראווינער אונ מיטנ שטעקנ קלאפט ער אינ טיש:

— ליבערמאנ, ביסט אנ אזעסעניק מיט דײַנ קאָונער, איכ זאָל געווענ וויסנ, וואָלט איכ ניט געווענ גיינ נאָכ וולאדיסלאווו...

מע האָט זיכ צעלאכט...

סע האָט נאָכ מער אופגעבראכט דעמ אלטנ.

— ס'א ייִנגלינג דער קאָונער אונ דו טוסט אימ נאָכ, דײַנ שפּראכ איז דאָכ א גאָלדענע, וואָס דארפסטו זיכ אויסברענגענ אפ דער רוכ ווייסט וואָס, שרײַב בעסער שירימ, שרײַב בעסער מײַסעס. די שפּראכ פונ די הייליקע געווײַמ פאלט ארײַנ אינ מויל פונ די קאָווערנ, ווערט זי פארברענט אפ דער רוכ ווייסט וואָס. איר צעברעכט צוזאמענ מיט אזא אזעסניק אונ פוסטנ דריי־קאָפּ, ווי קאָונער, אונדזער הייליק לאָשנ. אויסגעטראכט א ייִדישנ פיסארעוו מיט א בריוו צו אונדז, צו די בעסטע מעשוירערימ.

מע האָט שוינ ניט געלאכט, ווײַל דער אלטער האָט געקלאפּט מיט זײַנ סוקעוואטנ שטעקנ לעמ ליבערמאנס נאָז, וואָס האָט זיכ געקנייטש אונ געוואָלט פונ זיכ אָפּטרייסלענ דעמ אלטנס הילכיקנ אופירנ זיכ.

ליבערמאנ האָט געפּרוּווט אײַנשטילנ דעמ אלטנ אָדעמ האקויענ. ער האָט זיכ אָבער ניט געלאָזט, סע האָט פונ אימ געשפּריצט מיט בייזקײַט, מיט קאלעמוטנע קאס, סאָפּקאָל־סאָפּ איז דער אלטער מעשוירער אוועק א צעקאָכטער.

אינ צימער איז פארבליבנ א צערודערטע שטימונג, וואָס מ'האָט שוינ נאָכדעמ ניט געקאָנט אײַנשטילנ.

— האסט אימ אָנגערירט דעמ קאָוועד,— האָט מענ געהערט פונ עטלעכע זײַטנ.

אייניקע ראווינער זײַנענ געווענ גלײַכגילטיק צו דער גאנצער געשיכטע אונ זײַנענ איינציקווײַז אוועק שלאָפנ.

אינ עטלעכע מינוט ארומ איז אָנגעקומענ דער דירעקטער בעזסאָנאָוו.

מע האָט געמיינט, אז דער אלטער העברייער האָט אימ אהער ארײַנגעשיקט. סע האָט זיכ אָבער ארויסגעוויזנ, אז ער איז צופעליק אליינ ארײַנגעקומענ. דעמ אפדערנאכט האָט מענ שוינ מער ניט באהאנדלט קיינ שומ פראגנ.

פארנ אהיימ גייג זײַנענ צוגעגאנגענ א פּאָר ראווינער צו ליבערמאנענ אונ זיכ פארינטערעסירט סײַ מיט פיסארעוו, סײַ מיט אורי קאָונערנ. די, וואָס האָבנ געקענט

בעסער רוסיש, האָבן זיך געכאַפּט צו פּיסארעוון, די, וואָס האָבן מער באַזיצט העברעיש, האָבן זיך נאָכגעפרעגט פון וואנענ האָט מען היינט ציטירט קאָוונערן.

ליבערמאַן איז געווען צופרידן.

אין קאָרידאָר האָט זיך אומגעדרייט וולאדיסלאַוו און געטריבן די ראַוויניסטן שלאָפן:

— דער דירעקטער האָט זיך שוין געבייזערט!

די ראַוויניסטן, וואָס האָבן געוווינט אין שול, זיינען אוועק צו זיך אין די שלאָף־צימערן און די וואָס וווינען אף פּריוואַטע דירעס, זיינען ארויס אין דרויסן, ווו ס'האָט געדרייט און געשמיסן אין פּאָנעם.

ליבערמאַנען האָט אופגעעפנט ראָכל. אפּאָנעם, זי האָט געוואַרט אף אים. ווי נאָר ער איז ארייַנגעקומען, האָט ראָכל געכאַפּט א בערשטל און געוואָלט אָפּטרייסלען דעם צוגע־קלעפּטן שניי פונעם פּאַלטאָ. דער באָכער האָט אפּגיך אראָפּגעוואָרפן דעם פּאַלטאָ און מיט דער האַנט אָפּגעווענדעט דעם בערשטל, ראָכל האָט מיט די אַקסלען א צי געטאָן: וואָס־זשע, ער וויל ניט. די צעפּ האָבן זיך איר א טרייסל געטאָן, זי האָט געדרייט מיטן קאָפּ, שטילערהייט האָס זי אים אייַנגעראָמט:

— וואַרט,— און איז אוועק אין אַלקערל.

ער האָט ניט געוווּסט, וואָס זי וויל.

זי איז באַלד ארויסגעלאָפן צוריק פונעם אַלקערל און געטראָגן עטלעכע בייגעלעך פּאַפּיר, וואָס זיינען געווען פול באַשריבן:

— אַ, יאָ,— ער האָט טאַקע בעשאַסן רעפּעראַט זיך דערמאָנט אין די פארגעסענע פּאַפּירלעך און ער דאַנקט איר אָפּ.

פונעם אַלקערל דערהערט זיך דער מוטערס קאָל.

— מייסע, פאַרוואָס שלאָפט נאָך ניט ראָכקע.

— דאָס מיידל האָט זיך צוגעהערט,— די אויגן אָנגעשטעלט צום אַלקער— א ליבן שמייכל געטאָן און איז אוועק שלאָפן.

ליבערמאַן איז געבליבן שטיין אין איין האַנט מיט די בייגעלעך פּאַפּיר און אין דער צווייטער— מיטן בערשטל.

II

דעם לערער גרעטשאַנינאָוו האָט נאַראַיעט אין ווילנער ראַבינער־שול דער באַרימטער מוראַוויאָוו, וואָס האָט דערשטיקט דעם פּוילישן אופשטאַנד אין 1863 י. אין ווילנע האָט מען מיכאַיל ניקאָלאַיעוויטשן מוראַוויאָוון אוועקגעשטעלט א גלענצדיקע קירכעלע, וואָס האָט שעמערירט אין גאָלד, פרומע קריסטן פלעגן פאַרבייַגיין און זיך בוקן נידעריק צו דער ערד.

די פרומע קריסטן האָבן אפילע ניט געוווּסט, אז דעם דענקמאָל האָט מען געשטעלט דעם גובערנאַטער, ווייל ער האָט שוידערלעך דערוואָרגן טויזנטער רעוואָלוציאָנערן.

דער לערער גרעטשאַנינאָוו איז, אפּאָנעם, געווען אין איינעם פון די שטראָף־אָטריאַדן קעגן די אופשטענדלער. ס'איז געווען א סוואָרע, אז ער האָט געהאַט א ייִכעס־בריוו ניט נאָר פון מוראַוויאָוון, נאָר אויך פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן אַליין.

אמאָל, מיט יאָרן צוריק, האָט גרעטשאַנינאָוו געפּרוּווט ווערן אן אַקטיאָר אף דער קייזערלעכער בינע, ס'איז אים ניט געגאַנגען, איז ער אוועק אף אן אַנדער וועג זיך מאַכן

א קאריער. פונ זײַנ אקטיאָרישער פארגאנגענהײַט איז אים פארבליבנ א געוױינהײַט אָפצוגאָלנ דעמ פּאָנעמ ביז גלאנצ.

ער אלײנ האָט גוט גערעדט, אז אינ היגנ קאנט זײנענ פאראנ פרעמדע, גענוג פרעמדע, וואָס ווילנ צעפליקנ די פעדערנ פונ גאָלדענעמ רוסישנ אָדלער.

די לערער־קאריער האָט ער דאפקע באשטימט אָנצוהויבנ אינ ווילנער ייִדישער ראבינער־שול.

מיט ייִדנ האָט בא אימ געבונדנ דער באגריפ העכט.

ער האָט ליב געהאט אמאָל ארײַנוואָרפנ א ווערטל די שילער:

— די ייִדנ האָבנ דעריבער ליב העכט, ווײַל זי איז זײער נאָענטסטע קרויווע — א ייִד אפ דער טריקעניש אונ א העכט אינ וואסער...

מע פלעגט אימ אָפּשווײַגנ דידאָזיקע בײזע כאָכמע, מ׳האָט פאר אימ מוירע געהאט. כוצ אלעמענ, זײַנענ די שילער, די ראוויניסטנ, זײער שוואכ געווענ אפ רוסיש, איז ניט איבעריק צומ הארצנ האָבנ צו טאָנ מיט א לערער, וואָס קאָנ שטענדיק קאליע מאכנ.

באזונדער האָט פונ גרעטשאנינאָווג געליטנ דער 40־יאָריקער שילער שאפּירע.

שאפירע איז געקומענ פונ א ווײַטער שטאָט, פונ א האלב טויבער יעשיווע, וואָס האָט אפ אימ איבערגעלאָזט פיל סימאָנימ פונ דערשלאָגנקײַט אונ געפאלנקײַט. א נידעריקער, מיט א פולנ פּאָנעמ, וואָס האָט זיכ אויסגעדאכט, אז ס׳איז געשוואָלנ, א באָרד, ניט קײנ באָרד — ס׳האָבנ עפּעס יאָ געוואקסנ אינ עטלעכע ערטער האָר, געלע צעפּאטלטע האָר. דערצו א קורצזיכטיקער, די ברילנ־גלעזלעכ קויטיק, די דרעטלעכ פונ די ברילנ זײַנענ גרינ אונ פארזשאווערט. שאפירע איז געווענ אָנגעטאָנ ווי א טיפישער שלעפער אונ א מעקובל פונ א ווײַטנ פארוואָרפענעמ אָרט, נאָר א ווילנ האָט שאפירע געהאט צו לערנענ! ס׳האָט אָפּטמאָל געדאכט — דער מענטש קאָנ ברעכנ אײַזערנע ווענט אונ קומענ צו זײַנ ציל. דעריקער האָט ער געקענט העברעיִש, געמאָרע, דיקדעק אונ געאָגראפיע.

ער איז שוינ געווענ אינ אנ עלטערנ קלאס. נאָר קײנ רוסיש האָט זיכ אימ ניט אײַנגעגעבנ. דער גרעטשאנינאָוו האָט אימ שוינ צוויי מאָל אריבערגעלאָזט פונ די קלענערע קלאסנ, אונ אלע מאָל געשטעלט די לעצטע פאָדערונג: אויב ניט אינ דעמ קלאס, לאָזט ער שאפירענ ווײַטער ניט גײנ. שאפירע האָט מיט גרויס מאטערניש אויסגעלערנט וואָסטאָקאָווס גראמאטיק אפ אויסווייניק, מע מעג זאָגנ, אז אפ די קלאָלימ, די גראמאטיקאלישע, האָט ער געקאָנט פונ שלאָפ ענטפערנ, נאָר—אזוי, אנ אומגליק!—די אויסשפראכ, די ייִדישע ספעציפישע אויסשפראכ האָט צעקאליעטשעט אונ איבערגעקערט אלע רוסישע ווערטער, וואָס זײַנענ ארויסגעקומענ פונ שאפירעס מויל.

דאָס רוסישע וואָרט פלעגט ווי צעמאָלנ ווערנ אינ שאפירעס שלונג אונ ביז ס׳איז געקומענ אפ זײַנע לעפּישע אונ גרויסע ליפּנ, האָט עס א קלונג געטאָנ אזוי פאלש אונ צעבראָכנ, אז מער ווי געלעכטער האָט עס ניט ארויסגערופנ. ווי איר האָט זיכ ניט געוואָלט אײַנהאלטנ, האָט עס ארויסגערופנ געלעכטער.

שאפירע האָט אָנגענומענ אלע מיטלענ עס זאָל זיכ בײַטנ זײַנ אויסשפראכ. ער האָט ניט נאָר גערעדט אפ רוסיש, נאָר די בריוו אהײמ אינ ווײַטנ פּאָדאָליער שטעטל צו דער ווײַב, האָט ער געשריבנ אפ רוסיש.

ס׳איז אימ אנומלטנ אָנגעקומענ א בריוו צוריק מיט א באקאָשע, ער זאָל אימ איבערזעצנ אפ ייִדיש, ווײַל אפילע דער אפטײקער, דער גרעסטער קענער אינ שטעטל, פארשטײט ניט דעמ באדײַט פונ די ווערטער.

די כאַווײרים האָבנ דעמ בריוו געלײענט אונ ווירקלעכ געשטוינט, רוסישע ווערטער טיפע, ווארעמע. פונוואַנענ קומענ זײ צו שאפירען? אָבער לײענענ זײ, ארויסברענגענ זײ פארנ מויל האָט זײ שאפירע ניט געקאָנט.

אָט פונ אימ האָט גרעטשאנינאָוו מערער ווי פונ אנדערע אָפּגעלאכט.

אז ער רופט ארויס עמעצנ אונ מע ענטפערט ניט ווי עס געהער צו זײַנ, טוט ער א בויג אויס זײַנ שלאנקע פיגור צומ שילער אונ פונ זײַנע דינע־דינע ליפּנ פאלט אראָפּ:

— בא אײַכ אינ בערדיטשעוו רעדט מענ אזוי רוסיש.

גרעטשאנינאָוו האָט געהאלטנ זײַנע פארביסענע אויגנ אונטער טונקעלע ברילנ. די שילער האָבנ דעריבער זעלטנ געקאָנט כאפּנ דעמ לערערס בליק. אײנס האָבנ זײ פאר־שטאנענ: גרעטשאנינאָווס אויגנ זײַנענ פול מיט כויזעק, מיט טשמעלענדיקנ ביטל.

מע פלעגט אימ אָפּשווײַגנ.

אינ קלאס איז שאפירע געזעסנ אינ דער פארטע. א נידעריקער איז ער געווענ, פלעגט ער זיכ באהאלטנ, אײַנטוליענ אינ דער שווארצער פארטע — מע האָט אימ קימאט ניט ארויסגעזענ.

ווענ גרעטשאנינאָוו האָט געוואָלט אימ פרעגנ, אויסרופנ, פלעגט ער זיכ אופהויבנ פונ דעמ געלנ טישל, זיכ אופשטעלנ אָפּ די שפּיצ פינגער אונ פארײַסנ די טונקעלע ברילנ:

— שאפירע איז הײַנט ניט געקומענ?

שאפירע טוליעט זיכ מער אינ דער שווארצער פארטע.

— איר זענט א געלער, שאפירע, געלס אפ שווארצ זעט זיכ שטארק אָנ — כויזעקט גרעטשאנינאָוו.

שאפירע הויבט זיכ דעמלט אונטער אונ האָט אנ אויסזענ פונ א צעפּאטלטער, צע־קנײטשער מויז, ווענענ די קאצ האָט נאָרוואָס ארויסגעלאָזט פונ אירע נעגל.

גרעטשאנינאָוו האָט געהאס אזא לײַדנשאפט: ליב געהאט א ליד, באזונדערס דעמ זײדנ קרילאָווס א מאָשל, פאנאנדערצוטײלנ אפ פערזאָנענ אונ די שילער זאָלנ דעמ מאָשל זאָגנ אינ די פערזאָנענ. מעגלעכ, באמ לערער פונ רוסיש איז עס געגאנגענ פונ זײַנ אלטער לײַדנשאפט צומ טעאטער, צו אקטיאָרישקײַט. אלנפאלס, די שילער פונ דער ווילנער ראבי־נער־שול האָבנ ווילנדיק, ניט ווילנדיק געמוזט אויסשטײנ גרעטשאנינאָווס לײַדנשאפט, אונ גראדע אפ צו פארווײַלנ דעמ קלאס פלעגט דער לערער אויסקלײַבנ אײנעמ פונ די פערזאָנענ שאפירען.

א גרויער ווינטער־טאָג אינ קלאס. פארהוכקעטע טאפליעס דערצײלנ וועגנ פראָסט, וואָס פונ יענער זײַט פענצטער. אינ קלאס איז אָנגעהײצט, שטיל, ווי שטענדיק אפ גרעטשאני־נאָווס לימעד. דער הויכער רוס שפאנט איבערנ קלאס. ניט ער שפאנט, נאָר ער מארשירט, עפשער דערמאָנענ זיכ אימ די „פּאָכאָדנ", וואָס ער האָט דורכגעמאכט מיט די ארמײ־טײלנ קעגנ די אופשטענדלער, די טריט זײַנע קלינגענ אונ פאלנ ציטערדיקע צו די טאפליעס.

— גרינבערג, איר וועט זײַנ דער העלפאנט אונ שאפירע די מאָסקע. דערבײַ אזוי, דעמ אווטערס ווערטער וועט אויכ זאָגנ שאפירע.

דער קלאס מענטשנ האָט זיכ א וויג געטאָנ. עפּעס האָט מענ דערפילט, אז פונ אונטער גרעטשאנינאָווס טונקעלע ברילנ גײט א ביטלדיקער אָטעמ, אונ א באזונדער שטימונג שטעקט אינ זײַנ האסטיקנ מארשירנ איבערנ קלאס. די שילער האָבנ דערזענ שטײנ גרינ־בערגנ א גרײטנ לעמ געלנ לערערישנ טישל.

גרינבערג, א יונגער שילער פונ א יאָר 15, האָט שוינ וואַרטנדיק געקוקט צו דער פאַרטע, פונוואַנענ דער פילגופיקער שאַפירע האָט געזאָלט אַרויסגיינ.

שאַפירע האָט זיכ ניט געכאַפּט.

ס'האָבנ זיכ געפונענ אַזוינע, וואָס זײַנענ שטענדיק באַלאָנים געווענ אַפ א פריילעכנ בילד אונ געײַלט שאַפּירענ:

— דער לערער וואַרט.

— וואָס קלײַבסטו זיכ אַזוי לאַנג?

גרעטשאַנינאָוו איז געשטאַנענ מיטנ פּאָנעם צום פענצטער. ער האָט זיכ מיטאַמאָל אויסגעדרייט צום געלנ טישל, דערזענ, אַז סע שטייט בלויז איינ גרינבערג, האָט ער גלײַכ געפרעגט:

— А где Моська?... —

אייניקע שילער האָבנ זיכ צעלאַכט אונ אייניקע האָבנ אומצופרידנ דערשטיקט א גע־מורמל, וואָס איז קלעמענדיק אונטערגעקומענ צום האַלדז.

שאַפירע איז שוינ אומגליקלעכ געשטאַנענ לעמ טישל קעגנ דעמ יונגנ פריילעכנ גרינג־בערגנ, וואָס האָט געזאָלט זײַנ קרילאָווס העלפאַנט.

שאַפירע האָט ניט געדענקט אַפ אויסווייניק דעמ מאָשל, גרעטשאַנינאָוו האָט אַרויס־געוויזנ א מינ לערערישנ כעסעד צום שילער אונ געהייסנ אימ דערלאַנגענ דאָס ביכל. שאַפירע האָט געטוקט זײַנע קורצזיכטיקע אויגנ אונ געלייענט. דאָס פולע פּאָנעם זײַנס האָט זיכ געטרייסלט אונ געווענ רויט ווי א בוריק.

מע האָט אינ זיכ געשטיקט געלעכטער. פונ צײַט צו צײַט האָט זיכ ערגעצ אַפ א פּאַרטע געהערט א דערשטיקט געלעכטער, וואָס איז אויסגעקומענ דערשראָקנ אונ פאַרלאָרנ אינ דער אָנגעשטרענגטער שטילקײַט, אָבער ווענ ס'איז צוגעקומענ צו דער פראַזע:

Ай, Моська, знать она сильна, что лает на слона

האָט שאַפירע מיט זײַנ צעבראָכנ־דערשלאָגענעמ קאָל ניט געקאָנט איבערלייענענ מאָסקע, אונ ס'איז בא אימ אויסגעקומענ מאָשקע מיט א „שינ”, וויפל ער האָט זיכ ניט געמוטשעט. וויפל ער האָט ניט געשליפנ דעמדאָזיקנ אָס אינ זײַנע דיקע שיטערע ציינ, האָט אַלצ אָפּגעקלונגענ „איי, מאָשקע”. מע האָט ניט געלאַכט, אַלע אויגנ זײַנענ געווענ געווענדעט דאַפקע ניט צו שאַפירענ, נאָר צום ברייטפּלייציקנ הויכנ לערער פונ רוסיש פונ וועמעס דינע ליפּנ ס'האָט אַזוי האַנאָעדיק געקאַפּעט: „מאָשקע, מאָשקע לאַיעט נא סלאָנא”.

מע האָט ניט געפילט, אַז גרעטשאַנינאָוו האָט אינ זינענ געהאַט: רוסלאַנד איז דער שטאַרקסטער העלפאַנט, מע בילט אַפ אימ... גרעטשאַנינאָוו האָט זיכ אַליינ איבערגע־שלאָגנ זײַנע הויכע געדאַנקענ מיט א שאַרפנ אויסגעשריי:

— זעצט זיכ! — אונ אַוועקגעשטעלט אינ זשורנאַל אַנ איינס.

אינ א רעגע אַרום האָט ער אופגעהויבנ די ברילנ פונעמ זשורנאַל:

— א מאָסקע איז געגליכנ צו א מאָשקע.

איבער די פּאַרטעס האָט זײַנ האַרט קאָל איבערגעקלונגענ אינ פאַרשיידענע כויזעק־טענער אונ ווייטיקדיק א שטאַרצ געטאָנ איבער אייניקע שילערס באַוווּסטזײַנ.

אינ דער צײַט האָט זיכ דערהערט דער קלונג.

גרעטשאַנינאָוו האָט, ווי זײַנ שטייגער, א קוק געטאָנ אַפנ זייגער אונ זיכ געלאָזט גייג. בא דער טיר האָט ליבערמאַנ אימ געוואָלט אָפּשטעלנ.

— אַלעקסיי פּעטראָוויש, — פאַרשטעלט ליבערמאַנ דעמ וועג צו דער טיר.

גרעטשאנינאָוו מאכט זיכ ניט וויסנדיק אונ מארשירט ווײַטער.

— אלעקסיי פעטראָוויטש, איר אנטלויפט,— האָט ליבערמאנ מיט א ביסל א הייזעריק־לעכנ געלעכטערל געוויזנ זײַנע שטארקע ציינ.

דער לערער האָט געקוקט אינ ליבערמאנס שיינע אויגנ, וואָס זײַנענ איצטער פול מיט פארדרוס. מיט א שארפנ זשעסט האָט ליבערמאנ א נעמ געטאָנ דעמ לערער פארנ עלנבויגנ אונ אים אוועקגעפירט אינ א זײַט. שילער אייניקע האָבנ דערזענ אונ זיכ נאָכגעקוקט.

— אלעקסיי פעטראָוויטש,— איר קענט זיכ ניט האלטנ, אלעקסיי פעטראָוויטש, וועלנ מיר אײַכ אויסלערנענ, פארגעדענקט עס!

גרעטשאנינאָוו האָט זיכ א טרייסל געטאָנ, די מוסקולנ אפ זײַנ גלאט אויסגעגאָלט פּאָנעמ האָבנ זיכ קנוילעך אָנגעגאָסנ, רויטע פארב איז ארויסגעטראָטנ אפ די באקנ. ער טוט זיכ א שנעלנ קוק אומ צי קיינער האָט ניט געהערט, וואָס ליבערמאנ האָט אים געזאָגט, איבערצײַגט זיכ, אפּאָנעמ, אז קיינער האָט ניט געהערט, מעסט אָפּ דעמ דרייסטנ שילער מיט א ביטל־בליק אונ מארשירט ווײַטער צומ לערער־צימער.

ארומ ליבערמאנענ איז אויסגעוואקסנ א רעדל.

— וואָס האָסטו אימ געזאָגט?

— ער האָט דיכ געוואָלט אופּעסנ מיט די אויגנ.

ליבערמאנ האָט געשוויגנ.

(פאָרזעצונג קומט)

יאנקא קופאלא

# ליד

## (לויט א פאָלק־ליד)

כ׳וואָלט געווען א פויגל פרײַער
כ׳וואָלט פון פרײַהײַט וויסן,
וווּהין ט׳געצויגן, כ׳וואָלט געפלויגן
כ׳וואָלט אין שטוב ניט זיצן.

צי נאָך יאגעדעס אין יאר דאָרט
הינטער ווײַסער כאטע,
צי אין וואלד ארײַן נאָך ניסלעך
צו די ביימער זאטע.

צו דער לאָנקע צו דער גרינער
ווּ דאָס טײַכל דרייט זיך,
צי אהין גאָר, ווּ ס׳איז צײַטיק
די מאלינע די רויטע.

אָי, ניט זײַן וועל איך קיין פויגל
מיט פליגעלעך ניט ציִען,
ניט צום יאר דאָרט, ניט צום וועלדל
וועל איך ניט דערפליִען.

די ביטערסטע אין קאליזשע
די יאגעדע די רויטע, —
דער שוועסטער בא דער ארבעט
דער גוירל פון א מיידל.

ווי איך גיי ארויס צום פעלד צו,
גיי ארויס פון טויער,
נעמען זיך גלײַך טרערן גיסן
פונעם שווערן טרויער.

אָי, בלוטיקע זיכ גיסנ
טרערנ אפ די גראָזנ,
ווי דער טוי אינ זומער נאכטל
פונ ווײַסינקער בעריאָזע.

אויגנ קלאָגנ אָנ אנ אופהער,
אינ שטוב אונ אפנ פעלד נאָכ,
ניט נאָכנ מענטשנ נאָכנ גוטנ
נאָכנ גוטנ וועלטל...

1908 י.

---

פונ דער פּאָעמע

# „אפ דער טײַכ ארעסע”

## אָנשטאָט אנ ארײַנפיר

פיל האָבנ מיר מײַסעס
לידער אונ לעגענדנ
פונ די טיפע זומפּנ
פונ פּאָליעסער געגנט.

ניט געהערט קיינ ליד נאָר
וועגנ דער קאָמונע,
ווי טרײַע קאָמונארנ
צו א לעבנ קומענ.

ווי זיי פרוּוונ פלײַסיק
דאָרט אפ וויסטע ערדנ
פארנ לאנד דעמ גאנצנ
נײַעמ רומ דערוועבנ.

ניט געהערט קיינ ליד נאָר
אונ קיינ עכטע מײַסעס,
ווי די קאָמונארקעס
ארבעט אונדז באווײַזנ.

ווי אפ כליופּקע פעלדער
זיכ מיִענדיק צוזאמענ
קיינ קויכעס ניט געשפּאָרט האָט
א טאָכטער אונ א מאמע.

ניט געהערט קיין ליד נאָר
ווענן ארבעט־העלדן,
וואָס צווינגען אָט די זומפּן
מיט זאנגען זיך צעהעלן.

זיך שטעלנדיק אנטקעגן
די שווערקייטן גרויסע
קומען זיי אפ שליאַכ אָן
מיט ניצכוינעס דרייסטע.

און ניט, און ניט געהערט נאָכ
יענע לידער בעסטע,
וואָס עס זינגט אָט איצטער
די נייע שוינ פּאָליעסיע.

* * *

און אפן טייכל אפ ארעסע
מוירן געבייען.
שמעקט מיט סאָסנע און מיט סמאָלע
מיט וואפנע דורכגעוזייערט...

די ווענט דאָ גלאטיק אויסגעבויטע
די בלעכ פון דעכער גלאנצן,
דער דיל, די סטעליע אויסגעהובלט,
פענצטער אפ א קלאפּטער גאנצן.

און באטאָג די זון באלייכט זיי
און באנאכט—עלעקטרע,
אזוי ט׳געבויט דער קאָמונאר זיך
די געבייען פרעכטיק.

* * *

און אפן טייכל אפ ארעסע
וונדער איבער וונדער,
לעבן דאָרטן קאָמונארן
פריילעכ, ניט געזונדערט.

און זיי היטן די קאָמונע
עס זאָל זיך בעסער לעבן
און פארציִען מוטיק לידער
— „ועס נאָר ווער פארטשעפּן.

די שאָ וועט שלאָגנ מע וועט רופנ
צו אנ ארבעט נײַער
וועלנ מיר די פינסקער בלאָטעס
לאָזנ זיכ באפרײַענ..."
— — — — — — — —
— — — — — — — —

מארינער בלאָטע
קײנער קענ ניט גלויבנ
וויפל דו באהאלסט נאָכ
רײַכקײַט פונ די אויגנ.

מארינער בלאָטע
ווער דײַנ שײנקײַט שפירט דאָ
וויפל הײַנט פארמאָגסטו
קאָמונעס אונ סאָווירטנ.

מארינער בלאָטע
אָנברעגיקע, צעלאָזטע!
מענטשנ איצטער שפײַזטו
אונ אויכ פּי באזאָרגסטו!

פונ ווײַסרוסיש —

ז. אקסעלראָד.

אנדריי אלעקסאנדראָוויטש

# קינדער-יאָרן.

פון דער פּאָעמע „צוואַנציק“.

1

אפ פּערעספּע אינ די ריוונ
האָבנ כעוורע זיכ געקליבנ
זיכ געלאָזנ בארג אראָפּ
אונ ניט איינמאָל איז געבליבנ
א צעשלאָגענער מיַינ קאָפּ.

אפ די קוואָרימ סטאראזשאָוקער
צווישנ צלאָמימ׳ אונ קורהאַנעס
כ׳בינ געקראָכנ נאָכ קאשטאַנעס,
פלעגט מיר אויסמיַידנ דער גליק
פלעגנ די הויזנ זיַינ צעפליקט.

מיט א פיַיפּ געטריבנ טויבנ
דורכגעגאַנוועט זיכ אינ סאָד
אופגעשארט דאָרט עפּל, בארנ
אונ פּאר א גריוווניע עס פארנארנ
בא א קרעמערל אינ שטאָט.

אונ אינ אָוונט דאָרט געשפּילט זיכ
אינ „מילכאָמע“ קעגנ פאנ,
מיט אנ אָטעמ ניט געשטילטנ
ניט איינ שויב צעבראָכנ דאנ
אינ „מילכאָמע“ קעגנ פאנ.

2

גענומען מיר ווײַזן אן ארבעט,<br>
געזעצט צו א שוסטער־ווארשטאט.<br>
געקלייעט אָפּצאסן, פארקאשערט די ארבל<br>
געארבעט—אן עמעסער יאט.

דער מאמען אויך פריילעכער איצטער<br>
ווי ניט ווי, איך פארדינ עפעס שוין,<br>
געקויפט א פּאָר שטיוול געניצטע<br>
און איך ברענג נאָך א גראָשן אהיים.

געהאט נאָך א צווייטן פארדינסטל<br>
געווען אין קלויסטער א פּאָנאמאר,<br>
אין שטיוול געפּוצטע, אין הייזעלעך גרינע<br>
געשפּאצירט אפן בולוואר.

איך פלעג זיך אָנזען דאָרט אלע לענדער<br>
אין שפּאקטיווע פאר א קאָפּיקע א קוק,<br>
די קאטערינקע האָט געשפּילט ניט געענדערט<br>
און באגלייט מיך ביזקל ברוק.

— — — — — — — — — —

3

קומען טעג ·אָן מיט א לויטערן פארלאנג<br>
און די יוגנט רופט זיך איבער מיט געזאנג

די זינ די טרײַסטע רופט דאָס לאנד צו זיך<br>
די זינ די ייִנגסטע און אויכעט מיך.

פארגעסן דעם טרויער, באנאכטיקע שרעק<br>
דורך דער ארבעטער־שטאָט גייט אונדזער וועג.

מיט א שטאָלצקײַט א גרויסער וועט ווײַזן א האנט<br>
אפ די נײַע פאבריקן אינעם ארבעטער־לאנד.

די יאָרן פארשווינדן אזוי ווי א צוג —<br>
איך בין שוין אן אנדערער ארײַן אין קאָמיוג.

4

מיר איז הײַנט צוואנציק יאָר!
איכ האָב נאָכ פיל צו לעבנ,
איכ וועל נאָכ זענ
אי ליכטיקערס, אי בעסערס.
איכ האָב ליב געהאט אמאָל
א שטיפ טאָנ גלאט אזוי
ארויסגײנ מיט דער זונ
אפ מעסערס.

(אויכ נעמענ צו די ליפנ...
אזוינס האָט אויכ געטראָפנ)
פלי מײַנ שטערנדל ביז הימל־דעק!
אונ קלאָרע זונענ־שײַנ האָס איבער מיר געטריפנ,
מײַנע זינד די פינצטערע פארדעקט.

אונ ניט אלײנ בינ איכ געוועזנ
מיט א כעוורע דאָ צוזאמענ
מיט כאווײרים אינ א פרײלעכנ געמיש
זײַנענ מיר אינ בירעלע געזעסנ,
גאנצע טעג געזעסנ בא איינ טיש.

ווי איז עס געשענ גאָר
איכ וווּנדער זיכ אלײנ
אײַנזינקענ אומזיניק
אינ אָרעמס פונ באָהעמע...
כאווײרים מײַנע טײַערע,
לאָמיר עס פארשטײנ,
לאָמיר אלע, אלע
אביסעלע זיכ שעמענ.

כ'האָב דערקענט דאָס לעבנ
דורכ שווערע מי אונ ארבעט,
ווי שרעקלעכ זיכ דערמאָנענ
דעם שיקערדיקנ יאָר.
נאָר דאָס פארגאנגענע
איז אָפגעגאנגענ,
לעבנ זאָל די לויכטנדיקע וואָר!...

5

טרעפן שאָען אזעלכע אין אָוונטן לאנגע
דאָס פארגאנגענע ווילט זיך דערמאָנען, דערלאנג נ

אפ פארשאָטענע סטעזשקעס פון פארמאטערטע ע־ד
בליִען איצט קוויטן אלץ מערער און מער.

עס טראָגט זיך געקלאנג איבער ליכטיקן וועג
שטורמישע בוּיוּנג—בראָנזענע טעג.

6

די זון האָט פארברענט שוין די שנייִקע שטרעקעס
איינונצוואנציקסטער פרילינג רעגנט אפ מיר.
עך, טײַערע יוגנט, צוואנציקיאָריקע רעגעס,
לאָמיר, כאווערל ליבער, א זונג טאָן מיט דיר.

איינונצוואנציקסטער פרילינג אהערצו גייט
איך וועל דאָ האָבן גענוג נאָך פרייד!

פארווישט און פארמעקט די פארטונקלטע שטויבן
עס האָט זיך מײַן יוגנט צעלויכטן, דערהויבן,

איינונצוואנציקסטער פרילינג אהערצו גייט
איך וועל דאָ האָבן גענוג נאָך פרייד!

פון ווײַסרוסיש—ז. אקסעלראָד.

דעקאבער 1926.

ש. פערסאָוו

# פיאנעראָג

(פונעם בוכ „טאָג אונ נאכט״)

אינ ארטעל̃ איז מיטיק־איבעריַס.

עליע דער סטאָליער זיצט אינדרויסנ אפ די בערווענעס, ל̃ייענט א ציַטונג, אונ פונ ציַט צו ציַט רעדט ער ארויס מיט אסאכ שינען:

— מעשששוגע!... מעשששוגע! ווי אלע מעשששוגאָים!

— עליע, וואָס שריַבט מענ דאָרט?—שטייט ניט אָפ מענדל̃ די אקאָרע.

עליע ענטפערט אימ ניט. עליע נעמט אראָפ די שפאקול̃נ אונ פאלט צו נאָכ נידעריקער צו דער ציַטונג. עליע טראָגט אלטמאָדישע צינענע שפאקול̃נ. נוצנ נוצט ער זיי הויפט־זאכל̃עכ בא דער ארבעט, האלט זיי שטענדיק אָנגעטאָנ אפנ סאמע שפיצ נאָז אונ טיַנעט:

— מיט א שוואכער ריִע זאָל̃ מענ בעסער ניט געבוירנ ווערנ...

שטענדיק, בייס ער ל̃ייענט, רוקט ער ארופ די שפאקול̃נ עטוואָס איבער די ברעמענ, קוקט אָנגעכמורעט, ווי ער וואָלט געווענ שטארק בערויגעז. איצט אָבער איז ער אזוי אופגערעגט, אז ער האָט זיי אינגאנצנ ארונטערגענומענ, האלט זיי אינ האנט אביסל̃ אָפ וויַט פונ די אויגנ, פירט מיט דער נאָז פונ שורע צו שורע אונ הערט ניט אופ איבערצוכאזערנ מיט אסאכ שינען:

— מעשששוגע!...

— עליע, ועסט געבנ דעמ בל̃אט, צי נייִנ?

עליע טוט זיכ א ריס פונעמ אָרט, גייט אָפ אָנ א זיַט אונ נעמט שוינ פירנ מיט א פינגער איבער די שורעס. דאָס רופט ארויס אופרעגונג בא אלע ארטעל̃־מיטגל̃ידער, וואָס ווארעמענ זיכ איצט אפ די קל̃עצער, ל̃ענגויס דעמ גאנעק פונעמ געוועזענעמ קאָרפוס קראָמענ.

— עליע, וואָס באַהאלסטו דאָרטנ?

— ועסט געבנ דעמ בל̃אט, צי ניט?

— איכ זאָג, ער איז מעשששוגע!...

— גאזולענ, וואָס פאטערסטו אזויפיל̃ שינען?

— אונ וואָס ביסטו אזוי צעטרענצל̃ט?

— עליע, עפשער וועגנ אונדז?

— הערט א כאָכמע! וואָס וואָלט איכ זיכ אזוי צעקאָכט? — עליע טוט אָנ די שפאקול̃נ, גיט זיי טייקעפ א הייב אופ אריבער די ברעמענ אונ נעמט ל̃ייענענ:

— „דער נאַריאַד איז צו קליינ“. אזוי הייסט דאָס קעפל, פונ אויבנ. איצט הערט נאָכ א שורע: „א בריוו פונ פיאַנעראָג“.

— פונ פיאַנעראָג?

— א בריוו?

— עליע, וואָס רעדסטו?!...

— איר גלייבט ניט? נאַט, זעט...

אונ אז עטלעכע הענט האָבנ זיכ א צי געטאָנ צו דער צײַטונג, האָט זי עליע אָפּגעשטעלט:

— א קאַפּעטשקע פאָרזיכטיקער! דאָס איז אײַכ ניט א בלאַט פּאַפּירע...

ער האָט גענומענ לייענענ לאַנגזאַם, צעצויגנ אונ מיט געשמאַק, אייניקע פּראַזעס אונ ווערטער איבערגעכאַזערט צוויי—דרײַ מאָל אונ פאַרענדיקט דאָס לייענענ מיט א שטילינק בײַסנדיק שמייכעלע:

— „אַקטיוויסט“...

אונ איבערגעגעבנ די צײַטונג מענדל דער אקאָרע. פונ מענדלענ איז זי אריבער ווײַטער. אונ ווענ אלע האָבנ זיכ דערקונדיקט, אז דער אַרטיקל איז ווירקלעכ געכאַסמעט מיט א פאַר־שטעלטער אונטערשריפט, האָט עליע ווידער א פרעג געטאָנ שטיל אונ בײַסנדיק:

— עפּשער קאָנ מיר ווער זאָגנ, ווער איז בא אונדז אינ פיאַנעראָג דערדאָזיקער „אַקטיוויסט“?

— טאַקע, ווער קאָנ דאָס זײַנ?—האָט מענדל צוגעגעבנ אונ ארײַנגענומענ דאָס דאַרע בערדל אינ פויסט ארײַנ.

פונדערווײַט האָט זיכ געטראָגנ א קאָל:

— מיטיק־איבערײַס, יאָ?

— אָ! אָט ווער עס וועט אונדז דערקלערנ!—דער ערשטער האָט עליע זיכ א וואָרפ געטאָנ.—אײַזיק, קומ קאָרשט אַהער!...

אײַזיקנ האָט מענ באַגעגנט וואַרעם. בלויז מענדל האָט קאַם, קאַם א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ, ווי אים וואָלט געדריקט דער קאָלנער. מענדל האָט זיכ אָפּגערופנ:

— עליע, פּאָלג מיכ, זיי זײַנענ אלע קנאַקערס...

דערויפ האָט עליע געענטפערט שטיל, אָבער מיט גאַל:

— קיינעמ גלייבנ זיי ניט, אָט די געלע...

אונ איז צוגעגאַנגענ צו אײַזיקנ מיט אנ אויסגעשפּרייטער צײַטונג:

— נא, קוויק זיכ!

אײַזיק האָט דורכגעלייענט דעמ בריוו פונ פיאַנעראָג אונ זיכ אָפּגערופנ רויִק אונ קאַלט:

— א בריוו, ווי א בריוו!...

— וואָס הייסט „א בריוו ווי א בריוו“?—איז מענדל די אקאָרע געוואָרנ אָנגעצונדנ.—דו האָסט אלצ דורכגעלייענט? די כסימע אויכ? אנו, גיט קאָרשט דעמ בלאַט...

איידער אָבער ער האָט נאָכ באַוויזנ אויסשטרעקנ די האַנט, האָט עליע ראַפּטומ א כאַפּ געטאָנ די צײַטונג אונ אפּ א קאָל דורכגעלייענט די ערשטע שורע:

— „בא אונדז אינ פיאַנעראָג“...

אײַזיק האָט אימ איבערגעשלאָגנ: ער האָט דערלאַנגט א פּעקל טאַבעק פונ קעשענע:

— ווער פונ אײַכ וויל א מאָסקווער ציגאַרעט?

און אז דער אוילעם האָט זיך צעזעצט אפ די קלעצער און פארדרייט פאפיראָסנגראָבע ווי פינגער, האָט איַיזיק אופגעהויבנ די אויגנ און באוויזנ מיטנ פינגער:

— אנו, גיט קאָרשט נאָכאמאָל א קוק טאָנ.

געלייענט די צייַטונג האָט טשערניאק אזוי, ווי עס וואָלט אים גאָרניט אינטערעסירט. און דער אוילעם אַרום איז, דאכט זיך, אויך געווענ רויִק. עליע זיצט הארט לעבנ טשערניאקנ און שאָקלט צו מיטנ קאָפּ. פונקט ווי ער וואָלט מיט אלצ מאסקימ געווענ. טשערניאק האָט געלייענט לאנגזאמ, אָפּשטעלנדיק זיך בא יעדער קאָמע און פונקט:

— „אָט פארוואָס רעכענענ מיר, אז דער נאריאד פונ קאָמערד אפ פיאנעראָג איז צו קליינ. אָט פארוואָס רעכענענ מיר, אז מע מוז וואָס גיכער פאריכטנ דעמ פעלער און צושיקנ אונדז א צוגאָב־נאריאד. אָט פארוואָס רעכענענ מיר“...

מער האָט עליע ניט אויסגעהאלטנ. בא דעמ דריטנ מאָל „אָט פארוואָס“ זיך אופגעהויבנ פונעמ אָרט מיט א געשריי:

— ווער איז דאָס „מיר“? ווער איז דאָס דער „מיר“, פרעג איך?

— וואָס פארשטייסט איר דאָ ניט? „מיר“ מיינט ער די פיאנעראָגער געזעלשאפטלעכקייַט.

— הער, דו!—האָט עליע א דראָע געטאָנ מיט א פינגער.—דו ביסט טאקע א מאָסקווער און שפאצירסט ארומ אינ ברעזענטענע שטיוול, נאָר מיט אונדז מעגסטו ריידנ א קאַפּעטשקע פראָסטער...

איַיזיק האָט ארויסגעלאָזט רויִקע רינגעלעך רויך דורך די ליפּנ.

— אויב „מיר“ זייַנענ טאקע מיר,—האָט עליע א טייַטל געטאָנ זיך אינ ברוסט—טאָ פארוואָס זאָל אזא „מיר“ ניט אונטערשרייַבנ זיך מיט זייַנ געווײנלעכנ נאָמענ און ניט באהאלטנ זיך אונטער א פארשטעלט ווערטעלע „אקטיוויסט“?

— דאָס איז א קליינִיקייַט!...

— ניינ, איַיזיק, ניט קיינ קליינִיקייַט!—האָט זיך שוינ ארייַנגעמישט מענדל די אקאָרע. וואָס הייסט „אקטיוויסט“? אָט בא מיר איז א מיידל אנ אקטיוויסט, איז זי טאקע אנ אקטיוויסט... ווו מע זייט זי ניט—דאָרט גייט זי אופ. אָבער אָט דער...

— מענדל!—האָט אימ עליע איבערגעשלאָגנ.—דו פארשטייסט סייַדנ ניט, וועמעס שטיקל ארבעט דאָס איז?—דאָס איז דאָך זייַנ ארבעט!—און בא דעמ וואָרט „זייַנ“ אָפּגעמאָסטנ די הייך און די גרעב פונ א מיטלוווקסיקנ מענטשנ, און פאר אלעמענ איז געוואָרנ קלאָר, אז דאָס מיינט ער לייזער סלעפּיאנענ.

— אזוי—וי־ ויִ!...—האָט מענדל טרויעריק א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ.—איצט פארשטיי איך שוינ אלצ...

— וואָס פארשטייט איר?—האָט אימ א פרעג געטאָנ איַיזיק טשערניאק.

עליע האָט שארפ ארויסגערעדט:

— הערסטו, איך בינ א פראָסטער כייַוועקייַעמ און האָב ליב זאָגנ דעמ עמעס אינ די אויגנ. זאָלסטו וויסנ זייַנ, אינ שטאָט גייענ קלאנגענ, אז דו ביסט פאריינס מיט סליעפּיאנענ, מיט דעמ היגנ מאכער...

טשערניאק האָט בלויז דעמ קאָפּ אביסל אופגעהויבנ און א פרעג געטאָנ, ווי ניט אימ וואָלט עליע געמיינט:

— פאריינס? מיט סליעפּיאנענ?

מענדלען האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אײַזיק טרײַבט פון זיי כויזעק. זײַן געל פּאָנעם האָט פון אופרעגונג אָנגעהויבן גלאַנצן, ווי א גוטע, רײַפע לימענע. און שפּריצלעך שפּײַעכץ זײַנען געפלויגן אין אַלע זײַטן.

— וואָס באַהאַלסטו זיך אויס?.. וואָס דערציילסטו מײַסעס, געקומען זיך זען מיט קרויווים. אָפּרוען!.. ווען דו ביסט אַהער פאַרגאַנגען דאָס ערשטע מאָל, האָב איך שוין דעמלט דיר ניט געגלייבט, און איצט, אַז דו קריכסט ניט אַרויס פון געזערד, אַז דו גיסט יעכיעל פּישטשיקן אייצעס—פאָרט! פאָרט! איז דאָך קלאָר...

אײַזיק האָט אים שטיל א פרעג געטאָן:

— פאַרוואָס טאַקע ניט פאָרן, אויב דאָ איז ניטאָ וואָס צו טאָן?

— האַ!—האָט מענדל זיגעריש אויסגעשריִען.

עליע האָט פאַרשטאַנען, אַז מענדלס אויסגעשריי איז אייגנטלעך אַן ענטפער אָפּ זײַן פריִערדיקער באַמערקונג „געלע גלייבן קיינמאָל קיינעם ניט‟. האָט ער פאַרלייגט די האַנט אַהינטער און מיט אַן עטוואָס-אויסגעבויגענעם קאָפּ פאָרויס אַוועקגעשפּאַנט אין אַרטעל, באַלד אָבער זיך א וואָרף געטאָן צוריק, אַראָפּגעלאָזן זיך האַרט לעבן אײַזיקן און געגומען אײַנטײַנען אין פּאָנעם אַרײַן:

— זאָג מיר, ווער האָט דאָס דיר געזאָגט, אַז דאָ איז ניטאָ וואָס צו טאָן?

פון אַלע זײַטן האָבן אויסרופן זיך געשאָטן:

— ס'אַליגן! דאָ איז אויך פאַראַן ווו צו אַרבעטן!

— ווייניק אַרטעלן האָבן מיר אין פּיאָנעראָג?

— און אויב פאָרן, טאָ פאַרוואָס נאָר אָפּ ערד?

— מיט וואָס איז א זאַוואָד שלעכט?

— און אַז שאַכטע איז וואָס?—שלעכט?

עליע האָט זיך א פּאַטש געטאָן אין שטערן. ער האָט זיך אָן עפּעס דערמאָנט:

— בענעמאָנעס גערעכט! אָט קלײַבט דאָ איינער מענטשן פאַר די שאַכטעס. פאַרוואָס זאָל טאַקע סלעפּיאַן ניט שיקן אַהינצו יעכיעלס יאַטן? אָדער נאָך עמעצן? וואָס איז, זיי זײַנען כוילע אַרבעטן?..

אײַזיק האָט געענטפערט:

— סליעפּיאַן האַלט, אַז אין די שאַכטעס וועלן זיי ווערן אויס...

— אויס ייִדן?.. — האָט עליע אויסגעכאַפּט, און אָפּ זײַן שלעכט-באַוואַקסן פּאָנעם האָט זיך אויסגעבעט א כויזעק-שמייכעלע.—וואָס דערציילסטו אונדז, וואָס סליעפּיאַן זאָגט... דו זאָג בעסער, ווי קוקסטו אָפּ אַזעלכע זאַכן?...—א רעגעלע אויסגעוואַרט און געגומען היצן זיך, ווי אײַזיק וואָלט אים געהאַט דערווידערט—אָט די אַלע גאָטס טראַפּטשעס—די בראַגינס, די פּלעטערס און אַפילע זײַן זינדל לייזער דער קאָמוניסט, האָבן מיר אין אַרבל און לאַכן פון זייער באָבע. ווער האָט געהאָלפן האָזן אָרגאַניזירן די אַלע האָרעפּאַשניקעס, זיי זאָלן זיך אָפּזאָגן פון די צוויי באָטעמעדראָשים? מיר! — און מיט דער רעכטער האַנט געמאַכט א גרויסן האַלבקרײַז.—ווער האָט פון די צוויי באָטעמעראָשים געמאַכט א טאָלק?— און נאָכאַמאָל מיט דער רעכטער האַנט א האַלבקרײַז.—און די אַרטעלן?—איך פרעג. ווער האָט באַשאַפן די אַרטעלן?.. שווײַגסט!... נו, און „לעקערט‟ איז סײַדן ניט אונדזערס? אונדזער פלייש און בלוט.

— זעט איר, ווענן „לעקערט‟ לאָמיר בעסער שווײַגן... א מישפּאָכע מיט פיר פּאָר געזונטע אַרבעט-הענט קאָן דאָס ניט אַרײַנעמען... זאָגט אַליין!...—און אײַזיק האָט

אויסגעשטרעקט א האנט, ווי אפּנ דלאָניע בא אים וואָלט געלעגנ דער קאָלווירט „לעקערט“.

עליע האָט אריַינגענומענ די הענט אינ די באָקעס:

— אונ בא איַיכ אפ דער פאבריק נעמט איר צו אלעמענ, ווער עס בעט זיכ נאָר?... צי עפּשער לעבט מענ דאָרט מיט א כעזשבנ?.. מיט א שטיקל פלאנ?...

— אָט אינ דעמ גייט דאָס טאקע! צאליע, מיַינ ברודער זאָגט, אז דער קאָלווירט איז אָרעמ אונ...

אכ, צא—א—אליע!..—האָט עמעצער אויסגעצויגנ איראָניש אונ צוגעגעבנ—אויב א ל י י נ צאליע זאָגט שוינ, דעמלט פארשטייט זיכ, איז דאָס טוירעס לאָקשנ...

— בירגער,—האָט אימ עליע איבערגעריסנ.—צו וואָס פאטערנ ציַיט!... ער איז מיס־טאָמע פונ יענע כעוורע, וואָס דרייענ זיכ ארומ מיט פארשריַיב־ביכלעכ... אונ מיט גאָל־דענע פענעס...

— פונ וואָסער כעוורע...

קיינער האָט איַיזיקנ ניט געענטפערט. אלע זיַינענ געשטאנענ אביסל דערוויַיטערט פונ די קלעצער אונ עליע האָט גערעדט בעקיוונ הויכ—איַיזיק זאָל הערנ:

— כאוויירימ—בירגער! איכ לייג פאָר אָנשריַיבנ א בריוו דער רעדאקציע, אונ דער בריוו זאָל זיכ אָנהויבנ אָט ווי:—ער האָט געפירט מיט א פינגער אינ דער לופט, ווי ער וואָלט מיט דעמ פינגער געשריבנ:

— הויכגעשעצטע כאווערטע רעדאקציע. מיר, ארטעל־מיטגלידער שריַיבנ דיר, אז די גאנצע מיַיסע, וואָס איז באשריבנ אינעמ בריוו מיט דער כסימע „אקטיוויסט“ איז קיזעוו וועשעקער...

— עליע,—איז מענדל די אקאָרע אימ אריַינגעפאָרנ אינ די רייד.—פאראנ פונדעסט־וועגנ אזעלכע, וואָס דארפנ יאָ פאָרנ, אָט, אשטייגער, אלטער דער „אָדלער“, יעכיעל פישטשיק אונ עפשער טאקע אבאָלניק אויכ...

— מענדל, האק ניט קיינ פענדל! דאָס ווייס מענ אָנ דיר. אונ דעמ בריוו, טיַיערע כאוויירימ, וועלנ מיר אונטערשריַיבנ מיט אונדזער פולנ נאָמענ אונ ניט פארשטעלטערהייט... אונ זאָל די כאווערטע רעדאקציע וויסנ, אז „מיר“ זיַינענ דאָס טאקע מיר...

איַיזיק איז צוגעגאנגענ צומ רעדל ארטעל־מיטגלידער:

— אָט וואָס, כאוויירימ! איכ זע, אז דאָס וואָרט „מיר“ קאָסט איַיכ געזונט. עס גייט איַיכ אינ לעבנ, איז אויב „מיר“ זיַינענ דאָס טאקע „מיר“, טאָ פארוואָס־זשע גייט איר ניט צו סליעפּיאנען וועגנ דעמ איניעג אָפּקליַיב?

— א דאנק פאר דער אייצע!... האָט עליע אפגיכ אָפּגעענטפערט אונ מיט ביטל זיכ א נייג געטאָנ מיט אנ ארָאָפּגענומענעמ קארטוז. א גרויסנ דאנק!—אונ באלד מיט קאס:—ניט נאָר גערעדט—געשריבנ! געוויזנ אימ די צייַטונג, שווארצ אפ וויַיס איז דאָרט אָנגע־שריבנ, אז דער שלעכטער אָפּקליַיב אפ די ערטער פאטערט אוועק די פאָנדנ, אז מע דארפ...

עטלעכע ארטעל־מיטגלידער האָבנ איבערגעשלאָגנ עליענ אונ איינער דעמ אנדערנ געפּרוּווט איבערשריַיענ, ווי פאר זיי וואָלט געשטאנענ סליעפּיאנ, ניט איַיזיק.

— סליעפּיאנ, וואָס וועט דאָרט טאָנ מאלקע אָדער כאנע מיט איר כאָסערדייע?...

— צוליב וואָס פאטערנ אפ זיי הויצאָעס?...

— אונ וואָס פאר א שיַיכעס האָט צו אונדז פראָג אונ מאזאָרסקי?...

— וואָס איז דאָס פאר א גאנג שיקן אלעמען?...

אלעמען? — האָט אײַזיק איבערגעפרעגט. — וואָס הייסט אלעמען? ער האָט דאָך נאָר אין זינען די... נו, ווי הייסן זיי... אײַך אשטייגער, טשעפּעט ער דאָך ניט...

— א דאנק מיט א מאקע! — האָט עליע ווידעראמאָל זיך פארנייגט מיט אן אראָפּגענומענעם קארטוז. — זאָל נאָר עמעצער פרווון, וועלן הובלס פליִען...

אײַזיק קלײַבט נאכעס פון עליעס ארט ריידן. פרווט ער בא אים ארויסציִען נאָך א פּאָר ווערטער, און עליע לאָזט זיך לאנג ניט בעטן:

— די, וואָס קלײַבן זיך אין וועג, בארימען זיך, אז מע גיט זיי וואָס א מויל קאָן ריידן. מע זאָגט...

אן אומגעריכטער קלונג פון אן אײַזערנעם פרענט אָן א שטיק בלעך האָט איבערגעריסן עליעס רייד. אלע האָבן זיך א וואָרף געטאָן אין ארטעל ארײַן.

אײַזיק איז פארבליבן אליין בא די קלעצער. אים האָט געפרייט, וואָס מיט פארבײַגייענדיקע פראגעס האָט זיך אים אײַנגעגעבן אָנטאפּן דעם פּולס, דערזען דעםווירקלעכן פּיאנעראָגער פּארצעף. סאָפּקאָלסאָפּ זיך דערקונדיקן, ווער איז פאר און ווער איז קעגן סליעפּיאנס אופטועכצן. און דעריקער — אַפּ וועמען עס איז דאָ זיך אָנצושפּארן.

— וווהין־זשע גייט מען איצט? — האָט ער א טראכט געטאָן.

ער האָט זיך ארומגעקוקט: דער פּיאנעראָגער געוועזענער מארק־פּלאַץ איז באגאָסן מיט זשמעניעס שפּילעוודיקער וועסנע־שײַן. בלאָטקעלעך וואסער האָבן געגלאנצט קעגן דער זון, ווי שײַבלעך לויטער גלאָז. אויס מארק, אויס ייִכעס, אויס אמאָליקע פּארנאָסעס. און די עטלעכע ייִדענעס און פּויערטעס, וואָס טוליען זיך נאָך אלץ צו די פארמאכטע קראָמען, בא דעם איצטיקן סטאָליער־ארטעל, — ווער מיט א ביסל צעלניק, און ווער מיט א קוישל גרינס, מיט הײַפלעך פארזשאווערטע העקלעך און טוצן קנעפּלעך, מיט פארדארטע שטיקלעך מירמל־זייף און ווער מיט א פּאָר לעבלעך פּעקלעוואנע ברויט — אָט די אלע ייִדענעס און פּויערטעס זעען איצט אויס ווי נידעריקע, לאנג־אײַנגעפאלענע מאצייוועס אַפּ אן אלטן בעסוילעם, אָדער, ווי קוואָטשקעס הינער אין א שטילן זומער־טאָג אין שטויב איינמיטן וועג.

און פון דער צווייטער ריי קראָמען, וואָס שטייט אָן דער זײַט, עטוואָס דערווײַטערט — שרײַט אראָפּ א פריילעכע שילד מיט שווארצע אויסיעס אַפּ א העל־בלאָען פּאָן:

## „פּיאנעראָגער רײַגעברויך־פארבאנד“

און קעגנ־יבער — א ריי הילצערנע קראָמען מיט נידעריקע ברייטע גאנעקעס, פארבליבן, ווי געוועזן, נאָר אָנשטאָט האנדל, פּאלשע וואָג, דינגערײַ, קרעמערישע שוועס, טראָגט זיך איצט פון דאָרט א פריילעך שטעפּן פון ניי־מאשינעס און, צום טאקט פון די ניי־מאשינעס, א זינגען פון אלערליי שטימען.

אײַזיק איז אדורכגעגאנגען דעם מארק־פּלאַץ און ארײַן אין שנײַדער־ארטעל. א צוואנציק מאשינעס האָבן דאָרט געשטעפּט און געהודזשעט. בא די שנײַד־טישן האָבן שנײַדער געצייכנט אַפּ שווארצן גראָבן שטאָף מיט ווײַסן קרײַד און נאָכדעם מיט שווערע שערן ארומגעהיפּערט איבער דאָס אויסגעמאָלטע. דאָס שנײַדן דעם שטאָף מיט די שווערע שערן און דאָס דרייען די ניי־מאשינעס מיט די פיס, האָט אײַזיקן דערמאָנט זײַנע לאנג־פארלאָפענע ייִנגל־יאָרן בא גדאליען דעם דאָרף־שנײַדער.

— בירגער, וואָס דארפט איר? — איז צו אים צוגעגאנגען איינער אין ווײַסע ארבל.

— איך קוק, ווי אזוי מע דרייטנאָך בא אײַך מיט די פיס.

— מיט וואָס זאָל מען דרייען? מיט די הענט?

— איר האָט דאָך אין שטאָט עלעקטרע. איז א באטרעפ דורכפירן עלעקטרע אויך אהער און ניט דרייען מיט די פיס...

— וואָס טראכט איר וועגן די פיס, אז דער קאָפּ דרייט!...—האָבן זיך אָפּגערופן די חײַסע ארבל און באלד צוגעגעבן מיט כשאד—ווער זײַט איר?... וואָס האָט איר געוואָלט?

אײַזיק האָט נאָך אלץ באטראכט דעם ווארשטאט, דאָס אָנגעבויגענע טרייסלען זיך בא די מאשינעס, דאָס זיצן אפ די טישן מיט אונטער זיך אונטערגעבויגענע פיס, דאָס פלינקע פליִען פון דער נאָדל און פאָדעם, און מער פאר אלץ—דאָס פאנאנדערבלאָזן די פרעסלעך, ער איז געווען שטארק איבעראשט, וואָס די יוגנט—א היפש ביסל יוגנט דאָ—ארבעט נאָך אפן זעלבן אויפן, ווי ער האָט אמאָל געארבעט באם פעטער גדאליען. די ווײַסע ארבל האָבן איבערגעריסן אײַזיקס געדאנקען גאנג.

— איר דארפט וויסן זײַן, אז פיאנעראָג האָט צופיל שנײַדער... א טייל ווילן פאָרן..

— אָוואַ, א גאסט!—האָט פון ערגעץ זיך דערטראָגן יעכיעלס הענדל־קעלכעלע. יעכיעל האָט געשפאנט אפ זײַנע האלב־אויסגעקרימטע פיס, געטראָגן פאָרויס אן אויסגעשטרעקטע האנט מיט מאָזאָליעס און מיט בלאָוולעך־דורכזיכטיקע פינגער; יעכיעל האָט זיך צעזונגען איבערן גאנצן ווארשטאט:

— הערסטו, אײַזיק, א טאָפּ, אן עק צום פינגערהוט, צו די פאסטריגעס!...

— ווען פאָרט איר?

— אָט וועגן דעם טאקע וויל איך מיט דיר ריידן. געזוכט דיך אין געזוערד... ווו ניט...—מיט א ווונק פון זײַן בלאָוולעך־דורכזיכטיקן פינגער אָפּגערופן אײַזיקן אָן דער זײַט און צוגעגעבן סוידעסדיק:—סליעפּיאן גיט ניט קיין נאריאד.

— פארוואָס עפּעס?

— צוווארטן, זאָגט ער, דארף מען. פאָרן מיטן גאנצן פיאנעראָגער טראסק.

— טראסק?

— איין מישפּאָכע, טײַנעט ער, וועט ניט געבן קיין...—יעכיעל האָט פאריסן דעם קאָפּ צו דער סטעליע. פארזשמורעט אן אויג, פארביסן די אונטערשטע ליפּ, גלײַך אָבער זיך דערמאָנט דאָס וואָרט און צוגעגעבן:

— עפּפּעקט...

— פארגייט צו מיר אין רײַגעזוערד.

— צו דיר, זאָגסטו? אין רײַגעזוערד?—האָט א פרעג געטאָן יעכיעל שטארק פארכי־דעשט.—אפ יִדישע איניאָנים איז דאָך סליעפּיאַן. אַז אפילע מײַסע שאכטעס זאָגט ער...

אײַזיק האָט זיך אָנגעשפּיצט, ווי ער וואָלט צו עפּעס זיך שטארק צוגעהערט, און א פרעג געטאָן מיט נײַגער:

— וואָס? וואָס האָט ער אײַך געזאָגט וועגן שאכטעס?

יעכיעל איז אָפּגעטראָטן טיפער אין ווינקל:

— מײַנע צוויי יִנגערע זין ווילן שוין ניט אפ ערד. אין די שאכטעס רײַסן זיי זיך... דער קאָמסאָמאָל האָט מיטאמאָל אָנגעהויבן דרייען א מויעך—שאכטע... לויף איך דאָך מיסטאָמע צו סליעפּיאַנען, ענטפערט ער מיר...— יעכיעל פרווט נאָכקרימען סליעפּיאנס תאווײַעס: דאָס פּאָנעם שטרענג, די אויגן אויסגעגלאָצט; באלד אָבער טוט יעכיעל א זיפץ אָפּ און רופט זיך אָפּ מיט א גענדערטן טאָן:

— ווּיפל איז דער שיר ווארטנ? וואָס וועט דאָס זײַנ, א?

— איכ זאָג דאָכ אײַכ, פארגייט צו מיר, אינ געזוערד! איר הערט? צו מיר! אינ געזוערד!..—האָט אײַזיק ווי אונטערגעשטראָכנ יעדער פראזע דײַטלעכ, הויכ, ווי יעכיעל וואָלט געווענ א טויבער.

יעכיעל האָט געשוויגנ, געקוקט אפ אײַזיקנ, באלד אָבער האָבנ אלע שיטערע הערעלעכ אפ זײַנ צעקנייטשנ פּאָנעם זיכ צעשמייכלט. ער האָט ניט געוווסט וואָס צו ענטפערנ, האָט ער פאריסנ זײַנ בערדל, געוואָלט דערמאָנענ זיכ דאָס וואָרט אונ פּלוצימ אויסגעשאָסנ:

— עפּפּפּעקט!...

אײַזיק איז ווידער אפנ מארק-פּלאצ. דער רויש פונ דער עלעקטרישער זעג אינ דעמ סטאָליער-ארטעל ציט אימ צו. ער שפּאנט געלאסנ אונ בלײַבט שטיינ בא דער טיר. די טיר איז אָפנ אונ דער גאנצער טומל פונ אינעווייניק שפּארט ארויס אינדרויסנ. בא דער עלעקטרישער זעג ארבעט א מיידל. דאָס מיידל איז אָנגעטאָנ אינ א קעפּי אזוי, אז עס איז שווער געווענ צו דערקענענ, ווער עס ארבעט—א יינגל, צי א מיידל. דאָס מיידל האָט נאָכאנאנד געשפּארט דער זעג אינ מויל צווישנ די שמאָלע שארפע ציינ לאנגע, פירקאנטיקע, גלאנציקע קלעצלעכ. אונ די ציינ איז ניט צו באמערקנ. א שווינדלדיקער שטאָליקער גלאנצ יאָגט זיכ נאָכאנאנד אינ א ווילדנ געלויפ, פּרעסט אונ שפּײַט אויס טרוקענעמ ווארעמענ געהילצ—זעגעכצ אונ זשומעט אונ זשומעט:

— זששש...

— וואָס ווידער?—איז עליע ארויס צו אימ אפנ גאנעק שטארק אָנגערודלט.

— גלאט אזוי...

— גלאט אזוי איז אנ ארבעט פאר ליידיקגייער...

אײַזיק האָט פארשעמט א שמייכל געטאָנ אונ מיטנ קאָפּ אָנגעוויזנ אפ דער עלעקטרישער זעג:

— טשיקאווע! פונקט ווי א ניי-מאשינ.

— ציגענע היספּײַלעס!— האָט עליע א מאכ געטאָנ מיט ביטל.—אָט אפ די געהילצסקלאדנ שטייענ צוויי זעגנ—אָט דאָס זײַנענ זעגנ!—אונ פּלוצימ זיכ צעשמייכלט, ווי צו א מיזיניק: איז אויב דו האָסט כיישעק, קאָנסטו מיט אונדז א שפּאציר טאָנ צו די געהילצסקלאדנ באמ וואָקזאל.

עליע איז אפ א רעגע פארשוונדנ אונ באלד זיכ צוריקגעקערט שוינ אָנ פארטעכ, גייענדיק ארופגעצויגנ אפ זיכ דעמ פּאלטאָ אונ אונטערגעײַלט דערבײַ דאָס מיידל מיטנ דאשעק אפ דער פּאָטיליצע:

— אוי, געלער ראמײַ, וועסט זיכ דאָרט נאָכ א סאכ פּאָרקענ?

אינגיכנ איז ארויסגעגאנגענ דער „געלער ראמײַ“—א פעסט געבויט מיידל מיט א קאָפּ קופער-רויטע האָר (שוינ אָנ א קעפּי) אונ מיט זומער-שפּרענקעלעכ בלויז אפ די אנטבלויזטע הענט. זי איז צוגעגאנגענ אונ מיט אנ אָפענעמ שמייכל באוויזנ, אז שניי-ווײַסע ציינ פארמאָגט ניט נאָר אײַזיק טשערניאק... זי האָט אימ דערלאנגט א האנט:

— א גוטמאָרגנ, כאווער אינ די ברעזענטענע שטיוול!..

אײַזיק האָט דערקענט דאָס מיידל אונ איר געענטפערט מיטנ ניגנ פונעמ באקאנטנ ליד:

— גייט א יאָלד אינ ברעזענטענע שטי-י-וול...

אונ ביידע גלײַכ האָבנ אויסגעשאָסנ א געלעכטער. עליע שטייט אווײַלע, קוקט אפ זיי טשיקאווע, נאָכדעמ טוט ער אימ א שושקע אינ אויער:

— מענדל דער אקאָרעס...

— צירל! מערע! האָדל! הינדע, מיינע איך,—האָט פלוצים זיך דערהערט מענדלס קאָל פון ארטעל.

עליע האָט זיך אזוי צעלאכט, אז דאָס לאכן איז זיך פארגאנגען אין א הוסט. ער האָט קאם ארויסגערעדט:

— א מאָדנער אייַנפאל. מענדל די אקאָרע האָט צוועלף קינדער. געדענקט ער ניט ווי וועמען מע רופט, האָט ער צוגעטראכט א מיטל: אויב ער דארף אָנרופן א קינד, רופט ער אָן פיר מיטאמאָל, ריכטיק, הינדע?

אייַזיק האָט שטארק געלאכט, טרערן זייַנען אים אזש ארויסגעטראָטן, און דאָס מיידל לאכט אויך, קוקט אייַזיקן אין דעם גלאט אָפּגעראזירטן פּאָנעם און לאכט:

— און איר, כאווער טשערניאק, זאָגט, אז בא אונדז איז ניטאָ קיין יוגנט.

— אזוי!... דו, גדאליעס פלימעניק, זאָגסט דאָס אויך?—עליע האָט זיך אָנגעכאפט מיט ביידע הענט פארן קאָפּ,—גוואלד, ווי געשריַען!...

— עליע, וואָס איז מיט אייַך?—

— דו פרעגסט נאָך?—האָט עליע צערייצט א געשריי געטאָן.—דער פלוידערזאק מיטן פארשרייַב־ביכעלע האָט דאָך געזאָגט פונקט דאָס זעלבע.

— ווער?

— א פלוידערזאק איז אהער אראָפּגעקומען אין קורצע, ברייטע הייזלעך און קעסטל־דיקע ווארעמע זאָקן און שטענדיק מיט א גאָלד־פעדער און מיט א פארשרייַב־ביכעלע אין האנט. נאָר געשריבן, נאָר פארצייכנט, אומעטום געשפּארט די נאָז, באם ראָוו און בא בראגינען געטאָגט און געניכטיקט. און אז ער איז אָפּגעפאָרן צו זיך אין זאגראניצע, האָט ער אָנגעפאטשקעט וועגן אונדז אין זייערע גאזעטן, אז א בראָך צו זייַנע ביינער!...

— פונוואנען ווייסט איר דאָס אלץ?

— הערט א מאָשל! מיר באקומען דאָך דעם ייִדישן בלאט. האָט דאָרט איינער א שרייַבער—אן עמעסער לעצ איבערגעדרוקט דעם פלוידערזאקס ליגנס און אים דערפאר אזוי א נעם געטאָן אפן צימבל, אז אויב יענער האָט אין זיך כאָטש א האָר בושע, האָט ער באדארפט לעבעדיקערהייט זיך באגראָבן.

דאָ איז עליע אנטשוויגן געוואָרן, געגאנגען א ווייַלע, געטראכט און פלוצים גענומען עמעצן נאָכקרימען:

— קיין יוגנט זעט מען ניט... אויס ייִדישקייַט... שטעטל גייט אויס!... אָ, אויסגיין זאָל דער פלוידערזאק ווי א ליכט!

אייַזיק האָט ווידער זיך צעלאכט.

— לאכסט? — עליע איז נאָך אלץ געווען בייז.— הער, אייַזיק! א ליגנער איז בא מיר דאָס זעלבע, וואָס א גאנעוו. אָט פארוואָס מיר האָבן באשלאָסן ארייַנשרייַבן אין ייִדישן בלאט א קאָלעקטיוונעם בריוו.

— און מיר, — האָט דאָס מיידל א שמייכל געטאָן מיט אירע אויסגעשייַערטע ציין — קלייַבן זיך אויך שרייַבן אין צייַטונג.

— ווער איז דאָס „מיר”?—האָט עליע א פרעג געטאָן מיט כשאד.

דאָס מיידל האָט אים ניט געענטפערט. פון ערגעץ האָט געטראָגן א רייעך פון פריש געבעקס. דאָס מיידל האָט זיך אָפּגערופן.

— איין רעגעלע. איך וועל נאָר קויפן א ביסל בייגל פאר אונדזערע... אין „לעקערט”...

— אפּ בײגל בינ איכ אױכ א באַלנ!—האָט אײַזיק צוגעגעבנ.

אינעמ אונטערשטנ שטאָק פונ א שטײנערנעמ מױער האָבנ געפלאַקערט עטלעכע שטאַרק אָנגעהײצטע אױװנס. אינ די פלאַמענדיקע מײַלער זײַנענ אַלע װײַלע געפלױגנ לאַנגע שטעקנס באַהאַנגענע מיט טײג־רינגען. אפּנ פאָד װערנ די רינגלעכ טײג פאַרברױנט אונ באַקומענ א האַרטע גלאַנציקע הױט אונ עס שמעקט פונ זײ מיט פלאַמ אונ מיט באַ־טאַמטער זעטיקײַט. אונ די בײגל־בעקערס, װאָס שטײענ בא די אױװנס זײַנענ פונקט אזױ פאַרױטלט אונ פאַרברױנט, װי די כראָמטשעדיקע בײגל...

צוריק איז מענ אַרױס מיט צװײ קרענצ בײגל אָנגעהאַנגענע אפּ צװײ שפּאַגאַטנ. אײנ קראַנצ האָט געהאַלטנ דאָס מײדל אונ דעמ צװײטנ—אײַזיק.

אײניקע פאַרבײַגײער זעענדיק, װי אַלע זאַלבעדריט שפּאַנענ אונ כראָמטשענ בײגל אינמיטנ גאַס, האָבנ זיכ ניט אײַנגעהאַלטנ אונ א פרעג געטאָנ:

— עליע, װעסט נאָכ מאַכנ א יאַקרעס אפּ בײגל?...

עליע האָט אפּ די שפּאַסנ ניט געלײגט קײנ אכט. ער האָט שױנ עפּשער דאָס דריטע מאָל איבערגעפרעגט:

— איז װעגנ װאָס, הינדע, קלײַבט איר זיכ שרײַבנ אינ בלאַט?

געענטפערט האָט הינדע ניט אימ, נאָר אײַזיקנ:

— מיר די אַרטעל־יוגנט האָבנ הײַנט בא מיטיק געהאַט אנ עקסטרע פאַרזאַמלונג אונ האָבנ באַשלאָסנ...

זי האָט איבערגעריסנ אונ גענומענ כראָמטשענ א פרישנ בײגל. עליע קאָנ דאָס ניט איבערטראָגנ:

— הינדע, װעסט אופהערנ ציִענ די אַצאָמעס?...

דאָס מײדל ברעכט אופּ נאָכ א בײגל אונ צעטײלט זיכ מיט אײַזיקנ אפּ דער העלפט:

— נו, מאַכט זיכ ניט נאַריש! עסט, אז מע גיט...

— מעשוגענע—רעדט אַרױס עליע מיט גאַל—צומ רומל פעלט נאָכ א ליבע...

הינדע האָט זיכ געמאַכט ניט הערנדיק אונ פאָרגעזעצט װידער צו אײַזיקנ:

— הײַנט אפּ דער עקסטרע פאַרזאַמלונג באמ מיטיק האָבנ מיר באַשלאָסנ אױסשטעלנ א יוגנט־בריגאַדע אפּ שטענדיקער אַרבעט אינ בירעבידזשאַנ.

— אינ בירעבידזשאַנ?

— אינ צײַטונג שרײַבט מענ, אז די דאָרטיקע האָלצ־באַאַרבעטונג־אינדוסטריע נײטיקט זיכ זײער אינ אַרבעט־הענט אונ אזױ װי בא אונדז איז שױנ דאָ דערפאַרונג, קענטעניש, האָבנ מיר באַשלאָסנ...

— אײַזיק!—האָט עליע שױנ ניט אױסגעהאַלטנ—װאָס הײסט „מיר די יוגנט"? אונ איכ—װו בינ? —40 יאָר סטאָליער!

אײַזיק האָט בלױז א שמײכל געטאָנ אונ הינדע האָט פאָרגעזעצט:

— דער רײַקאָמ, האָפנ מיר, װעט באַשטעטיקנ אונדזער באַשלוס. דערצו װילנ מיר אַרױסרופנ די יוגנט פונ דעמ בײגל־אַרטעל אונ אױכ פונ דעמ שנײַדער־אַרטעל זײ זאָלנ נאָכטאָנ אונדזער בײַשפּיל.—הינדע האָט שטיפעריש צעשױבערט אירע קופּער־רױטע האָר.— איר פאַרשטײט, אזױפיל יוגנט! דרײַ פאַכנ!... דאַרפ מענ שרײַבנ אינ דער צײַטונג, צי גאָדער ניט?...

עליע איז געװענ שטאַרק אופגערעגט. ער האָט געשפּאַנט מיט א שװערנ טראָט אונ געהאַלטנ דעמ קאָפּ אַרונטער, װי ער װאָלט עפּעס געזוכט אפּנ װעג.

אײַזיק האָט א פרעג געטאָנ:

— איר זײַט א קאָמיוגיסטנ?

— א פּארטיי־קאנדידאט,— האָט הינדע דערקלערט.

— כאווערטע הינדע,— אײַזיק האָט אפּ א רעגעלע זיך אָפּגעשטעלט, געכאפּט א קוק הינדענ גלײַך אינ פּאָנעם ארײַנ,— און ווי רעכנסטו וועט סליעפּיאַנ אופנעמענ אײַער פּלאַנ?..

— אײַזיק, איך בעט דיכ!...— עליע האָט ניט דערזאָגט. דאָס איבעריקע האָט ער פארענדיקט מיט א פארניכטנדיקנ מאך מיטנ האנט.

און דאָס מײדל האָט פארזשמורעט אנ אויג. אײַזיק האָט באמערקט, אז דאָס פארזשמורעטע אויג פּאסט איר ניט, דאָס פּאָנעם אירס איז פארצויגנ געוואָרנ מיט אָנ א שיר מיעסע קנייטשעלעך. הינדע האָט פאָרגעזעצט:

— דאָס ביסטו מיט סליעפּיאַנענ יאדאכעס. צווישנ אונדז אָבער איז סליעפּיאַנ ווי א זעקס־און־צוואנציקסטער פּאפּיראָס אינ שאכטל, ווו עס גייט ארײַנ נאָר פינפ־און־צוואנציק. ליגנ ליגט עס, נאָר אביסעלע ארויסגעשטארצט און שטערט פארמאכנ דאָס דעקל...

עליע האָט ווידער א מאך געטאָנ מיט דער האנט.

— איך האָב פּײַנט מעשאָלים. נאָר אויב שוינ יאָ פארגלײַכנ, איז שוינ בעסער מיט אנ אויסגעלאָשענעם פּאפּיראָס...

— פארוואָס עפּעס דאַפקע אנ אויסגעלאָשענעם?

— ווײַל נוצנ האָבנ מיר פונ אים ניט מער, ווי פונ אנ אויסגעלאָשענעם פּאפּיראָס...

אינגיכנ זײַנענ זיי אָנגעקומענ אפּ די סקלאדנ.

הינדע האָט זיך אָפּגערופנ:

— כאווער טשערניאַק, טו קאָרשט א קוק, וואָס פאר א טאָלק מיר האָבנ געמאכט פונ פּראָגס האָב־און־גוטס. דאָס צוויי־שטאָקיקע הויז, ווו אמאָל האָט גאנצ אָקרוהע דורך נאכט געשפּילט אינ קאָרטנ, איז איצט פארוואנדלט געוואָרנ אינ א רײַוואלד. שוינ איינמאָל א קאָנטאָר!.. און פונ די געהילצ־סקלאדנ...— הינדע האָט אָנגעוויזנ אפּנ הויכנ און פעסטגעבויטנ פּארקאנ און אפּ די עטלעכע ריי שטעכ־דראָט איבערנ פּארקאנ.— נו, אלטער שטורמאק, קום קאָרשט אפּקלײַבנ געהילצ.

עליע איז דערפאר ניט בערויגעז. זיי זײַנענ ביידע אוועק טיפ אינ הויפ.

אײַזיק האָט דערזענ:

אונטער א נײַעם צודעק, קאָנטיק ניט לאנג אויסגעבויט, זײַנענ געשטאנענ צוויי גרויסע זעג־ראמענ. די עלעקטרישע זעגנ האָבנ אויסגעזענ, ווי צוויי קאָלאָסאלע לאָקאָמאָטיוור־רעדער אינ פולנ גאנג; זיי האָבנ אָנ אופהער און נאָכאנאנד געשונדנ און געפּאסעוועט גראָבע קלעצער. די אָפּגעשונדענע קלעצער ווערנ גיך פארוואנדלט אינ העלע, פריששמעקעדיקע ליכטיקע ברעטער. און שעליאָווקע פונ אלערליי גרעב און ברייט. און אָט פליענ צו פלינקע קורצוווקסיקע פלאטפאָרמעס, ווערנ גיך אָנגעלאָדנ מיט ברעטער און שעליאָווקע, מיט קאָמפּלעקטנ טארע פאר אויבס־קעסטעלעך און קײַקלענ זיך אוועק איבער א שמאָלנ רעלסנ־וועג דורך א זײַטיקנ מויער גלײַך צו דער פּראכט־סטאנציע.

— אָט דעם שמאָלנ רעלסנ וועג—דערהערט אײַזיק לעבנ זיך עליעס קאָל—האָבנ מיר דאָ ערשט ניט לאנג אוועקגעלייגט. א געוועזענער קאָראָמיסלע־מאכער פונ דער סלאָבאָדע האָט עס צוגעטראכט. דו ווייסט גאָרניט, וויפל עס פלעגט אונדז אָפּקאָסטנ דאָס אריבערפירנ געהילצ ביז דאָרטנ...— עליע שטרעקט אויס א האנט צו דער פראכט־סטאנציע, וואָסנ עט זיך פונדערווײַטנס.— און איצט קאָסט דאָס אריבערפירנ—א שמעק טאבעק... נו, און

אָן יענץ געבײַדעלע האָסטו שוין אָנגעקוקט? גאָלד ארבעטן מיר אויס דאָרט, אזש פאר־זאגראניצע...— גיט צו עליע מיט גרויס געוויכט און גייט אוועק.

„יענץ געבײַדעלע" איז א מויער, וואָס לויט דער הייך איז עס צוויי־שטאָקיק, אָבער מיט איין ריי פענצטער. דערפאר אָבער יעדער פענצטער—א טיר—אָט דער מויער שרײַט מיט אלע זײַנע גלידער, אז מע האָט אים נאָרוואָס אויסגעבויט. אנעוו האָט דער מויער בא דער זײַט א קליין מויערל מיט א הויכן, בלעכענעם קוימען, וואָס האלט אין איין עטעמען פאפ־פאפ, פאפ־פאפ... דאָס קיימענדל שטיפט דאכט זיך, טרײַבט קאטאָוועס, נאָר פון אזא מין קאטאָוועס באוועגט זיך די מאשין, וואָס האָט אין זיך זייער אסאך רובאנקעס. און די רובאנקעס ווארפן ארויס בערג מיט פאק־סטרוזשקע. דאָ שמעקט מיט וואלד, מיט פעכיקן בוים, מיט פריש־אָפגעהובליעוועטן געהילץ, מיט פאבריק־אַרבעט—א סטרוזשקע־זאוואָד!

צוריק איז מען ווידער געגאנגען זאלבעדריט. געגאנגען און געשוויגן. אײַזיקן האָט זיך ניט געוואָלט ריידן. אין קאָפ—קאָלערליי געדאנקען וועגן דעם אלעם, וואָס ער האָט פאר די עטלעכע טעג זיך אָנגעהערט און אָנגעזען: פיאנעראָג — א שטעטל אָן אן אינדוסטריע א שטעטל, וואָס האָט אלע יאָרן געלעבט פון מיסכער, פון מארק, פון איבערדינגען בא יענעם א בינטל כאזער־האָר, פלאקס, געטריקנטע שוועמלעך, א שטעטל, וואָס איז געווען ארומגערינגלט מיט געדיכטן וואלד, ווו וואלד־מיסכער איז געווען דער טאָן געבער און אָנ־געטריבן מיטן גאנצן שטעטל, ווי א געניטער פאסטעך טרײַבט אָן מיט דער לאנגער בײַטש א טשערעדע שאָף, אָט דאָסראָזיקע שטעטל האָט די „פאסטעכער" פארטריבן, פארוואנדלט די צוויי באָטעמערראָשים אין וויכטיקע, נוצלעכע אנשטאלטן—א קלוב און א פלאקס־פונקט אָט דאָסזעלבע שטעטל האָט איצט אייגנס, א געהילץ און סטרוזשקע־זאוואָד, א גוט־אײַנ־געאָרדנטן סטאָליער־ארטעל, א פלאקס־פונקט און גאָר, גאָר נײַע מענטשן.

צ. דאָלגאָפּאָלסקי

# רעסורסן[1]

די זומערדיקע פארנאכטן האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן צו מײַרעוו צו, הינטערן בארג באוואָקסענעם מיט צײַטיקן קאָרן. די איבערגעזעטיקטע סאָפּ־יוליקע טעג קײַקלען זיך שוין ניט פאר ליאשקאָס אויגן אין טײַך ארײַן, די לעצטע זונענשטראַלן פארהאַלטן זיך איצט הינטערן בארג, און יונגע אונטערגעוואָקסענע שוועלבעלעך שפּילן דאָ אין קילן שאָטן, דרייען זיך ארום פענצטער און פליען אין זייערע נעסטן ארײַן, וואָס זײַנען אָנגעשטעקט אין די סטרעכעס פון שטאָטסאָוועט. די זון האָט פארקירצט איר גאנג. פון שאָטנדיקן קאבינעט זעט ליאשקאָ גאנץ דײַטלעך די ערשטע סנאָפּעס קאָרן, וואָס האָבן זיך חײַנט אויסגעשטעלט אין שטאָלצע רייען אַפּ דעם זוניקן בארג. אהער צום שטאָטסאָוועט דערטראָגן זיך לידער פון בײַשטאָטיקע קאָלווירטישע שניטערקעס.

אין אזעלכע אָוונטן פארגראָבט זיך ליאשקאָ אין זײַן קאבינעט: אין אזעלכע אָוונטן וועט קיינער ניט שטערן ארבעטן, קיינער וועט ניט זוכן אים, קיינער וועט ניט קריכן אין די אויגן מיט פּאפּירלעך און רעזאָליוציעס, קיינער וועט ניט צושטיין מיט טײַנעס און געשרייען.

זיצט ליאשקאָ בא זיך אין קאבינעט און פירט דורך א סאכאקל פון דער אָפּגעטאָנענער בוי־ארבעט פארן פרילינג און זומער. אָן אשיר דורכרײַסן. וואָס פאר א גרונטליניע האָט דער שטאָטסאָוועט אָנגענומען אין דער ארבעט. דער איקער—ווילשטאנד און אײַנאָרדענען די עקן שטאָט. דעריקער די וועגן, די בריקן, די באלויכטונג, קאנאליזאציע... באריאנקע.

באריאנקער בריק איז שוין. א געשעענער פאקט. דער בריק ווערט פארטיק פאר דער צײַט. אָבער א קאָמיסיע האָט אײַנגעפונען, אז דער בריק איז נידעריק, אז די בויער האָבן ניט פאָרויסגעזען פאלן פון פארפלייצעניש. ליגט פאר ליאשקאָען א צונויפגעשטעלטע שקאלע פון דער פארפלייצעניש פון באריאנקע פאר די לעצטע דרײַסיק יאָר, נאָר גיי זיך אויסטײַנען מיט דער קאָמיסיע...

באריאנקע... ליאשקאָ האָט פון באריאנקע גענוג צאָרעס. פון א טאָג ארבעט איז דער קאָפּ שווער ווי בלײַ. ליאשקאָ הייבט זיך אוף און גייט אוועק צו זיך אין דעם איינזאמען צימער.

— קאָפּוויייטיק, קראנק, צו אלדי שווארצ יאָר,—מיט אָט די ווערטער כאפּט זיך אוף אפּ מאָרגן ליאשקאָ.

אפן טישל ליגט א טערמאָמעטער. מעסטן די טעמפעראטור, ניט מעסטן די טעמפעראטור—איז ער קראנק—וועט זיך עס זאָגן אָן דעם טערמאָמעטער.

---

1) פונעם בוך „זײַר“, וואָס דער שײַנט אײַנגיכן.

ליאַשקאָ נעמט אַרײַנ זײַנ קאָפּ אינ זײַנע בײדע הענט, ער קענ ניט פעסטשטעלנ צי די הענט װאַרעמענ דעמ קאָפּ, צי דער קאָפּ די הענט. אַ גאַנצע נאַכט האָט ער ניט געקענט אײַנשלאָפנ. אינ מױעכ זײַנענ געקראָכנ שױנ לאַנג פאַרגעסענע טעג, אָט האָבנ זיכ איבערגעכאַזערט באַריאַנקער געשעענישנ, די אומגעלומפּערטע באַריאַנקער מאַניפעסטאַציע. פאַר אַזאַ שײנער מײַסע װאָלט ער, ליאַשקאָ, אַלײנ צוגעצױגנ דעמ שולדיקנ צו פאַרטײַשער פאַראַנטװאָרטלעכקײַט. ער האָט זיכ דערמאָנט, װי פּאָטשאַטעװ האָט געהאַנדלט מיט אימ, װי מיט אַ קינד, אָדער װי מיט אַ קראַנקנ, אָדער װי מיט אַנ אַלטינקנ.

ניטאָ זיכ מיט װאָס צו װײַזנ אַפנ פּלענומ פונ שטאָטסאָװעט, האָט ליאַשקאָ נערװירט... אױסגעטראַכט מאַטאַנעס פאַר דער זײַד־פאַבריק, מאַניפעסטאַציעס אױסגעטראַכט. אינ רײַקאָמ שטעקט מענ אימ אַרומ מיט פענעס. אַלנפאַלס דאַרפ מענ אימ אַרומשטעקנ מיט פענעס — אַרױסטרײַבנ אַפ דער גאַס אַ פאַבריק מיט אַרבעטער, נאָכ װאָס, נאָכ װענ. אַכידעש, װאָס עס האָט זיכ ניט געפונענ קײנ אײנער, װאָס זאָל אימ אױסלאַכנ אינ דער פּרעסע.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיכ ליאַשקאָ אומגעװאָרפנ אינ זײַנ ברײטער צװײאַרטיקער בעט. געצײלט די שאָענ פונ שטאָט זײגער, עטלעכע מאָל אַראָפּגעשפּרונגענ פונ געלעגער אונ שלאָפנ האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ.

ליאַשקאָ האָט געלעבט אַלײנ אינ זײַנ צימער—דאָס פאַמיליע־לעבנ האָט זיכ ניט געקלעפּט.

ליאַשקאָ האָט אונטערגערוקט אונטערנ אָרעמ דעמ טערמאָמעטער, געהאַלטנ אימ לאַנג אונ אַרױסגענומענ אימ פונ פאַכװע מיט קנאַפּע נײַנ אונ דרײַסיק.

ער האָט דערשלונגענ אַ טאַבלעטקע, פאַרטרונקענ מיט װאַסער, זיכ גוט אײַנגעדעקט, נאָר אײַנשלאָפנ האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ. אינ מױל האָט געטריקנט אונ אינ די אױערנ האָט געקלונגענ.

— שטאַרבנ אינ אַזאַ צײַט, װעט פּאָשעט זײַנ אַ כאַרפּע, האָט ליאַשקאָ געלאַכט צו זיכ אַלײנ. אַ ראַכמאָנעס אַפ די גוטע כאַװײרימ, אַ ראַכמאָנעס אַפ רומינאָװנ... די כאַװײרימ װעט זיכ װעלנ זאָגנ אַ גוט װאָרט, װעט מענ זוכנ זאָכיעס פונ אַ מאָל, פונ אַנגאַראַ, פונ פאַרשיקונג־פּעריאָד. אָבער איצט, אָבער איצט, אידיאָט, װאָס האָסטו איצט אופגעטאָנ?

אינ צימער האָבנ זיכ אַרײַנגעריסנ דײַטלעכע קלאַנגענ פונ אַ טרױער־מאַרש, װעמענ איז מענ דאָס מעקאַבער אַזױ פרי? װער איז דאָס געשטאָרבנ? מיסטאָמע אַזאַ אידיאָט װי ער, ליגט איצט אינ טרונע אונ קוקט אידיאָטיש אַפ דער װעלט.

ליאַשקאָ האָט אָנגעהױבנ צו שװיצנ. דער נאַקאַטער הױכער שטערנ האָט זיכ באַדעקט מיט געדיכטע, שװערע טראָפּנס שװײס. ליאַשקאָ האָט זיכ דערפרײט. אַהאַ—דער שער נעמט אימ ניט. נאָכ פרי אַפּאָנימ אינ טרונע. אױב אַזױ, דאַרפ מענ עפּעס טאָנ.

ליאַשקאָ האָט דורכנ טעלעפאָנ אַרױסגערופנ דעמ דאָקטער. מע האָט זיכ נאָכגעפרעגט װער קלינגט דאָס, דער קראַנקער אַלײנ? אױב אַלײנ—קענ דער קראַנקער אַהער קומענ. אַז מענ קלינגט צומ דאָקטער, קענ מענ אױכ גײנ צומ דאָקטער.

— אונ אַז די פיס נעמענ אָפּ? איז ליאַשקאָ געװאָרנ בײז.

— װאָס? אָפּגענומענ די פיס? באַ װעמענ אָפּגענומענ די פיס?.. רופט אַרױס גיכע הילפ!

ליאַשקאָ האָט מױרע געהאַט, אַז דאָס מײדל װעט דאָס טרײַבל אױעקלײגנ, האָט ער אױסגעשריענ: דאָס קלינגט ער, ליאַשקאָ, דער פאָרזיצער פונ שטאָטסאָװעט. ער בעט, מענ זאָל טײקעפ צושיקנ אַ דאָקטער. ליאַשקאָ האָט דערהערט, אַז די אַמבולאַטאָריע־טױער האָבנ

זיכ צעטומלט. א מאנצבילשע שטימ האָט זיכ געווענדעט צו אימ אליינ. די מאנצבילשע שטימ האָט געמאָלדנ, אז עס קומט באלד א כירורג.

— ביידע פיס אָדער איינ פוס? האָט מענ געפרעגט פונ אמבולאטאָריע.

ליאשקאָ האָט זיכ צעלאכט.

— ניט די פיס—דער קאָפ, דאָס הארצ.

— אהא... א טעראפעווט, עס וועט קומענ א טעראפעווט.

אָט ווי עס ארבעט מײַנ אמבולאטאָריע! אָט איז דיר מײַנ שטאָטסאָוועט.

ליאשקאָענ האָט אָנגעהויבנ ווארפנ אינ קעלט.

דער דאָקטער איז באלד געקומענ אונ פארזאָגט: אבסאָליוטע רויִקײַט, דער דאָקטער האָט אָנגערעדט גאנצענע בערג וועגנ ליאשקאָס נערווג, וועגנ ליאשקאָס הארצ.

מע האָט געקלונגענ פונ דער רײַאָנער צײַטונג. דער רעדאקטער אליינ האָט געפרעגט וואָס איז מיט די פיס, ווי אזוי האָט ער צעשעדיקט די פיס. עס איז געקומענ רומינאָוו געוואָר ווערנ ליאשקאָענ, מע האָט צוזאמענ אָנ אופהער געלאכט. רומינאָוו האָט זיכ דערווּסט, אז ליאשקאָ האָט איבערגעבראָכנ די פיס. רומינאָוו האָט זיכ באמ קראנקנ פאר־האלטנ, האָט געקאָכט טיי אינ עלעקטרישנ טשײַניק, האָט געפויעט דעמ קראנקנ מיט טיי אונ זייער פאָרזיכטיק געאייצעט ארײַנלאָזנ צו זיכ אינ צימער א רעכטע „באבע“.

— אָבער א רעכטע, ווי דו פארדינסט.

ער רומינאָוו, איז זיכער, אז „באבעס“ וועלנ זיכ שטעלנ אינ ריי, קעדיי ארײַנפאלנ אהער אינ צימער. ווער וועט דאָס ניט וועלנ ווערנ א פאָרזיצעריכע.

ליאשקאָ איז געוואָרנ בייז, אונ רומינאָוו האָט איבערגעכאזוערט:

— איכ מיינ גאנצ ערנסט, אונ איז ארויס פונ שטוב.

ליאשקאָ איז איבערגעבליבנ אליינ. ער האָט זיכ דערפילט עטוואָס בעסער. ער האָט צוגערוקט צו זיכ דעמ שרײַבטישל אונ האָט פונ א געלנ פאקעט ארויסגענומענ אָנגע־שריבענע בויגנס. אינ זיי האָבנ זיכ איבערגעכאזוערט אזעלכע פילבאדײַטנדיקע ווערטער ווי קלינקער, גודראנ, שטיינער, אספאלט, צעמענט...

ליאשקאָ האָט זיכ געכאפּט פארנ קאָפ. ער רופט שוינ ארויס רומינאָוונ. דער דירעק־טער האָט מיט קיינ איינ וואָרט ניט דערמאָנט וועגנ זײַנע פאבריק־אָנגעלעגנהײַטנ, וועגנ באריאנקער דורכפאל, אונ ליאשקאָ אליינ האָט אויכ געשוויגנ. אָבער איצט איז דאָ א פאָרשלאָג, וועלכנ רומינאָוו מוז אינ רײַקאָמ אונטערהאלטנ. ליאשקאָ וויל ענדערנ די אָנגעמערקטע פלענער. ליאשקאָ וועט אפנ פלענומ פונ שטאָטסאָוועט ארויסרוקנ דעמ געדאנק, אז קלינקערנ אונ גודראנירנ די גאסנ, הויבט אָנ דער שטאָטסאָוועט פונ זײַד־פאבריק, „וועלכע האָט רומפול אויסגעפילט דעמ ערשטנ האלב יאָר“. ליאשקאָ האָט געסטארעט זיכ פארגעדענ־קענ די לעצטע פראזע: רומפול אויסגעפילט, רומפול פארענדיקט. דאָס וועט זײַנ דער ערשטער טראָט פונ מאָטאָריזאציע. גענוג צו שיסנ פונ פעטאַרדעס. מײַסימ, קאָנקרעטע מײַסימ. ער ווערט געזונט אונ פאָרט אינ מינסק, אונ פאָרט אינ מאָסקווע, ער וועט זיכ דערשלאָגנ. אויב מע גיט ניט דעמ טראמווײַ, זאָל מענ געבנ אווטאָמאשינעס. עס גייענ צופוס אכט טויזנט ארבעטער. ער וועט דעמ איניענ דערפירנ ביז סטאלינענ.

ליאשקאָ האָט אָנגעקלונגענ צו רומינאָוונ. רומינאָוו האָט אימ אָנגערופנ היציקער קאָפ. רומינאָוו האָט געדראָט. אז אויב ער וועט די רעגע זיכ ניט ארײַנלייגנ אינ בעט, וועט ער דעמ איניענ איבערגעבנ אינ קאקא. עס גייט צו אימ שוינ די ווײַב זײַנע, רומינאָווס, אונ

לֿיאשקאָ זאָלֿ פאָלגן, וואָס מע זאָגט אים. אָבער אינעם טאָג האָט לֿיאשקאָ דערפילט, אז רומינאָוו איז דאפקע געפעלן דער איניען, או ער איז דאפקע פּראקטיש. רומינאָוו האָט איבערגעפרעגט:

— דו זאָגסט, אז גודראָנ און קלינקער. גוט, גוט.

— מע קענ מאָטיווירנ, אז דאָ גייט אריינ ניט נאָר וועגנ דער זײַד־פאבריק, אז דאָ האנדלט זיכ וועגנ א נײַער שטאָט, וועגנ א באפעלֿקערונג פונ קאָרעוו צוואנציק טויזנט אײַנוווינער, וועלֿכע זײַנענ פאקטיש אָפּגעריסנ פונ וווינונג־באזע.

לֿיאשקאָ האָט געפאָלגט. ער האָט זיכ אײַנגעדעקט אינ בעט. ער איז פונ שווייס געוואָרנ נאס. אינ מויעכ איז געוואָרנ קלֿאָר.

עס האָט זיכ בא לֿיאשקאָענ אינ מויעכ אָנגעהויבנ אויספורעמענ א נײַער, א פרישער געדאנק. ער האָט זיכ געוווּנדערט, וואָס ביז איצט איז אימ ניט אײַנגעפאלנ דערדאָזיקער געדאנק, וועלֿכער איז אזוי רעאלֿ, אזוי אײנפאכ און אויספירבאר.

דעמ טײַכ. פאר, וואָס האָט ער ניט אויסגענוצט דעמ טײַכ. וואָס פאָדערט זיכ צוליב דעמ—א קלֿײניקײַט. צוויי־דרײַ מאָטאָרנ און א צוגאנג צו דער פאבריק. וויפלֿ קענ האלטנ דער צוגאנג. הונדערט, הונדערט פופציק מעטער... ווי נאָר די היצ וועט פאלנ, גייט ער אינ רײַקאָמ.

לֿיאשקאָ לֿעבט נאָכ, לֿיאשקאָ קענ נאָכ ארבעטנ.

גודראָנירנ, קלֿינקירנ די עטלֿעכע קילֿאָמעטער, וואָס ביז נײַ־שטאָט. לֿיאשקאָ האָט אָנגענומענ רומינאָווס טערמינ „נײַ־שטאָט”.

מאָטאָריזירנ דעמ טײַכ.

דרײַ מאָטאָר־שיפנ.

ניט מאכנ פונ דעמ קיינ וועזנ...

קעדיי דאָס זאָלֿ ניט שטערנ צו באקומענ די אויטאָמאשינעס.

פארענדיקנ די ארבעט צומ אָקטיאבער־יאָנטעוו.

לֿיאשקאָ איז אָפּגעזעסנ אינ שטוב איבער א וואָכ. רומינאָוו האָט זיכ געזידלט אינ רײַקאָמ, לֿעמײַ מע לֿאָזט פאלנ א מענטשנ פונ די פיס. רומינאָוו האָט געטײַנעט, אז לֿיאשקאָ דארפ אוועק אינ קאפּיטאלֿנ רעמאָנט. מע האָט זאלבעצווייט איבערגעהאלטנ אינ די הענט קורסאָווקעס אָנ א שיר מאָלֿ און אויסגעטיילֿט איינע אזא קארטלֿ פארנ קראנקנ פּאָרזיצער.

רומינאָוו האָט אָנגעזאָגט דורכנ טעלֿעפאָנ, אז לֿיאשקאָ קאָנ זיכ קלֿײַבנ אינ וועג. זאָלֿ ער מאָרגנ־איבערמאָרגנ ארויספאָרנ אינ קאווקאז, נאָר לֿיאשקאָ האָט זייער רויִק אָנגענומענ די גוטע בסורע, אזוי, אז רומינאָוו איז געבליבנ צומ נאר.

— אורלֿויב... א צײַט געפונענ... ער וועט ניט באווײַזנ איבערגעבנ די איניאָנימ, וועלֿכע זײַנענ שטארק פארלֿאָזנ.

און לֿיאשקאָ האָט זיכ אינ דעמ מאָמענט געצאצקעט, מאמעש געצאצקעט מיט זײַנ נײַעמ פּלאנ. אויב דער פּלאנ וועט דורכפאלנ, איז ער, לֿיאשקאָ, אנ עמעסער שלימאזלֿ.

לֿיאשקאָ איז אפ מאָרגנ אוועק אינ רײַקאָמ. דער רײַאָנער קאָמיטעט געפינט זיכ אינעמ באוווּסטנ פאלֿעצ פונ דעמ אמאָליקנ צעדרייטנ פּאָרעצ. די קאָרידאָרנ, די ארײַנגאנגענ זײַנענ מעשונע ברייט און זייער קארג באלֿויכטנ. אינ שטאָט שטייט שוינ לֿאנג די פראגע וועגנ א נײַער געבײַדע פארנ רײַקאָמ. אינ דערדאָזיקער געבײַדע ווערט אומזיסט און אומנישט פארשווענדעט וווינונג־שעטעכ. לֿיאשקאָ האָט זיכ דאָ געטראָפנ מיט מארשינענ, דעמ געוועזענעמ געהילֿפ־דירעקטער. ער איז זייער אופגעלֿייגט: גנעסינ, דער פּאָרזיצער פונ

פאבקאָמ פּאָרט צוריק פונ סימעיִז, אונ מארשינ ווערט באפרײַט פונ דער שײנער שטעלע. ער, מארשינ, ווערט הײַנט באשטימט אפ א נײַער ארבעט.

— וווּהינ גײסטו ארבעטנ,—האָט ליאשקאָ שווער עטעמענדיק זיכ צוגעזעצט אפ א באנק אונ האָט מארשינען אוועקגעזעצט לעבנ זיכ.

— דו זעסט אויס ווי א שווארציאָר,—האָט מארשינ באמערקט. דו פאָרסט אוועק אפ קוראָרט?

— איכ פרעג דאָכ בא דיר, וווּהינ גײסטו ארבעטנ. מע רעדט, אז דו ווערסט באשטימט אפנ וואסער־טראנספּאָרט.

— עס וועט אויסקומענ אפּאָנעמ שווימענ... האָסט אויכ געהערט וועגנ מײַנ באשטימונג?

— דו ווײסט מיסטאָמע, אז דו וועסט דארפנ קאָנטאקטירנ א רײ פראגנ מיטנ שטאָט־סאָוועט, האָט ליאשקאָ צוגעגעבנ אונ האָט אלײנ ניט געוווּסט, צי עס איז גוט, צי שלעכט, וואָס מארשינ נעמט איבער דעמ וואסער־טראנספּאָרט. ליאשקאָ האָט זיכ שיר ניט אויסגע־רעדט וועגנ זײַנע מאָטאָרנע שיפלעכ, וואָס דארפנ קורסירנ אפ דער טעריטאָריע פונ שטאָט. ליאשקאָ האָט באשלאָסנ צוגײנ צו דער פראגע ערנסט אונ דערווײַל מאכט ער א שווײַג

עס האָט זיכ אופגעהויבנ אפ די טרעפ מיט שווערע טריט דער סעקרעטאר פונ רײַקאָמ. ער איז צוזאמענ מיט מארשינען אונ ליאשקאָען צו זיכ אינ קאבינעט ארײַנ. ער האָט זיכ ארײַנגעזעצט אינ דער פארצײַטיקער שטול, וואָס האָט געהערט צומ מעשוגענעמ פּאָרעצ, איבערגעלײענט אונ איבערגעטאפּט א רײ איניאָנים, אופגעריסנ א פּאָר פּאקעטנ, ארײַנ־געקוקט אינ טישקעסטל, ארויסגענומענ א קורסאָווקע אונ דערלאנגט ליאשקאָען.

— פּאָר! האָט באפוילנ דער סעקרעטאר.

— אונ וועמענ גיב איכ איבער די ארבעט?

— פּאָר! האָט איבערגעכאזערט דער מענטש אונ האָט זיכ געווענדעט צו מארשינענ: אונ דו וועסט איבערנעמענ דעמ טראנספּאָרט.

— איכ זאָג דאָכ דיר, אז איכ פּאָר ניט.

— דו זאָגסט זיכ אָפּ?

— איכ קאָנ פּאָרנ אינ צווײ כאדאָשימ ארומ.

— אונ אז דו וועסט אויסציִענ די פיס?

— אז מע וועט העלפנ אינ דער ארבעט, וועט מענ ניט אויסציִענ די פיס. אונ איבער וואַרטנדיק מארשינ זאָל פונ צימער ארויס, האָט ליאשקאָ ארויסגענומענ זײַנ פּלאנ אונ בײדע האָבנ זיכ פארבאהאלטנ אינ זײַטיקנ צימערל, זײער לאנג דאָרט געזעסנ זאלבעצװײ. ארויסגײענדיק פונ צימערל, איז דער סעקרעטאר ווידער צוגעגאנגענ צומ טיש, ווידער עפּעס געזוכט אינ טישקעסטל אונ געפרעגט:

— פונ פּופּצנטנ נאָיאבער וועט זײַנ גוט? עפשער וועסטו אָפּכאפּנ דעמ אָטעמ אינ אָפּרו־הויז אפ צווײ וואָכנ... איכ לײג דיר פּאָר אפ צווײ וואָכנ.

איכ בינ ניט קײנ אינוואליד, האָט ליאשקאָ זיכ צוקאָכט.

— א הונדערטפּראָצענטיקער — האָט דער סעקרעטאר געענטפערט בײז. וואָס שרײַסטו וואָס, ווער איז דאָס מעכויעוו מיט דיר זיכ צו ניאנטשענ. צווײ וואָכנ רו אָפּ, אָנדערהאלבנ כאדאָשימ ארבעט אונ דערנאָכ גײ אינ קאפּיטאלנ רעמאָנט.

ליאשקאָ האָט געשוויגנ.

— נו? האָט דער סעקרעטאר געפרעגט.

— אונ עפשער... דאָס איז א פּלאנ.

ליאשקאָ איז אזוי לאנג אומגעפאָרנ אפ זײַנ קראנקער מאשינ פונ שטאָט אפ דער זײַד-פאבריק אונ צוריק, ביז די מאשינ האָט זיכ אָפגעשטעלט. מע האָט די „געלע מאדאמ“ ארײַנגעפירט אינ מעכאנישנ צעכ פונ דער זײַד-פאבריק אונ צוליב דעמ האָט מענ פארשפרייט א קלאנג, אז ליאשקאָ ווערט געהילפ-דירעקטער.

עס איז געווענ געננג גרונט אזוי צו טראכטנ. ליאשקאָ איז געוואָרנ אנ אָפטער גאסט אינ דירעקטערס קאבינעט, צוזאמענ מיטנ דירעקטער ארומגעשלעפט זיכ איבערנ הויפ, צוזאמענ באטראכט דורכ די שפאלטנ פונ פארקאנ דעמ גאנצנ שטעכ פונ פאבריק ביזנ טײַכ. אונ קאָנטיק—ניט אומזיסט. מע האָט פלוצלינג אריבערגעוואָרפנ פונ פאבריק-הויפ שווארצע ארבעטער אונ טשעסלער אונ אינ עטלעכע טעג ארומ זײַנענ אויסגעוואָקסנ בריקלעכ אונ טרעפלעכ אונ פארענטשנ פונ פאבריק ביזנ סאמע טײַכ. מע האָט אוועקגעשטעלט א שוימער היטנ די טרעפ אונ די פארענטשנ, עפעס איינער אנ ארבקאָר האָט שוינ ארײַנגעטראָגנ צו באראשאָונג א נאָטיצ וועגנ געהיימניספולע טרעפ אונ פארענטשנ. נאָר דאָ האָט זיכ אינ מעכאנישנ צעכ באוויזנ רומינאָוו צוזאמענ מיט ליאשקאָ. איצט זײַנענ אלע איבערצײַגט אז ליאשקאָ ווערט געהילפ-דירעקטער.

רומינאָוונ זעט מענ אינ מעכאנישנ צעכ זייער זעלטנ, אונ דאָ דרייט ער זיכ ארומ אונ ווארט ביז די ארבעט וועט זיכ ענדיקנ. רומינאָוו זאָל האָבנ פרײַע צײַט ארומצודרייענ זיכ אינ צעכ. מע האָט פארענדיקט די ארבעט, אונ אלע זײַנענ פארבעטנ געוואָרנ אינ רויטנ ווינקל.

א קורצע אינפאָרמאציע האָט געגעבנ דער דירעקטער פונ פאבריק.

— מירנ דאָס מאכנ גיכ, האָט פארזיכערט רומינאָוו. די איניציאַטיוו געהערט איגאנצנ דעמ שטאָטסאָוועט, ריכטיקער, דעמ פאָרזיצער פונ שטאָטסאָוועט.

עס האָט זיכ באוויזנ אפ פיל פעגימער אנ אײַנגעהאלטענער שמייכל. עס געדענקט זיכ נאָכ דער פאָרטראָג פונ פאָרזיצער.

— איר האָט געזענ די טרעפ אונ די בריקלעכ צומ טײַכ? עס הייבנ אָנ קורסירנ צו אונדז דרײַ מאָטאָרנע שיפלעכ. זיי וועלנ באדינענ דעריקער אונדזער פאבריק. מאָטאָרנ זײַנענ דאָ. מע דארפ זיי נאָר ברייגנענ אינ אָרדענונג. אלע פופצנ מינוט ברענגענ די מאָטאָרנע שיפנ צו דער ארבעט איבער טויזנט מאנ. דאָס איז שוינ ניט די אווטאָבוסנ. איכ מיינ, אז דער מעכאנישער צעכ וועט זיכ אײַנשליסנ אינ דער ארבעט אונ וועט ברענגענ די מאָטאָרנ אינ אָרדענונג.

רומינאָוו האָט זיכ אָפגעשטעלט, ארומגעקוקט דעמ אוילעמ, געטראכט א רעגע, ווי ער וואָלט עפעס פארגעסנ צוצוגעבנ.

— דאָס איז דער בעסטער אויסדרוק פונ מאָביליזירנ די אָרטיקע רעסורסנ... איכ האָב געענדיקט... ווער וויל זיכ ארויסזאָגנ.

דער מעכאנישער צעכ האָט געהאט אסאכ אלטע, קאדרעווע ארבעטער. דאָ רעדט מענ ווייניק, דאָ האָט מענ ליב צו ענטפערנ אפ אלצ מיט ארבעט, מיט טאט. די קורצע אינפאָרמאציע פונ דירעקטער, איז עלעמענטאר. אוואדע, ברענגענ אינ אָרדענונג די מאָטאָרנ, אוואדע, אָפטאָנ די ארבעט נאָר וואָס גיכער. דער אוילעמ וואָלט באלד פארלאָזנ דעמ צעכ, ווענ מיט דער אינפאָרמאציע טרעט ניט ארויס אליינ רומינאָוו. עס האָט זיכ פאָשעט געוואָלט פארהאלטנ אווײַלע מיטנ דירעקטער, וועלכער פילט זיכ דאָ אזוי היימלעכ אונ אײַלט זיכ ניט. האָט מענ געוואָלט איינער זאָל נעמענ א וואָרט, מע האָט ארויסגעקוקט איינער דעמ אנדערנ, נו, ווער פונ אוילעמ וועט נעמענ אפ זיכ אזא אָנלאָדונג. ווי ענטפערט מענ דעמ דירעק-

טער? און אזא מענטש האָט זיך אין צעך געפונען. עס האָט זיך אופגעהויבן א האנט, דאפקע א פוכלע מיידלשע האנט. דאָס איינציקע מיידל, וואָס ארבעט דאָ אין צעך, שטייענדיק אין דער שפיץ פון דער בריגאדע, האָט געבעטן א וואָרט.

— איך בעט דעם נאטשאלניק פון צעך איַינשליסן מיַין בריגאדע אין דער ארבעט. איך מיין, אז אויב אונדזער צעך וועט צוגרייטן דעם טראנספּאָרט, וועט דאָס זיַין א גוטע ארבעט... כאווער ליאשקאָ, אוואדע וועט איר ניט זיַין בערויגעז, וואָס מיַין בריגאדע וועט אָפּשטעלן אָן דער זיַיט איַיער מאשין און וועט צוטרעטן צו די מאָטאָרן... טאָווארישטשי, דאיאָש מאָטאָרי, האָט דאָס מיידל גענומען אָפּשפּילען פון זיך די ספּעצאָווקע, געבנדיק צו פארשטיין דעם גאנצן צעך, אז פארהאלטן זיך לאנג אפ דער פראגע איז לאכלוטן איבעריק.

אומבאמערקט איז אויסגעוואָקסן דער רעדאקטער פון דער פילטיראזשקע.

— די רעדאקציע שליסט זיך איַין אין דער ארבעט פון די מאָטאָרקעס. די רעדאקציע רופט ארויס פאריבערס, טשעסלערס. ניט נאָר די מאָטאָרן אליין—די שיפן נייטיקן זיך אין א באדיַיטנדיקן רעמאָנט, און עס שאדט ניט, אז אפ זיי זאָל ליגן דער שטעמפּל פון אונדזער פאבריק.

אין דעמזעלבן טאָג איז געוואָרן באוווסט אפ דער גאנצער פאבריק, צוליב וואָס עס איז צוגעגרייט דער צוגאנג פון פאבריק־הויפ צום טיַיך. אין די צעכן, אין קיך, אין די רויטע ווינקלען און דעריקער, בא די רייען פון די אווטאָבוסן, האָבן די ארבעטער גערעדט וועגן די מאָטאָרנע שיפלעך. איינצעלנע ארבעטער האָבן אָנגעהייבן אריַינקוקן אין מעכאנישן צעך—דערוויסן זיך ווי עס גייט די ארבעט.

---

• „שטערן" נומ. 10־11.

עליע קאהאן

# דער רעוואָלווער וועט שיסנ

(דערציילונג)

> אויב אינ אָנהויב דערציילונג הענגט א רעוואָלווער אפנ וואנט, מוז ער אינ סאָפ דערציילונג אויסשיסנ.
>
> א. פ. טשעכאָוו.

אפנ וואנט זײַנענ געהאנגענ: א קארטע פונ פינפיאָר, אנ אָפרײַס־קאלענדאר, פּאָרטרעטנ פונ די פירער, א פּאָרטרעט פונ א מיידל, א גאז־מאסקע, א רעוואָלווער...

סאשקע שמידט האָט ארויפגענומענ דעמ רעוואָלווער אפ אויכריייניקנ. פּלוצימ... (די ווײַטערדיקע געשעענישנ פונ דעמ טאָג קערנ זיכ ניט אָנ צו אונדזער דערציילונג).

---

אפנ הימל מאָגנ הענגענ וואָלקנס, אינדערלופט—א נעפּל און אפ די פיס—קאלאָשנ—מיר פארהיטנ דאָכ שטענדיק אביסל ליכטיקנ זומער־שטאָפ אינ זיכ, די בלויקײַט פונ אונדזערע אויגנ ווערט דאָכ קיינמאָל ניט פארוואָלקנט.

מיר מארשירנ. אלע שטייענ מיר צוזאמענ אפ דער לינקער פוס און די רעכטע איז אינדערלופטנ. אלע שטייענ מיר אפ דער רעכטער פוס און די לינקע איז אינדערלופטנ. פאר די אויגנ נאָר—די זיכ באוועגנדיקע פּלייצע פונעמ פאָרויסגייענדיקנ שאָכנ. און לויט די מונטערע באוועגונגענ פונ אָט דער שטומער פאָרויסגייענדיקער פּלייצע, דערפילט יעדערער פונ אונדז דעמ ריטמישנ פארגעניגנ פונ אָרגאניזירטנ גיינ. גיינ און גיינ. אזוי טרעפט אמאָל אינ א שטאָטישנ עלעקטרישנ אָוונט—ווענ ס׳ברענענ אסאכ לאמטערנעס־לאמטערנעס און ס׳ווילט זיכ גיינ און גיינ נאָכ די לאמטערנעס־לאמטערנעס.

מארשירנ מיר, און עס פירט אונדז סאשקע שמידט—א וווואָד־קאָמאנדיר אפ א טאָג. עס פירט אונדז סאשקע—דער סעקרעטאר פונ אונדזער בויערישער קאָמיוג־קעמערל—„איינמאָל א יאט״ (אזוי רופנ מיר אימ טאקע)—דאָס דערפילט מענ באלד—אָט זעט איר־דער נאטשאלניק פונ הײַנטיקע מאנעוורעס האָט עס אויכ באלד דערפילט. ניט קאָנענדיק אימ, באשטימט אימ פאר א וווואָד־קאָמאנדיר—ווײַל עס פעלט אויס אנ עמעסער קאָמבאשטאנד. נאָכ אזעלכע יאטנ וועלנ מיר גיינ ווהינ אײַער הארצ גלוסט, אזש אינ סערעברענקע. מיר גייענ טאקע אינ סערעברענקע. מיר דארפנ דורכמאכנ 8 קילאָמעטער פאר א שאָ. אפ דעמ האָבנ מיר געשלאָסנ א סאָצגעוועט מיטנ צווייטנ וווואָד. מירנ גיכער די פיס אָנווערנ אפנ וועג, אײדער מירנ אָפּשטיינ—אונדז פירט סאשקע שמידט—איינמאָל א יאט.

באַ אונדז איז גלאַט פרייִלעכער. אין דער לעצטער ריי פון אונדזער וואָגזאָל גייט א שוועסטער פון „רויטן קרייץ"—גאַליע מאַלינאָווע—איינמאָל א יאט. יאָ, איר רופן מיר אויך „איינמאָל א יאט". אָ, אז זי קלײַבט מיטגליד־אָפּצאָל, ווילט זיך איר אָפּגעבן דעם גאנצן טײַסטער מיט דער האַנט צוזאַמען,—אזא ליבן קוק האָט זי, ניט פאַר קיינעם געדאַכט. זי גייט אויך 8 קילאָמעטער אין א שאָ. זי וועט מיסטאָמע אויך דערגיין. שטעלט זיך פאָר, אז יעדערער פון אונדז באַזונדער, ווען ער כאַפּט א קוק אף איר, ווערט אים לײַכטער דער וועג, הײַנט, אז זי קוקט אף אונדז אַלעמען צוזאַמען, אַזויפיל העלדישע יאַטן מיט אונדזערע אויגן, וואָס לײַכטן צו איר, דאַרף דאָך איר מיסטאָמע זײַן פּאָשעט א כּיעס צו גיין, דאַרף איר מיסטאָמע ווייך זײַן דער וועג, ווי א פּערענע. אזוי דאַרף מען זיך פאָרשטעלן.

אפן 8-טן קילאָמעטער פאַלט אף אונדז אָן דער סוינע, אונדזערע ווילדע פרײַנט פון זאַוואָד „וואָראָשילאָוו". איצט זײַנען זיי אונדז „סאָנים אין לעבן" און מירן זיי ארויסווײַזן א העפטיקן ווידערשטאַנד. מאַשע שמידט ליגט אין א קוסט און שיסט. ער איז א זעלטענער שיסער—סאַשקע, פייגעלעך פאַלן פון הימל, ווי אין א גרויסן פראָסט־טאָג, ווען ער שיסט אין זיי. צום יעדן אויסשיסן, גיט ער א מאַך מיטן אויג, פונקט ווי ער וואָלט שיסן מיט די אויגן. און מיט די אויגן שיסט גאָר אף אים גאַליע, די באַרמהאַרציקע שוועסטער גאַליע. אָ־אָ־אָ־אָ, די פרויִשע אומיטלבאַרקײַט! אף איר האָט דער גאַנצער פּולווער־אופּרײַס, אָט דער צעשיטן זיך פון אונדזערע מאַרשירנדיקע געקייטלטע פירעקן, אָט דער יובלדיקער הורא־געשריי, וואָס רײַסט זיך פון די מײַלער ווי גראַנאַטעס,—גאָר ארופגעוואָרפן א כּיינערנזט. זי קוקט זיך צו אזוי ערנסט ווי סאַשע שמידט שיסט אזוי ערלעך און פינקטלעך—ווי א סנײַפּער.

און אז עס ענדיקט זיך דער פײַער און ס'צעשווימט זיך דער רויך—און אַלץ הערט אויף צו אויסזען אזוי פיבערדיק, פײַערדיק, אויסטערליש, נעפּלדיק און עס ניכטערן זיך אויס פאַר די אויגן די פאַרעגנטע ווײַסרוסישע פעלדער און עס וויגן זיך רויִק טראָפּנס וואַסער אף די קרויט־בלעטער אין וועלכע מיר ליגן—שטייען אַלע אויף און מע טרייסלט זיך אָפּ, ווי די הינער טרייסלען זיך אָפּ פון גוס־רעגן.

און גאַליע גייט צו צו סאַשע שמידטן און הייסט אים אָפּווישן די צוויי דורכזיכטיקע טראָפּנס שווייס אפן שטערן, וואָס טיילן זיך אויס ווי די וואַסער־טראָפּנס אף די קרויט־בלעטער. זי זאָגט אים, אז באַ אים איז דער פּאָנים צו רויט. דערנאָך לייגט זי פּלוצים אוועק איר האַנט אף זײַן האַרץ, און זאָגט, אז דאָס האַרץ קלאַפּט באַ אים צו שטאַרק.

פון אונדזערע דורכדרינגלעכע אויגן אַנטרינט עס ניט. ווער פון אונדז עס האָט אזא געבענטשט מיידל—שטייט איצטער אונטערן רעגן און פילט זיך ווי אונטער א דוש און ס'גייט אים דורך א וואַרעמקײַט איבערן רוקנביין—דערמאָנענדיק זיך אָן זײַניקער—און ער פאַרויכערט א פּאַפּיראָס מאַכאָרקע און רויכערט אים אזוי לאַנג, ביז עס נעמען ברענען די ליפּן. און ווער עס האָט ניט אזא מיידל—ווערט אף א ווײַלעטשקע פאַרומעטיקט און א נאָגעניטשל גיט אים א נאָג אין האַרצן. אָבער נאָר אף איין ווײַלעטשקע. זיי זײַנען יונג, דער טײַוול זאָל עס נעמען, דאָס בעסטע איז פאַר זיי, נאָר זיי זײַנען גרויסע איבערקלײַבער. און זיי פאַרויכערן אויך א פּאַפּיראָס מאַכאָרקע.

---

כאווײרים טײַערע!—האָט געזאָגט סאשקע באַם טיש—איכ דאנק נאָטקענ דערפאר, וואָס ער האָט געבראכט די וואָבלעס, איכ דאנק וואָלאָדיענ פאר דער קאווענע אונ כ׳טראָג ניט ארויס מאָטענ קיינ אויסרייד דערפאר, וואָס ער האָט געבראכט די ביר. מיר מאָגנ עטוואָס נעמענ לעקאָוועד אונדזער „פריזיוו״ פונ דער רויטער ארמײ אינ עטלעכע טעג ארום...

כאווײרים טײַערע!—האָט ווידער געזאָגט סאשקע באַם טיש—די מילכאָמע־געפאר איז א גאנצ רעאַלע, די וואָבלעס וועלנ אינ איינע 5 מינוט צעכאַפט ווערנ אינ געפענקעניש—אונ דעריבער פאלט ניט, כאווײרים, אינ קאמפ.

ליבע כאווײרים!—האָט ווידער געזאָגט סאשקע—אז איכ שטעל זיכ שוינ פאָר, אז מיר גייענ אוועק אינ דער רויטער ארמײ—אז עס קומט עס צופאָרנ צו אונדז אינ טייל וואָראָשילאָוו, אונ דערזעט עס ווי איכ שיס, גיט ער עס מיר א פאטש איבערנ פלײצע: „א זעלטענער שיסער״ אונ הייסט מיכ באלוינענ.

געערטע כאווײרים!—האָט געזאָגט אונדזער פרײַנט נאָטקע—איכ בעט אײַכ זײער ווי גוטע ברידער אונ אלטע פרײַנט—אז ס׳וועט אָנקומענ די אנטשיידנדיקע מינוט פונ פריזיוו—זאָלט איר זיכ אלע מיט מיר צוזאמענ ארײַנכאפנ אינ פריזיוו־קאָמיסיע—אונ שרײַענ אפ איינ קאָל: נאָטענ קלאָצ פארשרײַבט פאר א פליער! דאנ וועלנ זײ געוויס אויוואזשענ. איכ וויל פליִענ אינ די הימלענ, ליבע כאווײרים, כ׳וויל שנײַדנ מיט מײַנ ארויסגעשטעקטנ נאָז די וואָלקנס, מיר כאָלעמט זיכ אלע נאכט, אז איכ פלי, בא מיר רײַסנ זיכ אלעמאָל ארויס די פינגער פונ די פיס פונ די שקארפעטקעס, זײ כאלעשנ פליִענ!

— אונ איכ וועל זיכ גיינ פעכאָטנע?—האָט זיכ צעשריִענ וואָלאָדיע—עפשער בינ איכ ניט געשטימט גיינ צופופ! אָט האָב איכ אפ די מאנעווורעס פונ אָסאָאוויִאכימ, אפ וועלכע מיר זײַנענ געגאנגענ, אָנגעריבנ א מאָזאָל...

קוילעס:

— אויב אזוי וועסטו בא אונדז גיינ דאפקע אינ פעכאָטע...

— אינ קאוואלעריע, טײַערינקע, וויל איכ, דערבארעמט זיכ, אינ קאוואלעריע...

קוילעס:

— דאפקע אינ פעכאָטע!

דער טיש איז ווי א שלאכט־פעלד. אינגאנצנ באשאָטנ מיט יאָדערנ פונ קאוועטע, עקנ פונ וואָבלעס אונ ווו ניט ווו א הארטל פינ א פאפיראָס. אונ איבערנ טיש קנוילט זיכ דער רויכ. אונ ארומ טיש פילדערנ אלצ די פריילעכע קעמפער.

ניט געוואָרנ זײַנענ די וואָבלעס, פארשווונדנ איז די קאוועטע, אויסגענומענ האָט זיכ די ביר—אונ ס׳נעמט זיכ ניט אויס דער פריידיקער רויכיקער טומל.

ביז איינער גיט זיכ א כאפ:

— אונ פארוואָס שווײַגט די כאָשעווע כאווערטע גאליע אונ זיצט אינ א ווינקל ווי א גאסט אונ פארוואָס וואָלט איכ שווערנ, איז אביסל פארומערט איר פאָנעמ הײַנט, אינ גרויסנ היסטאָרישנ אָוונט, אונ פארוואָס, פרעג איכ, איז דאָס?

מאָדנע! ווי פריילעכ מיר זײַנענ דאָס, אז מיר האָבנ אוש ניט באמערקט, אז גאליע שווײַגט. מאָדנע. פארוואָס שווײַגט גאליע? זאָג עפעס, גאליע, אָ, מיר וועלנ פאר דיר די אפאָפּליעקסיע אײַנעמענ, זאָג עפעס, גאליע.

גאליע האָט זיך אופגעהויבן פון אָרט, א שמייכל געטאָן פונקט אזוי, ווי אָפ איר פאָר־טרעט, וואָס הענגט דאָ אין צימער אפן וואנט, פונקטאלנע אזוי, און האָט גענומען ריידן שטיל—ווי מע רעדט, אויג אפ אויג מיט א געליבטן מענטשן:

— צי קאָן איך, ליבע אָדלערס, פריילעך זיין אזוי ווי איר?—און גוט, וואָס זי האָט נאָכדעם גענומען ריידן נאָך שטילער—אניט וואָלט צו הויך געקלונגען די רעדע פון דער־דאָזיקער מיידל צו אירע יונגע פריינט, וועלכע האָבן מיטאמאָל ווי איינגעשלונגען אין זיך דעם גאנצן טומל. צו פאטעטיש וואָלט געקלונגען איר מאָנענדיקע טיינע, וואָס זי, וואָס איז אקסל בא אקסל געגאנגען מיט אונדז אלעמען צוגלייך אין קאָמיוגישן שפאן, דאָרט, ווו עס האָט זיך געשטעלט אונדזער טראָט, האָט זיך געשטעלט איר טראָט און מיט דער לופט וואָס מיר האָבן געעטעמט, האָט זי געעטעמט, זי האָט זיך אפילע אויסגעלערנט זידלען זיך אזוי ווי מיר—מערניט בא איר פלעגט זיך עס באקומען ווי א ליבע בענטשונג—האָט היינט דערזען, אז מיר גייען עפעס אָפ באזונדער אָן איר, האָט היינט דערפילט א פארדראָס, וואָס זי וועט ניט שיסן מיט „עמעסע פאטראָנעס". אזוי עטוואָס—קינדעריש־פאטעטיש, האָט זי געענדיקט איר רעדע—„איך וועל ניט שיסן מיט עמעסע פאטראָנעס".

עמעצער האָט פון נייגעריקייט רערנאָך א זאָג געטאָן צו איר:

— עפשער ביסטו אומעטיקלעך אויך דערפאר, וואָס דו וועסט בענקען נאָך איינעם אן אָדלער?

זי האָט ווידער שטיל—ארויסרופעריש אָפגעענטפערט:

— איך וועל זייער בענקען נאָך איינעם אן אָדלער.

נאָר גאָרנישט איז פון איר ניט געמינערט געוואָרן דערפאר. א האָר ניט. וואָרום זי האָט עס זייער שטאָלצ געענטפערט, און ווייל דעם „אָדלער" אכטן מיר אלע זייער שטארק. ער איז שוין איינמאָל א יאט...

און אז מיר זיינען זיך צוגאנגען, האָט יאָנטעוודיק באגילדט דעם אָוונט די לעוואָנע. און ס'האָט פארדראָסן, וואָס מיר לאָזן זי איבער אין דרויסן, וואָס מיר פארמאכן די לאָדן און זי וועט שיינען און קיינער וועט גיט אכטונג געבן.

---

אין עטלעכע טעג ארום האָט אונדז סאשקע ווידער גערופן צו זיך. מיר האָבן ווידער פארכאפט יעדערער דאָס מיט וואָס ער איז רייך. יענעם טאָג האָט מען אין פארטיילער אָפגעלאָזן לעקעכלעך מיט פאווידלע, און אז יעדערער האָט פייערלעך אונטער א מארש געעפנט זיין פעקל, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אלע האָבן געבראכט לעקעכלעך מיט פאווידלע.

און מאָטע האָט ווידער געבראכט ביר.

כאוויירים טייערע! האָט געזאָגט סאשקע באם טיש—איך דאנק אלע כאוויירים פאר אלץ מיט אנאנדער, און כ'טראָג ארוים מאָטען אן אויסרייד פאר ברענגען די ביר. וואָס פאר א יאָנטעוו איז היינט, מיטוואָך נאָך האלבן טאָג?

איז א טומל געוואָרן. סטייטש, האָבן מיר דען ניט אָפגעשאָרן אלע אונדזערע שיינע קודלעס, וועלכע מיר האָבן געכאָוועט און געהאָדעוועט פון אונדזער 15־יאָריקן עלטער אָן, זינט מיר האָבן זיך דערפילט פאר שטיקלעך הענער, האָבן מיר דען ניט איינגעשפריצט אין זיך אלע פליסיקייטן קעגן פאָקן, טיפוס, כאָליערע און אלרע קלאָגן, זיינען מיר דען

ניט אָפּגעגעבן געוואָרן פאר רויטע ארמייער, פרעגט זיך? איז וואָס איז עס פאר א ניט־ריכטיק געשטעלטע קלאָץ־קאשע—„וואָס פאר א יאָנטעוו איז היינט״?

— שאט, שטיל—האָט סאשקע ווידער געזאָגט—איך באגריס אייך אלעמען, ווירדיקע געסט, מיטן באקומען דעם ערן־נאָמען רויטארמייער.

— א דאנק! האָבן אלע אין כאָר געענטפערט. און מאָטע האָט שוין איבערגעשריִען אונדז אלעמען מיליטעריש:

— מיר דינען דעם ארבעטנדיקן פאָלק!

סאשקע האָט פאָרגעזעצט, נאָר דער קאָל האָט זיך בא איט מיטאמאָל געביטן, פונקט ווי עס האָט זיך אין דער מינוט געביטן די פארב פון זיינע אויגן. פון בלוי זיינען זיי געוואָרן גרינער:

— איך האָב אָבער ניט פארדינט צו טראָגן אָט דעם בעקאָוועדיקן נאָמען. ווי איר ווייסט, כאווײרים, נעמט מען ניט באלעגופים צו אין דער רויטער ארמיי, ספעקוליאנטן נעמט מען אויך ניט צו אין דער רויטער ארמיי (בא אונדז אלעמען האָט זיך אין דער סעקונדע געביטן די פארב פון די אויגן; אונדזער אלעמענס שטילקייט האָט זיך אויך געביטן, זי איז געוואָרן אומרויִק און שווער,—וואָס באדייט עס, וועגן וואָס רעדט ער?...)... דינער פון גייסטלעכן קולט נעמט מען אויך ניט צו אין דער רויטער ארמיי... מענטשן מיט שוואכע הערצער נעמט מען אָבער אויך ניט צו אין דער רויטער ארמיי...

און ער איז אנטשוויגן געוואָרן... און ער איז געבליבן זיצן שטיל. און מיר האָבן אלע געזען, אז עס איז אים שווער צו זיצן שטיל. ער לעבט איצט איבער א נייעם געפיל פאר זיך, אן אומעטיקן פארדראָס, און דאָס איז אים זייער שווער. אונדזער סאשקע, אונדזער סעקרעטאר סאשע, האָט געהאט אסאך פארדראָסן, ווען מיר האָבן געארבעט ניט ווי געהעריק, ווען מיר האָבן דורכגעריסן, דאָס זיינען אָבער געווען מונטערע פארדראָסן, אָבער ווי קומט אונדזער סאשקע, דער פריילעכער קאָמיוגיסט צו ויסן, וואָס איז אזוינס אומעט?... נו טאקע, ווי קומט צו אים ויסן וואָס איז אזוינס אומעט?... מערניט ווי א טעאָרעטישן באגריף מוז ער האָבן וועגן דעם. ער האָט געוויס געלייענט די סעריע „דער יונגער מענטש פון 19־טן יאָרהונדערט״. זיי זיינען אלע געווען אומעטיקע באָכערימלעך, מעלאנכאָלנע.

דערנאָך האָט ער מיט זיין געוויינלעכן קאָל, וועלכער האָט שוין אונדז איצט אויך אויסגעוויזן אומגעוויינלעך—פאָרגעזעצט:

— דעריקער, פארשטייט איר, זיין אזוי אומבאוווסטזיניק! טראָגן קעסיידער אין זיך א הארץ, וואָס איז דיר פארטרויט געוואָרן, א צוגעפעסטיקטע הארץ, שלעפן איר קעסיידער מיט זיך אפ אלגעמיינע פארזאמלונגען און פארמאכטע פראקציעס, און ניט ויסן, אז זי איז ניט געזונט, אז זי איז איבערגעמאטערט. דער צ.ק. וואָלט געווען זייער גערעכט, ווען ער גיט ארויס א באשטימונג, אז יעדער קאָמיוגיסט, וואָס האָט זיך נאכלעסיק באַצויגן צו זיין הארץ, באקומט א שטרענגן אויסרייד מיט א וואָרענונג.

— און פאָרזעצן אים אפ 2 כאדאָשים... אפ קוראָרט...—האָט געפרווט א וויצל טאָן זיך מאָטע. און גוט. דאָס האָט געגעבן אן אנדער טאָן. מיטאמאָל האָבן זיך אנדערע א כאפ געטאָן, אז עס איז גאָר גוט, וואָס סאשקע בלייבט דאָ, עס איז גאָר קיין טראַגעדיע ניט. מע דארף דאָך דאָ אויך איבערלאָזן גוטע יאַטן.

סאשקע האָט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקל און דערציילט גאליען די גאנצע מייסע, ווי דער דאָקטער האָט אים נאָכן „עטעמען—ניט עטעמען,—עטעמען—ניט עטע־

מענ״—סאָפּקאָלסאָפּ פאַרשריבנ אינ קאַרטל: „א פונקציאָנעלע צושטערונג פונ דער הארצ־טעטיקייט״.

גאליע איז היינט געווענ פריילעכ ווי אלעמאָל אונ עפּשער נאָכ פריילעכער.

זי איז צוגעגאנגענ צו סאשענ, ארופגעלייגט אים די האנט אפנ הארצנ אונ געזאָגט, אז דאָס הארצ קלאַפּט בא אים טאקע צו שטארק.

אונ דערנאָכ האָט זי אסאכ שטילער געזאָגט:

„בלייבסטו, איז עס געוויס צום גוטנ, אז ניט וואָלטנ מיר זיכ דאָכ צעשיידט נאָכ איידער מיר האָבנ זיכ פארבונדנ״.

מאָטע האָט א גוטנ געהער. ער האָט עס באלד דערהערט, אונ ער האָט פּלוצים אביסל פארטרוימט—מיט פאָלקסטימלעכע נאָטקעס, וואָס האָבנ זיכ ווער ווייס—וויאזוי פארגאנוועט אינ זיינ גראָבנ, געזונטנ קאָל, אָפּגעזאָגט אינדערהויכ:

— סאשקע—אזא מיידל איז א היילונג אינ הארצנ...

פאראַנ ווערטלעכ, וואָס פּאסנ זיכ ארינ אינ דער שטימונג—קריכנ זיי דערנאָכ פונ קאָפּ ניט ארויס, עס קלערט זיכ צו זיי צו א ניגנדל—אונ דערנאָכ א לאנגע צייט קעסיידער גייט מענ אונ מ׳זינגט זיכ:

— אזא מיידל איז א היילונג אינ הארצנ... אזא מיידל איז א היילונג אינ הארצנ...

מיר זיינענ זיכ אלע צוגאנגענ אונ עפּעס אלע האָבנ אפּ די ליפּנ אונטערגעברומט א מאָטיוול אָנ ווערטער—יעדערער זיינ איינענעם מאָטיוו, אונ בא יעדנ האָבנ זיכ אינע־וויניק מיסטאָמע געזונגענ די ווערטער:

— אזא מיידל איז א היילונג אינ הארצנ.

---

אפנ וואנט זיינענ געהאנגענ: א קארטע פונ פינפיאָר, אנ אָפּריל־קאלענדאר, פּאָרטרעטנ פונ די פירער, א פּאָרטרעט פונ א מיידל (איר ווייסט שוינ ווי זי הייסט) א גאז־מאַסקע, א רעוואָלווער...

אונ מער איז אינ צימער קיינער ניט געווענ. אלע זיינענ זיכ צעגאנגענ. גאליע איז אויכ אוועק. אונ סאשע איז אליינ געשטאנענ אינמיטנ צימער.

ער איז געשטאנענ אינמיטנ צימער. מיט א מענטשנ איז ניט אלצ אינ אָרדענונג, אויב ער נעמט אונ שטעלט זיכ אוועק אינמיטנ צימער. עפּעס האָט געטראָפנ מיט א מענטשנ, אויב ער נעמט אונ שטעלט זיכ אוועק אינמיטנ צימער.

מיט דעם מענטשנ האָט היינט אסאכ וואָס געטראָפנ. דער מענטש איז היינט געווענ צום ערשטנ מאָל אינ לעבנ אומעטיק—אונ ראנגלענדיק זיכ מיט זיינ אומעט איז צוגע־גאנגענ צו אים—די, וואָס איז צוגעגאנגענ אונ האָט אזוי פריילעכ געזאָגט:

— בלייבסטו, איז עס געוויס צום גוטנ, אז ניט וואָלטנ מיר זיכ דאָכ צעשיידט, נאָכ איידער מיר האָבנ זיכ פארבונדנ״—

אונ האָט אים איבערגעגעבנ איר פרייד, אונ צום ערשטנ מאָל האָט דערדאָזיקער מענטש אינ זיינ לעבנ דערפילט די ביידע געפילנ מיטאמאָל: אומעט אונ פרייד. צום ערשטנ מאָל אינ לעבנ האָבנ זיכ בא אים גענומענ מישנ געפילנ, האָבנ זיכ פאר אים גענומענ מישנ פארבנ אינ די אויגנ. אונ דאָס הארצ. דאָס פרעמדע הארצ. ווי קומט צו אים אזא קאפריזנע, אומדיסציפּלינירטע הארצ?... אינ אלצ איז שולדיק—אָט דאָס קראנקע הארצ. זי האָט פונ דעם אלצ גאָר מאָדנע גענומענ קלאפּנ, גאָר קאפּויר גענומענ קלאפּנ.

סאשע האָט דערפילט, ווי דאָס הארצ רײַסט זיכ בא אימ פונ אונטערנ העמד, ווי א פויגל, וועלכע מע האלט פאר די פליגל, רײַסט זיכ דאָס הארצ. אונ א זויערקײַט האָט ער דערפילט אינ מויל. אינמיטנ דערינענ—זויערקײַט.

— נו, אפ וואָס טויג איכ מיט אזא הארצ—האָט ער א טראכט געטאָנ.

זײַנ בליק איז געפאלנ אפנ רעוואָלווער. ער האָט אימ אראָפּגענומענ פונ וואנט. ער האָט אימ גוט באטראכט. ער האָט אימ אָנגעלאָדנ.

שטיל איז געלעגנ ארומ די נאכט. אלע בלעטער פונ די בוימער זײַנענ אָפּגעפאלנ אונ אלע פויגלעכ זײַנענ זיכ שוינ צעפלויגנ. אונ מענטשנ שלאָפנ שוינ אויכ. אונ אפנ הימל איז קיינ איינ וואָלקנ ניטאָ.

סאשקע האָט צוריק אופגעהאנגענ דעמ רעוואָלווער אפנ וואנט...

דערדאָזיקער רעוואָלווער האָט דאָכ אימ פונ דער ערשטער מינוט אָנ דערמאָנט אָנ דעמ, אז ס'האָט נאָכ קיינמאָל ניט געטראָפנ ער זאָל בא אימ דיכטיק ניט קלאפנ, ריכטיק ניט שיסנ...

דער רעוואָלווער וועט שיסנ, ווענ מענ וועט נאָר דארפנ...

אונ אינ דער מינוט, לעמאָשל, קלאפט רויִק זײַנ הארצ.

זייער רויִק קלאפט איצטער דאָס הארצ.

ז. אקסעלראָד

# אכרײַעס

וואָס שפּעטער די שאָ אַלץ גרעסער איז דאָ די אכרײַעס,
צו טראָגנ דײַנ לעבנ אינ שווינדיקנ לויפ פונ דער ערד.
עס מאָנענ די טעג בא דעמ ווער נאָר טרײַ איז,
ניט רוענ קיינ רעגע אונ צאָלנ זײַנ מענטשלעכנ ווערט...

פונ פּארווייעטנ לאַנד, פונ פּארוואָרפענע שטרעקעס
א פּארבלוטיקטע יוגנט מיר האָבנ אהערצו געבראַכט.
לויכטנ אופ קוילנ אונ הארבסטיקע רעגנס,
צינדט זיכ אָנ מיטאמאָל יעדער געווונענער שלאַכט:

ווי ס'טראָגט אונדז ארומ נאָכ דער וועג דער פּארדרייטער,
עס טרייסלט אונ וויגט א קאַלטער וואגאָנ.
אָט ערשט פונ די שלאַכטנ אונ ווידער גרייט שוינ
א לעבנ א נײַעמ מיר הייבנ דאָ אָנ...

מיר קנײַפּנ דעמ ברויט אונ שלינגענ דעמ ווארעמנ ביסנ,
מיר שלעפּנ דעמ הערינג פאר זײַנ געזאַלצענעמ עק.
די בגאָדימ אפ אונדז נאָכ צעפליקט אונ צעריסנ,
מיט קיינ זויבערער העמד אונדזער לײַב ניט פארדעקט...

א זאק אפנ פּלייצע, זיכ צעשיידט אונ צעפּאָרנ,
א צעבראָכענער צוג ברענגט אינ מאָסקווע־שטאָט,
ווי ס'שיילט די בעריאָזע די ווײַס־פרישע קאָרע,
שיילט זיכ אויסעט די יוגנט מיט יעטווידער טראָט.

אונדזערע לעבנס האָט דער שלאַכט ניט פארטיליקט
שטעלנ אופ אפּדאָסנײַ מיר דאָס כאָרעווע לאַנד,
מיר טראָגנ א טשוב אונטער פארשמאָלצענעמ בריליק
אונ ביכער א פּאַק אינ פארוואונדעטער האנט...

דורך טאָג און דורך נאכט זיך ווידער געלערנט,
דער שטאָטישער הימל איז מיט שטערן ניט זאט.
איבער אונדז האָט געלויכטן דער פינפשפּיציקער שטערן
פון זאל דעם קאָלאָנעם און מאָסקווער ראט.

אין פארווייעטן לאנד, אין פארוואָרפענע העקן
מע האָט אונדז דערנאָכדעם אפ ארבעט צעשיקט.
לויכטן אופעט אין וועג די פארגאנגענע רעגעס
„יוגנט, יוגנט, ווילדער בריק"...

און ס'רינען פארביי דורך יענע הארבסטיקע טראָפּנס,
דאָס פארלאָפענע לעבן, וואָס ביז בלוט האָט גערירט,
עס גייט ניט קיין שלאכט מער בא די פערעקאָפּן,
א שלאכט גייט א נייער ארום יעדן קאָלווירט...

און אָנגעשטרענגט ביזטו ביז קורצזיכט פון אויגן,
ס'איז אָנשטרענגונג איצטער דיין ערשטער באדינג.
און רייף ווערט נאָך מערער דער מעכטיקער גלויבן,
אז טראָגן אכרייעס איז קיינמאָל ניט גרינג.

פ. נאָוויק

# ציִעניזמ אינ א ברוינ העמדל

דער 18־טער ציִעניסטישער קאָנגרעס אינ פּראָג.

## 1. פערצנ יאָמקיפּערס.

עס איז געווענ א קאָנגרעס פונ „14 יאָמקיפּער־טעג“—האָט נאָכעמ סאָקאָלאָוו אפ זײַנ שטייגער אָפּגעשאַצט די 14 טעג פונ דעמ 18־טנ ציִעניסטישנ קאָנגרעס אינ פּראָג, אָנשטאָט די געפּלאַנעוועטע צענ. דער פאָרזיצער פונ קאָנגרעס, מאָצקינ, האָט צומ סאמע סאָפ דערקלערט פונ דער טריבונע, אז דאָס איז געווענ דער שווערסטער פונ אלע זיבעצנ קאָנגרעסנ, וואָס ער האָט בײַגעווױנט. די ביידע פירער פונ ציִעניזמ האָבנ זיכ איידל אויסגעדריקט. צו „שווערע“ קאָנגרעסנ, אפילע „שווערסטע“, זײַנענ זיי שוינ געוווינט געוואָרנ פונ לאנג. עס איז דאָס מאָל געווענ עפּעס מער ווי שווער.

די אינערלעכע קאָנפליקטנ אינעמ קאָנטר־רעוואָלוציאָנערנ ציִעניזמ, וועלכע רעפלעקטירנ די קאָנפליקטנ אינ דער בורזשואזער געזעלשאפט און די קאָנפליקטנ צווישנ די פארשיידענע אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס, מיט וועמענ דער ציִעניזמ איז פארבונדנ, האָבנ זיכ שוינ לאנג געלאָזט פילנ אפ ציִעניסטישע קאָנגרעסנ. שוינ אפ דעמ 15־טנ קאָנגרעס, אינ באזעל, אינ 1927 י., האָט מענ אָפנ דערזענ פאר וואָס פאר א קראַכ עס שטייט די ציִעניסטישע באוועגונג. אָבער דאָס זײַנענ געווענ יאָרנ פונ דער „פּראָספּעריטי“, פונ דער רעלאטיווער סטאביליזאציע פונ קאפּיטאליזמ, יאָרנ פונ גרויסע גערעטענישנ פאר דער ציִעניסטישער פּושקע, באזונדערס אינ אמעריקע, ווו די ציִעניסטישע אָרגאניזאציע פלעגט זאמלענ פיל מיליאָנענ דאָלארנ א יאָר. דאָס זײַנענ געווענ יאָרנ פונ דעמ גרויסנ ציִעניסטישנ טאראראמ. דער ברייטער שטראָמ פונ גאָלד, וואָס האָט ניט אופגעהערט פליסנ אינ די ציִעניסטישע קאנטאָרנ אינ די פארשיידענע קאפּיטאליסטישע לענדער, און אויכ אינ פאלעסטינע, האָט געהאָלפנ אָנפילנ די בלויזנ, פארשטעלנ און פארפּויקנ דעמ באנקראָט פונ דער ציִעניסטישער באוועגונג.

דער 16־טער ציִעניסטישער קאָנגרעס אינ ציוריכ, זומער 1929 י., איז שוינ פאָרגעקומענ אינ א קריזיס־צײַט אינ די אגראר־לענדער און ערעוו דעמ גרויסנ קראַכ אפ וואָל־סטריט. אפ דעמ קאָנגרעס האָט זיכ שוינ געשפּירט דאָס אָנקומענ פונ דעמ אופשטאנד אינ פאלעסטינע. דער ציִעניזמ האָט אינ ציוריכ אופגעגעבנ זײַנ הערצל־פּראָגראמ און געשלאָסנ שוטפעס מיט די יאהודימ, געשאפנ די „יִדישע אגענטור“.

דאָס איז געווענ א „שווערער קאָנגרעס“. אוסישקינ האָט געקלאָגט אפ דעמ, וואָס מע „לייזט“ ניט אויס ערעצ־ייִסראָעל. ווייצמאנ האָט פאלעסטינע אָנגערופנ: „דער ספינקס“,

וואָס פאָדערט ריזיקע סומענ געלט, אונ רוקט ארויס ריזיקע שוועריקייטנ, אונ האָט דערפאר אפעלירט צומ קאָנגרעס מע זאָל נעמענ צוהילפ לוי מארשאל, פעליקס ווארבורג, אָסקאר וואסערמאנ, לאָרד מעלטשעט אונ די אנדערע „ניט־ציוניסטנ".

דער 17־טער ציוניסטישער קאָנגרעס אינ באזעל, אינ 1931 י., איז שוינ פאָרגעקומענ אינ צווייטנ יאָר פונ דעמ אלוועלטלעכנ קריזיס פונ קאפיטאליזמ. די פארלאָרנקייט אונ צומישעניש אפ דעמ קאָנגרעס האָט דערגרייכט א הויכע מאדרייגע. די געשעעניש אינ פאלעסטינע, די באריכטנ פונ דער שאָ־קאָמיסיע אונ פונ דזשאנ האופ סימפסאָנ אונ דער וויַסער פאפיר פונ לאָרד פאספילד, האָבנ א קלאפ געטאָנ איבער די פונדאמענטנ פונ ציוניזמ. דער „מאָרענער עזראָ", וויצמאנ, איז געצוווּנגענ געווענ אָפּצוטרעטנ. א ציוניסטישער זשורנאליסט האָט דעמלט טרעפלעכ כאראקטעריזירט דעמ 17־טנ ציוניסטישנ קאָנגרעס, ווי—„דער אָרגאניזירטער אגמעסנעפעש".

אָבער אינ פארגלייַכ מיט דעמ איצטיקנ 18־טנ ציוניסטישנ קאָנגרעס קאָנענ יענע צוויי „שווערע" קאָנגרעסנ אריַינגערעכנט ווערנ אינ דעמ פעריאָד פונ די „גאָלדענע" הערצל־קאָנגרעסנ. אזא פולשטענדיקע פאנאנדערלייגונג פונ אנ אָרגאניזאציע, וואָס דער קאָנגרעס אינ פראָג האָט פאָרגעשטעלט, אזא פארלאָרנקייַט אונ צעפאלנקייַט פונ א גאנצער באוועגונג,—איז וויַיט צו זוכנ אינ די פארשיידענע אָרגאניזאציעס אונ באוועגונגענ פונ דער בורזשואזיע.

ניט אומזיסט האָט מענ זיכ פאר דעמ קאָנגרעס געשראָקנ. מע האָט פארלאנגט ער זאָל ניט פאָרקומענ—אונ מע באדויערט איצט פארוואָס ער איז יאָ פאָרגעקומענ. „זייַנע אינגיַמ אונ רעזולטאטנ"—טעלעגראפירט א דעלעגאט־זשורנאליסט—„בארעכטיקנ די מיינונגענ, וואָס זייַנענ אויסגעשפראָכנ געוואָרנ מיט מאָנאטנ צוריק, אז ער האָט ניט געדארפט פאָרקומענ צוליב די טראגישע צושטאנדנ אינ דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע".

זשורנאליסטנ, וואָס האָבנ זיכ מוידע געווענ, אז „איינ גאָט וויס דעמ עמעס, „אז זיי זייַנענ געפאָרנ צומ קאָנגרעס „מיט א ברייט אָפנ הארצ צו זוכנ טרייסט אונ האָפענונג, זיכ אָנוואָרעמענ באמ פייַער פונ יידישנ שאפנ, פונ יידישנ גלויבנ (לעשטשינסקי אינ „פאָרווערטס" פונ 2־טנ סענטיאבער), האָבנ שפעטער (9־טנ סענטיאבער) פארגאָסנ טרערנ, וואָס דאָס איז א „קאָנגרעס אָנ יאָנטעוודיקע שטימונגענ, אָנ דערהויבענע מאָמענטנ", נאָר פארקערט, מיט „שטימונגענ, וועלכע דריקנ אפ די הערצער פונ אלע, וועלכע מאכנ טרויעריק די נעשאָמעס פונ אלע". אונ אינ ציוניסטישנ „הייַנט" אינ ווארשע קלאָגט זיכ דער שווארצמייעניק קארלעבאכ:

„געשלעגנ ארומ שעכטמאנענ, ארומ זשאבאָטינסקינ, צענדליקער קליינע געשלעגנ אונ איינ גרויסע רייַסערייַ, קייטנ פונ אָרדנער, פונ וועכטער, רעוויזיאָניסטנ שטורעמענ קעגנ די לעבעדיקע קייטנ, טישלעכ פאלנ, היט פליענ, מע ווארפט מיט בענקלעכ, די וועכטער פונ הויז רייַסנ זיכ ארייַנ... אונ אינוויינִיק פאר א לייריקנ, פוסטנ זאל, שטייט אוסישקינ אונ רעדט וועגנ יידישער ערד".

מיר וועלנ שפעטער זענ, אז ניט אומזיסט איז דער אוילעמ געלאָפנ פונ זאל אינ די קולוארנ. אוסישקינ האָט דערציילט זייער א טרויעריקע געשיכטע, אָבער אָט איז קארלעבאכס אויספיר:

„ס'איז געווענ אנ ערשיטערנדער מאָמענט. מע וואָלט אינ אימ געקענט פארלירנ דאָס לעצטע ביסל גלויבנ אינ דער רייפקייַט פונעמ יידישנ פאָלק. [1]

[1] „הייַנט", 28־טנ אווגוסט.

און דער ציִעניסטישער פירער ד״ר גאָטליב האלט אים אונטער אין דעמזעלביקן נומער מיט א שפּינאָזישער טרייסט:

„מע דארף ניט לאכן, מע דארף ניט וויינען, מע דארף בלויז פארשטיין, עס טרעט אריַין דער ציִעניזם מיטן קאָנגרעס אין א גאנץ נײַער טקופע”.

יאָ, אין א נײַער טקופע. א שווערע טקופע פאר דער בורזשואזיע און אלע אירע באוועגונגען. א שווערע טקופע פאר דער אָנגריַיפנדיקער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער שאָוויניסטישער באוועגונג, וואָס האָט זיך איַינגעשפּאנט אינעם רײַטוואָגן פון דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם. די טקופע האָט געקראָגן איר אויסדרוק אף דעם 18־טן ציִעניסטישן קאָנגרעס אין פּראָג, און עס האָט זיך באקומען „14 יאָמקיפּער־טעג”.

## 2. אנטיסאָוועטישער אָנג״יף.

נאָכעם סאָקאָלאָוו אין זײַן טאָנלאָזער, צעוירענער, מאיאָפּעסדיקער, דערעפענינג־רעדע דעם 21 טן אווגוסט האָט געגעבן דעם „טאָן”. ער האָט באגריסט דעם פאָרשטייער פון ענגלישן קאָנסולאט מיט כניפע, און אויסגעפירט: „איך וויל אויסדריקן אײַער עקסעלענצ און איַיער רעגירונג דאָס געפיל פון אונדזער אייביקער אכטונג” (עווערלאסטינג אפּרישיִיישאָן)”. ער האָט געלויבט דאָס „ריטערלעכע פוילן” און האָט באדאנקט דעם פּארטרעטער פון איטאליענישן קאָנסולאט פאר דער „אויסעראָרדנטלעכער גוטסקײַט און גרויכמוטיקײַט פון מוסאָליניס רעגירונג. ער האָט באגריסט די „איירעלע פאריייניקטע שטאטן”,—און אלץ מיטן זעלביקן מאָשקע־טאָן. און בייס דער אוילעם, זײַן אוילעם—האָט געוואַרט עפּעס צו הערן וועגן די מײַסים פון די נאציס, פון היטלערן, הערן א געשריי, א פּראָטעסט, האָט סאָקאָלאָוו אין זײַן אומענדלעכע מאָנאָטאָנער רעדע, ווו ער האָט זיך געגריבלט אין די רייד פון הערצל און נאָרדוי, אפילע די ווערטער „היטלער” און „דײַטשלאנד” ניט דערמאָנט, און איז אָפּגעקומען מיט א רוף צו דער „ציוויליזירטער וועלט”:

„ווו ביסטו ציוויליזירטע וועלט? דו, אייראָפּע, דו פעלקער־ליגע?

דערוועגנדיק זיך איינמאָל צו ארויסזאָגן דאָס וואָרט „דײַטשלאנד”, האָט סאָקאָלאָוו אויסגערופן:

„און ווו ביסטו הויך געערטע דײַטשלאנד פון געטע, שילער און קייזער פרידריך וועלכער האָט געשטעמפּלט דעם אנטיסעמיטיזם ווי דער „גרעסטער שמאך פון יאָרהונדערט”? ווו איז דײַן ברודער העוועל? [1]

מיט דעם באטלאָנישן קנייטש האָט סאָקאָלאָוו אף זײַן כאראקטעריסטישן אויפן געגעבן אָנצוהערן, אז „עמעצער” איז א „קאַין”. דאָס איז געווען דאָס „שארפסטע” אין זײַן רעדע און באלד איז ער ווידער אוועק אין א גרילצעריקער מעליצע, און—דער אנטוישטער אוילעם—זײַן אוילעם—האָט אָנגעהויבן פארלאָזן די „פײַערלעכע” זיצונג...

דערפאר האָט סאָקאָלאָוו, אף דער זיצונג פון 24־טן אווגוסט, ארויסגעוויזן מוט, ווען עס איז געקומען צום אָנפאלן אפן סאָוועטנפארבאנד. אין זײַן „איבערזיכט” וועגן דער לאגע פון די ייִדן אין די פארשיידענע לענדער, האָט ער פלוצלונג באקומען א שארפן טאָן, ווען ער האָט אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם „רוסישן יודנטום”. דאָ האָט ער געשטו-

[1] די און די פריִערדיקע ציטאטן פון סאָקאָלאָווס רעדע — פון דער אָפיציִעלער סטענאָגראמע „קאָנגרעס־צײַטונג” נומ. 1.

רעמט וועגן דער „פארניכטונג פונ דער העברייִשער שפראכ” אונ וועגן דעמ „אָנגריפ אפ דער ייִדישער רעליגיע”. אינ סאָוועטנפארבאנד, לויט סאָקאָלאָוו, הערשט „א צושטאנד פונ ייִדישער רעכטלאָזיקייט”. „מיר קאָנענ ניט צולאָזנ”, האָט סאָקאָלאָוו געצאָרנט, „אז דאָס רוסישע ייִדנטומ, דאָס מוטיקע אונ פארדינסטפולע רוסישע ייִדנטומ זאָל אָנ מאָראלישער קאָנסעקווענצ אויסגעשטריכנ ווערנ נאציִאָנאל אונ קולטורעל פונ דעמ בוכ פונ די לעבעדיקע [1]).

סאָקאָלאָוו, וועלכער האָט ניט געהאט קיינ איינ שארפנ וואָרט קעגנ היטלערנ אונ היטלעריזמ, האָט געשריבנ, אז די „אויסראָטונג פונ דער עלטסטער שפראכ פונ דער קולטור־וועלט איז וואנדאליזמ”.

סאָקאָלאָווס אנטיסאָוועטישער אויסברוכ אפ דער זעקסטער זיצונג פונ ציִעניסטישנ קאָנגרעס איז געווענ דורכויס אינ איינקלאנג מיט דעמ מאיאָפעס אונ מיט זייַנע קאָמפּלי־מענטנ פאר מוסאָליניניס אונ פּילסודסקינ, מיט זייַנ „אייביקער אכטונג” ענגלאנד, אונ מיט זייַנ פארשווייַגנ די אבסאָליוטע אויסראָטונג פונ די יידישע מאסנ אינ דייַטשלאנד, באַ־גלייט מיט בלוטיקע מיטלאלטערלעכע פארפאָלגונגענ. אונ זייַנ סטראשענ מיט „מאָראלישע קאָנסעקווענצנ” איז פולשטענדיק אינ איינקלאנג מיט דעמ אָנטייל פונ ציִעניזמ אינ אלוועלט־לעכנ אנטיסאָוועטישנ פראָנט.

דערפאר האָט שוינ דער פרעזידענט פונ דער ציִעניסטישער אָרגאניזאציע, וועלכער האָט גערעדט וועגנ א נייַער „נאָרדווישער ייִדנ־נויט” אינ סאָוועטנפארבאנד, ניט געהאט א וואָרט צו זאָגנ וועגנ דער נויט—עמעסער נויט!—פונ די ייִדישע מאסנ אינ פוילנ, וועגנ דעמ עקאָנאָמישנ אנטיסעמיטיזמ פונ דער פּילסודסקי־רעגירונג, וואָס רייַסט אונטער דעמ באָדנ פאר דער עקזיסטענצ פונ דער ייִדישער באפעלקערונג, וועגנ די פארפאָלגונגענ אפ דער ייִדישער אונ אנדערע מינדערהייַטנ אינ לאנד, פארפאָלגונגענ אפ דער ייִדישער אונ אנדערע „פרעמדע” שפראכנ, אונ אז. וו. סאָקאָלאָוו האָט דיפּלאָמאטיש א קרעכצ געטאָנ אפ דער שלעכטער עקאָנאָמישער לאגע פונ די ייִדנ אינ פוילנ, ווייַל דאָס האָט זיכ אימ געלוינט פאר זייַנ אויספיר—פאלעסטינע איז די „רעטונג” — אָבער קיינ איינ וואָרט ניט וועגנ דער פּאָליטיק פונ דער פּילסודסקי־רעגירונג!

דאָס אלצ איז געווענ פולשטענדיק אינ טאָנ מיט די רייד פונ אלע ציִעניסטישע פירער, שרייַבער, ניט נאָר אפנ קאָנגרעס, נאָר בא אלע געלעגנהייַטנ. סאָקאָלאָווס עקסטאטישע אויסרופנ וועגנ דער ייִדישער רעליגיע, „וועלכע איז דאָס העכסטע בא ייִדנ”, איז געווענ פולשטענדיק אינ איינקלאנג מיט דעמ שווארצמייעדיקנ קלעריקאלנ כאראקטער פונ דער ציִעניסטישער באוועגונג, וועלכע האָט באשאפנ אינ פאלעסטינע א קלעריקאלנ ייִשעוו. מיט זייַנ אטאקע אפנ סאָוועטנפארבאנד האָט סאָקאָלאָוו אויסגעפילט א טראדיציע פונ די ציִעניס־טישע קאָנגרעסנ אונ די באשטעלונג פונ די אימפּעריִאליסטישע לענדער, וועמענ דער ציִעניזמ דינט. אונ צוזאמענ מיט סאָקאָלאָווס רעדע זייַנענ געקומענ מייַסימ.

## 3. היטלערישע אפּעלסינענ.

ווענ דער 18־טער ציִעניסטישער קאָנגרעס איז זיכ צוזאמענגעקומענ אינ פראָג, האָט שוינ דער ציִעניזמ געהאט געשלאָסנ צוויי אָפּמאכנ מיט דער היטלער־רעגירונג. איינ אָפּמאכ— וועגנ ראטעווענ א טייל פונ די געלטער פונ 650 יידנ אינ דייַטשלאנד, וועמעס פאר־

[1]) „קאָנגרעס־צייַטונג” נומ. 4, ז. 1.

מעגנ עס באטרעפט צו העכער טויזנט פונט סטערלינג. די היטלער־רעגירונג דערלויבט ניט די רײַכע ייִדנ ארויסציִענ זייער געלט פונ די בענק, אָבער לויט דעמ אָפּמאכ וועט די 650 דערלויבט ווערנ ארויספירנ פאר 3 מיליאָנ מארק דײַטשישע סכוירעס, וועלכע די ציִעניסטנ וועלנ פארקויפנ, אונ וועלנ דאָס געלט, וואָס זיי וועלנ רעאליזירנ פונ די סכוי־רעס, באנוצנ אפּ פלאנצנ פארדייסימ (אָראנזש־גערטנער) פאר דידאָזיקע רײַכע ייִדנ.

דער אנדער אָפּמאכ—וועגנ האנדל מיט דײַטשלאנד. די פאָרשטייער פונ די ציִעניסטישע אָראנזש־קאָלאָניעס אונ פונ די קאָאָפּעראטיוונ אינ פאלעסטינע האָבנ געשלאָסנ אנ אָפּמאכ מיטנ היטלערישנ „לאנד־האנדלבונד". לויט דעמ אָפּמאכ וועלנ די ציִעניסטנ דארפנ קויפנ דײַטשישע סכוירעס אפּ צוויי מאָל אזויפיל פונעמ ווערט פונ די אפּעלסינענ, וואָס דער „האנדלבונד" וועט אימפּאָרטירנ. די ציִעניסטנ וועלנ די דײַטשישע סכוירעס מוזנ פאר־שפּרייטנ ניט נאָר אינ פאלעסטינע, נאָר אויכ אינ אנדערע לענדער.

לויט דעמדאָזיקנ אָפּמאכ, א געשעפט פונ 10 מיליאָנ מארק א יאָר (ארומ צוויי מיליאָנ דאָלער), וועלנ סײַ די אפּעלסינענ אונ סײַ די דײַטשישע סכוירע מוזנ געפירט ווערנ נאָר אפּ דײַטשישע שיפנ.

די צוויי אָפּמאכנ, וועלכע זײַנענ געהאלטנ געוואָרנ געהיימ, האָבנ אָבער אָנגעהויבנ „ארויסרינענ" באלד נאָכ סאָקאָלאָווס דערעפענונג־רעדע, אינ וועלכער ער האָט זיכ געהיט אָנצורירנ דעמ היטלעריזמ. קעגנער פונ דער אדמיניסטראציע האָבנ ארײַנגעטראָגנ אָנפראגנ. דער פּרעזידיומ האָט געקעמפט מיט אלע קויכעס ניט צו דערלאָזנ, אז דער איניענ זאָל עפנטלעכ דעבאטירט ווערנ.

די ציִעניסטנ האָבנ זיכ געגייט א בײַטל אפּ ריזיקע סומענ. אויסגעלאָזנ האָט זיכ עס צו דרײַ מיליאָנ מארק (ארומ 600 טויזנט דאָלער).

אָט פאר דער סומע גיבנ די ציִעניסטנ היטלערנ קוידמקאָל אנ אומגעהויערע פינאנ־ציִעלע הילפ — ער וועט קענענ קאָנפיסקירנ די צענדליקער מיליאָנענ מארק, וואָס ליגנ דערווײַל „פארפרוירנ" אינ די דײַטשישע בענק. ווידער—דער אָפּמאכ גיט היטלערנ א גע־לעגנהײַט צו ברעכנ דעמ פראָנט פונ דעמ באָיקאָט אפּ דײַטשישע סכוירעס,—אונ מיר זעענ טאקע, ווי נאָכ דעמ אָפּמאכ האָט באלד נאָכגעפאָלגט דער אנדערער, וועגנ האנדל, אונ ביידע אָפּמאכנ גיבנ די נאציס א געלעגנהײַט נאָכמער צו פארשפּײַענ די ייִדישע מאסנ.

די שענדלעכע געשיכטע וועגנ די ציִעניסטישע אָפּמאכנ מיטנ היטלעריזמ האָבנ ארויס־גערופנ א גוואלדיקנ צאָרנ צווישנ די פארשיידנסטע ייִדישע שיכטנ. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז, וואָס די אָפּמאכנ דריגנענ ארויס פונ דעמ גאנצנ כאראקטער פונ דער ציִעניסטישער באוועגונג. דער „ייִשעוו" יאָגט זיכ קעסיידער נאָכ די „טויזנט־פונטיקע".

דער ציִעניזמ, וועלכער האָט אלעמאָל געמאכט א לעבנ פונ פּאָגראָמענ, האָט איצט צו פארדאנקענ היטלערנ פאר א נײַער כוואליע „פּראָספּעריטי". אינ דײַטשלאנד האָט דער ציִע־ניזמ אופגעלעבט. אונ בייס קיינ שומ באוועגונג, כוץ די נאצישע, טאָר ניט עקזיסטירנ לעגאל, וויקלט זיכ אלצ ברייטער פאנאנדער אינ דײַטשלאנד די ציִעניסטישע באוועגונג, גייט ארויס די ציִעניסטישע „ייִדישע רונדשוי" [1].

[1] די „ייִדישע רונדשוי" האָט אויסגעדריקט לאָיאליטעט דעמ היטלעריזמ מיט די ווערטער: „דער רעספּעקט וואָס מיר זײַנענ שולדיק א פירער פונ דעמ נײַעמ דײַטשלאנד לאָזט אונדז האָפנ, אז מיר וועלנ געפינענ פאר־ש ענדעניש"... ס'איז ניט ריכטיק, אז פונ דער ציִעניסטישער זײַט ווערנ געוואָרפנ פּראָקלאמאציעס קעגנ דאָס ערוואכטע דײַטשלאנד. דער ציִעניסטישער קאָנגרעס אלס אזעלכער האָט ניט קיינ שומ שײַכעס מיט דער איצט־

דער ציִעניזם, אלס נאציאָנאַל־שאָוויניסטישע, אָדער נאציאָנאַל־סאָציאַליסטישע באוועגונג האָט געפּריידיקט קלאסנ־שאָלעם, האָט געזונגענ וועגנ „איינהייטלעכע אינטערעסנ פונעם גאנצנ פאָלק", נאָכ איידער דער היטלעריזמ איז געקומענ. ציִעניסטנ לויבנ אָפנ דעמ פאשיזמ. אונ אויב זיי קלאָגנ, קלאָגנ זיי נאָר אפ „טאָעסו", וואָס היטלער מאכט בענעגייע דער ייִדישער פראגע, אונ אויכ דאָ מיט פאלשקייט אינ הארצנ. סיי ווי, וואָס פאר א ווערט האָבנ דענ ייִדנ אינ די „גאָלעס"־לענדער?

אָט ווי אָפנהערציק עס האָט גערעדט דער „האָארעצ" פונ טייל־אָוויוו פונ 9־טנ אווגוסט:

„נאָכ דער נאציאָנאלער רעוואָליוציע אינ דייטשלאנד האָט זיכ אויכ אינ פאלעסטינע אָנגעהויבנ די באָיקאָט־אגיטאציע קעגנ דייטשלאנד. אָבער גראָד דאָ אינ לאנד איז דער באָיקאָט זייער שוואכ. צוויי סיבעס זיינענ פאראנ. א פּאָליטישע אונ אנ עקאָנאָמישע: צוערשט אינ דער ציִעניסטישער אָרגאניזאציע, וואָס אויב זי קעמפט קעגנ דער אנטיסעמיטישער איינשטעלונג פונ דייטשלאנד, איז זי אָבער אינ הארצנ צופרידנ פונ דעמ, וואָס אָט דער אנטיסעמיטיזמ האָט איר אריינגעבראכט א הויכ־קוואליפיצירטנ מענטשנ־מאטעריאל. די צווייטע סיבע איז, וואָס די פלאנטאטערס, אלס די הויפט־קויפער פונ דייטשישע סכוירעס, האָבנ מוירע צושטיינ צומ באָיקאָט, טאָמער וועט עס שאטנ זייער אָפזאצ אינ דייטשלאנד" (אומעטומ אונטערגעשטראָכנ פונ מיר — פ. נ.).

צוגעבנ צו אזעלכע אָפנהערציקע רייד איז לאכלוטנ ניטאָ וואָס.

## 4. די ייִדישע נאציאָנאַל־סאָציאַליסטנ

אינ די אָפּמאכנ מיטנ היטלעריזמ זעט זיכ שארפ די ראָלע פונ די ייִדישע נאציאָנאַל־סאָציאַליסטנ — די פירער פונ דער „היסטאדרעס" אינ פאלעסטינע אונ די פּועלי־ציִענ.

דער ציִעניסטישער „הײַנט", ווי מיר האָבנ געזענ, האָט באשטעטיקט, אז דעמ ערשטנ אָפּמאכ וועגנ ארויספירנ פאר 3 מיליאָנ מארק סכוירע פאר די געלטער פונ די רייכע דייטשישע ייִדנ, האָט אָנגעהויבנ אונטערהאנדלענ אינ בערלינ דער ד"ר ארלאזאראָוו (פארענדיקט דעמ אָפּמאכ האָט דער ציִעניסט האָפיענ פינ דער אנגלאָ־פאלעסטיינ־באנק). אויכ בא דעמ צווייטנ אָפּמאכ וועגנ אויסטויש פונ פאלעסטינער אפעלסינענ אפ דייטשישע סכוירעס, האָבנ די „סאָציאַליסטישע" ציִעניסטנ געשפּילט אנ אקטיווע ראָלע. בא די אונטער־האנדלונגענ אינ בערלינ איז דער פּועלי־ציִעניסטישער פירער בענ־צווי אָנוועזנד געווענ אלס פאָרשטייער פונ די פאלעסטינער קאָאָפּעראטיווג. אונ די ראָלע פונ באשיצער פונ די אָפּמאכנ אפנ ציִעניסטישנ קאָנגרעס האָבנ, ווי מיר האָבנ געזענ, אויסגעפירט צוויי אנדערע פאָרשטייער פונ „סאָציאַליסטישנ" ציִעניזמ — לאָקער אונ מערעמינסקי.[2]

---

קער לאנגע אינ דייטשלאנד... (ציטירט פונ ווארשעווער „איבערבלי" אווגוסט־נומער, אונטערגעשטראָכנ פונ מיר — פ. נ.).

די העברייִשע פּרעסע אינ פאלעסטינע האָט נאָכ פאר אָנקומענ פונ היטלערנ צו דער מאכט געשריבנ, אז ייִדישע עלעמענטנ אינ דייטשלאנד זיינענ מיט אימ. זיי האָבנ עס איבערגעכאַזערט, ווענ די היטלער־פּאָגראָמענ האָבנ שוינ געבושעוועט. דעמ 8־טנ מארט („האָארעצ" אינ טייל־אָוויוו, אונ „ראורהאיומ" אינ יערושאלאיִמ). אונ דער „האָארעצ" האָט רעטועלבירקנ טאָג בארויערט, וואָס אינ רוסלאנד זיינענ די ציִעניסטנ אינ 1917 י. געווענ פאר קערענסקענ אינ יזעגנ קאָרנילאָוונ, בייס שטיצנ האָט מענ געראָפּט דעמ לעצטנ. אז קאָרנילאָווס א זיג וואָלט געבראכט פּאָגראָמענ אפ ייִדנ, איז דאָכ קלאָר.

[2]) אינ „הײַנט" פינ 29 טנ סעפּטיאבער ווערט נאָכאמאָל באשטעטיקט, אז ארלאזאראָוו האָט געפירט די אונ־טערהאנדלונגענ, אונ עס ווערט ארויסגעזאָגט, אז דער עקזעקוטיוו־מיטגליד לאָקער, וועלכער האָט אפנ קאָנגרעס

ווי די דײַטשישע בורזשואזיע ניט לאנג צוריק, אזוי האָט די ייִדישע בורזשואזע באַוועגונג, דער ציִעניזם, ארויסגערוקט די סאָציִאַל־פאשיסטן אינ פאָדערגרונט. די „לינקע" זײַנען איצט די הערשער אינ דער ציִעניסטישער באוועגונג. זיי האָבנ אפנ קאָנגרעס אינ פראָג געהאט 132 דעלעגאטנ (פונ 316) אונ האָבנ דעמ קאָנגרעס פולשטענדיק קאָנטראָלירט. זיי האָבנ עס אפלאָדירט סאָקאָלאָווס רעדע, אינ וועלכער ער האָט געזונגענ א לויב מוסאָלינינ אונ פילסודסקינ. זיי האָבנ אפלאָדירט סאָקאָלאָוונ, ווענ ער איז אָנגעפאלנ אפנ סאָוועטנפארבאנד צוליב די „פארפאָלגונגענ אפ דער ייִדישער רעליגיע"—„וועלכע איז דאָס העכסטע בא ייִדנ". אונ זיי האָבנ סאָקאָלאָוונ אויסגעקליבנ ווידעראמאָל אלס פרעזידענט.

איינער פונ די פײַנלעכסטע מאָמענטנ פונ די „לינקע" אפנ ציִעניסטישנ קאָנגרעס איז געווענ דער מאָמענט, ווענ דער זשאבאָטינסקי־רעוויזיאָניסט, ד״ר האָפמאנ, האָט זיכ געווענדעט צו זיי מיט די ווערטער:

„וואָס באטײַט דער אויסדרוק נאציִאָנאל אונ סאָציִאל? ווי פארייניקט מענ די ביידע באגריפנ? פאראייניקט האָט מענ זיי אינ יענעמ לאנד, ווו אלפרעד ראָזנבערג האָט פארלאנגט מע זאָל אונדז אויסשליסנ פונ קאָנגרעס. נאציִאָנאל־סאָציִאליזמ איז ניט קיינ נײַע זאכ, אָבער ייִדישער נאציִאָנאל־סאָציִאליזמ—דאָס איז נײַ (אומרויִק לינקס). אונ היטלערישע געדאנקענ (ווײַזט אָנ מיטנ פינגער אפ לינקס) דארפ מענ זוכנ דאָ (שטארק אומרויִק אפ לינקס. צווישנרופ פונ דעמ דעלעגאט טאָבענקינ: דער אינטערנאציִאָנאלער פאשיזמ קאָנ דאָ קיינ דייע ניט זאָגנ. רעספעקט פארנ ציִעניזמ, רעספעקט פארנ סאָציִאליזמ, רעספעקט פארנ ייִדישנ ארבעטער! דער רעדנער, ד״ר האָפמאנ, זעצט פאָר): וויאזוי אײַער באציִונג צו היטלערנ איז, אונ וויאזוי אײַערע מײַסימ זײַנענ, האָט מענ טאקע דאָ געזענ (שטארקער בײַפאל בא די רעוויזיאָניסטנ, אומרויִק לינקס")[2].

מיר וועלנ שפעטער, ריידנדיק וועגנ ארלאזאראָוו־מאָרד, זיכ אומקערנ צומ רעוויזיאָניזמ, וועלכער שטעלט פאָר מיט זיכ דעמ אָפענעמ פאשיזמ אינ דער ציִעניסטישער באוועגונג. אָבער עס איז גאָר קיינ ווונדער ניט, וואָס די „לינקע" האָבנ זיכ געפילט אזוי געטראָפנ פונ ד״ר האָפמאנס ווערטער. דאָ, ווי בעשאס ער האָט גערעדט וועגנ דעמ קאָנגרעס, „וועלכער געפינט זיכ נאָכ 10 טעג אינ א צושטאנד פונ פאריכטנדיקנ פעסימיזמ", האָט דער רעוויזיאָניסטישער רעדנער אָנגעשלאָגנ אנ עכטנ טאָנ. די „סאָציִאליסטישע" ציִעניסטנ זײַנענ נאציִאָנאל־סאָציִאליסטנ. עס איז אָבער ניט ריכטיק, או דערדאָזיקער נאציִאָנאל־סאָציִאליזמ איז נײַ. פארקערט, סײַ איז זײַנ טערמינאָלאָגיע, אונ סײַ אינ זײַנ זאָלאָגישנ עצעמ—ווי אויסגעדריקט אינ דעמ בלוטיק־שאָוויניסטישנ קאמפ קעגנ אראבישער ארבעט אינ פאלעסטינע—האָט דערדאָזיקער ייִדישער נאציִאָנאל־סאָציִאליזמ שוינ עקזיסטירט לאנג, איידער די וועלט האָט פונ היטלערנ געהערט.

---

דערקלערט, אז די עקזעקוטיווע האָט גארניט צו טאָנ מיטנ אָפמאכ, האָט אליינ געשיקט א באגריסונג-בריוו צומ הער האָפיענ פאר שליסנ דעמ אָפמאכ צו טראנספערירנ א טייל פונ די פארמעגנס פונ די רײַכע דײַטשישע ייִדנ קיינ פאלעסטינע אינ דער פאָרמ פונ דײַטשישע סכוירעס. האָפיענ, זאָגט דער „הײַנט", „האָט בעטעמעס געהאנדלט אלס פארטרויענסמאנ פונ יענע טיילנ פונ יישעוו, וועלכע האָבנ ראפקע געוואָלט צולייגנ א נאציִאָנאלנ שטעמפל צו דעמ נאָבעלנ אייסעק".

[2]) „קאָנגרעס־צײַטונג", נומ. 8, ז. 9.

8. „שטע־נ" נומ. 10־11.

אַ דערוועלביקער זיצונג, ווען דער רעוויזיאָניסט האָפמאַן האָט געהאַלטן זײַן רעדע (29־טן אויגוסט), האָט דער פירער פון די „לינקע", רעמעז (ריידנדיק דאָס מאָל אַף ייִדיש, קעדיי אַלע זאָלן אים פאַרשטיין), אונטערן בײַפאַל פון זײַן פראַקציע, אויסגערופן:

„ווער האַלט אויף אין ערעץ־ייִסראָעל די נאַציאָנאַלע אידעאַלן—די לינקע אָדער די רעכטע? ערעץ־ייִסראָעל ווערט דורך די לינקע געבויט און ניט דורך די רעכטע! אין ערעץ־ייִסראָעל עקזיסטירט אַ פאַרייניקונג פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג—די קנעסעס־ייִסראָעל. אוסישקין האָט געלייגט דעם פונדאַמענט און יאָרנלאַנג האָט ער געקעמפט פאַר איר אָנערקענונג. ענדלעך איז זי אָנערקענט געוואָרן, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מעגלעכקייַט זי אויסצונוצן. מיר האָבן געקעמפט פאַר דער מאַכט, ווערדע און ערע פון דער קנעסעס־ייִסראָעל, און די אַרבעטערשאַפט, די סאָציאַליסטישע, רעוואָליוציאָנערע היסטאַדרעס, טראָגט אַף אירע אַקסלען דאָס קליינע שטיקעלע נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, וואָס מיר פאַרמאָגן אין ערעץ־ייִסראָעל. און איצט ווילן די אַלגעמיינע ציִעניסטן, מיזראָכיסטן און רעוויזיאָניסטן אונטערגראָבן דעם פּרעסטיזש און דעם אויטאָריטעט פון דער קנעסעס".

אזוי ריידן וועגן נאַציאָנאַל־סאָציאַליזם און זײַן „פאָלק־מיסיע", וועגן זײַן פאַרקערפּערן אין זיך דעם גאַנצן פאָלק־וועזן—די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, היטלער, געבלס און אַלע נאַציס. ניט נאָר קעמפן די „סאָציאַליסטישע" ציִעניסטן פאַר די „נאַציאָנאַלע אידעאַלן" פון דער „קנעסעס־ייִסראָעל", וואָס אוסישקין „אַליין" האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר איר, נאָר זיי שטעלן פאָר מיט זיך די פאַרקערפערונג פון דערדאָזיקער קנעסעס!

אזוי האָט אויך דער הויפּט־פירער פון די היסטאַדרעניקעס, בען־גוריען, דערקלערט אַף אַ קאָנפערענץ מיט פּרעסע־פאָרשטייער אין פּראָג. ער האָט געלאַכט פון די, וואָס האָבן נאָך אַלץ מוירע פאַרן באַגריף „קלאַל־ייִסראָעל" און האָט אויסגערופן: „מיר זײַנען די פּאַרטיי פון קלאַל־ייִסראָעל".

די מיזראָכיסטן זײַנען אוואַדע ניט גערעכט מיט זייערע אָנפאַלן אַף די „לינקע". איז וואָס, אויב זיי קאָנען ניט אינגאַנצן קאָנטראָלירן די יוגנט, וועלכע וויל פאָרט ניט גיין דאַווענען? האָט דען די היסטאַדרעס, וועלכע איז די הערשנדיקע פראַקציע פון ציִעניזם אין פּאַלעסטינע, ניט געטאָן אַלץ צו העלפן פאָרמירן דעם ייִשעוו אזוי, אז ער שטעלט פאָר מיט זיך איינעם פון די רעאַקציאָנערסטע און קלעריקאַלסטע ייִשווים אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער? ווו נאָך האָט די יאַרמלקע אַזאַ מאַכט? און אַפן ציִעניסטישן קאָנגרעס גופע—האָבן דען די לינקע ניט אַפּלאָדירט סאָקאָלאָוון, האָבן זיי אים דען ניט נאָכאַמאָל אויסגעקליבן פאַר אַ פּרעזידענט?

געוויס, די היסטאַדרעניקעס געפינען זיך ניט אין זייער אַ לײַכטער לאַגע, ווי אַלע סאָציאַל־פאַשיסטן, אומעטום. צווישן די אַרבעטער מוזן זיי באַנוצן סאָציאַליסטישע פּראַזן און קאָנען ניט גיין אזוי ווײַט, ווי די אַלגעמיינע ציִעניסטן און מיזראָכיסטן וואָלטן עס געוואָלט. אָט דאָס איז באַם קאָנגרעס, אין דעם ביטערן און פאַרניכטנדיקן פראַקציע־קאַמף, קעגן זיי אויסגענוצט געוואָרן.

דאָס איז ניט געווען די איינציקע דעליקאַטע סיטואַציע, אין וועלכער דער ציִעניסטישער סאָציאַל־פאַשיזם האָט זיך, צוליב די ווידערשפּרוכן צווישן זײַנע פּראַזן און מײַסים, געפונען. בעשאַס דער ציִעניסטישער קאָנגרעס איז פאָרגעקומען, איז אויך פאָרגעקומען די אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע קאָנפערענץ אין פּאַריז. די היסטאַדרעניקעס, וועלכע

האָבן אין פּראָג, דורך זייער פּרעזידענט סאָקאָלאָוו, געלויבט מוסאָלינין און „דאָס ריטער־לעכע פּוילן״, האָבן אויך געהאט זייער פאָרשטייער אין פּאריזש, יארבלום, וועלכער האָט געפּאטשט בראוואָ אף די רייד קעגן מוסאָלינין און פּילסודסקין. יארבלום האָט אויך געשטימט פארן באָיקאָט קעגן דײַטשלאנד. ווען מע האָט אים, טאקע אף דער קאָנפערענץ געפרעגט, וויאזוי עס פּאָרט זיך זײַן האנדלונג מיט דער האנדלונג פון זײַן פּארטיי אפן ציִוניסטישן קאָנגרעס, וועלכע האָט אונטערדריקט די רעוויזיאָניסטישע רעזאָלוציע פאר באָיקאָט, איז... טאקע יארבלומס לאגע געווען א דעליקאטע [1].

אָבער אזוי איז שוין אלעמאָל ווײַט דער מעהאלעך צווישן פּראזן און מײַסים בא די סאָציאַל־פאשיסטן. לויט זייערע מײַסים—און אזוי דארף מען זיי אורטיילן—זײַנען זיי לײַבלעכע ברידער פון דעם היטלעריזם, פון נאציאָנאל־סאָציאליזם, און זיי האָבן עס ווידעראמאָל קלאָר באוויזן — דורך ארלאזאראָווס און בען־צוויס אונטערהאנדלונגען אין בערלין פארן קאָנגרעס, דורך די ארויסטרעטונגען פון לאָקער, מערעמינסקי, בען־גוריען, רעמעז און אנדערע, אפן קאָנגרעס גופע, און דורך די האנדלונגען פון זייער גאנצער פראקציע, וועלכע איז געווען די פירערן פון קאָנגרעס און וועלכע שטייט איצט אין דער פירערשאפט פון דער ציִוניסטישער באוועגונג—א באוועגונג א רעאקציאָנערע, א קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע, אן אנטיסאָוועטישע און א הויך־שאָוויניסטישע.

(סאָף קומט)

[1] „מאָרגן־זשורנאל״, סעפּטיאבער, נום. 17.

א. וואָלאָברינסקי

# דער נײַער ווײַסרוסישער אויסלייג

דעמ 30־טנ אווגוסט איז געווענ פובליקירט די באשטימונג פונ ראטספאָלקאָמ וו.ס.ס.ר וועגנ ענדערנ אונ מאכנ איינפאכער דעמ ווײַסרוסישנ אויסלייג. דידאָזיקע באשטימונג פונ ראטספאָלקאָמ וו.ס.ס.ר. האָט אנ אויסערגעוויינלעכע פאָליטישע אונ וויסנשאפטלעכע באדײַטונג, זי דארפ דינענ פאר א מוסטער פונ דורכפירנ די לענינישע נאציאָנאלע פאָליטיק אפנ קולטורעלנ פראָנט אינ קאמפ קעגנ דעמ גרויסהערשערישנ שאָוויניזמ, ווי די הויפט־געפאר אפנ געגעבענעמ עטאפ אונ קעגנ דעמ נאציאָנאל־דעמאָקראטיזמ, אָרטיקנ שאָוויניזמ. דידאָזיקע באשטימונג, וועלכע רעדט איינגטלעכ נאָר וועגנ דעמ ווײַסרוסישנ אויסלייג, האָט אָבער א גוואלדיקע באדײַטונג פאר פארשיידענע געביטנ פונ דער נאציאָנאלער קולטור (ניט נאָר די ווײַסרוסישע) וועגנ דעמ, וויאזוי עס ווערט דורכגעפירט דער קלאסנקאמפ, וויאזוי ווערט ער אנטפלעקט אפנ קולטורעלנ געביט.

צי איז שײַעכ אויסלייג, אזא טרוקענע טעכנישע זאכ צומ קלאסנקאמפ? יאָ. די גאנצע וויסנשאפט, די גאנצע טעאָריע איז פארטייִש, די טעאָריע אינ דער קלאסנ־געזעלשאפט איז דורכויס א קלאסנ־טעאָריע. עס איז ניטאָ דער געביט פונ דער וויסנשאפט, וועלכער זאָל ניט זײַנ דורכגעדרונגענ מיט די קלאסנ־פרינציפנ פונ דעמ אָדער יענעמ קלאס. לאָמיר געדענקענ, אז דער קלאסנקאמפ ווערט אנטפלעקט אינ דרײַ פאָרמענ: פאָליטישער, עקאָנאָמישער אונ טעאָרעטישער. אונ יעטווידער געביט פונ טעאָריע אינ דער קלאסנ־געזעלשאפט שטעלט מיט זיכ פאָר א פעלד, אפ וועלכנ עס קומט פאָר א פראקשנטער קאמפ צווישנ די קלאסנ. יעטווידער טעאָרעטישער שטרײַט אינ דער קלאסנ־געזעלשאפט איז אזוי אָדער אנדערש, אנ אָפשפיגלונג פונ דעמ הויפט־שטרײַט צווישנ קלאסנ פונ דעמ קלאסנקאמפ.

די באשטימונג פונ ראטספאָלקאָמ וו.ס.ס.ר. דעקט אופ דעמ קלאסנקאמפ אינ דער פראגע פונ אויסלייג. אינ דערדאָזיקער באשטימונג ווערט געזאָגט: „דער ווײַסרוסישער נאציאָנאל־דעמאָקראטיזמ, ארויסגייענדיק פונ זײַנע בורזשואזע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע צילנ, האָט דורכגעפירט א שעדיקערישע ארבעט סײַ אפנ וויסנשאפטלעכנ, סײַ אפנ קולטורעלנ פראָנט, דערונטער אויכ אינ געביט פונ שפראכ־טערמינאָלאָגיע אונ אויסלייג. דער נאציאָנאל־דעמאָקראטיזמ האָט געשטרעבט מיט אלע מעגלעכקײַטנ אונ מיטלענ אָפצורײַסנ די ווײַסרוסישע ליטעראַרישע שפראכ פונ דער שפראכ פונ די ברייטע ווײַסרוסישע ארבעטנדיקע מאסנ, ער האָט געשאפנ א קינסטלעכנ באריער צווישנ דער ווײַסרוסישער אונ רוסישע שפראכנ, מע האָט פארמיסטיקט די ווײַסרוסישע שפראכ מיט פארשיידענע ארכאיזמענ פונ מיטלאלטער אונ מיט בורזשואזע וווּלגאריזמענ. דער עקזיסטירנדיקער ווײַסרוסישער אויסלייג איז באַדײַטנדיק פארמיסטיקט מיט די אויבנאָנגעוויזענע נאציאָנאל־דעמאָקראטישע ווירקונגענ אונ דעריבער דארפ ער געענדערט ווערנ“.

דער קאמפ פונ דער פארטיי פאר דער לעניניזשער נאצפאָליטיק קעגנ דעמ גרויסרוסישנ שאָוויניזמ אונ קעגנ דעמ אָרטיקנ נאציאָנאליזמ, האָט בוילעט אופגעדעקט וויאזוי דער קלאסנ־סוינע גרייפט אָנ אינ פארשיירענע געביטנ פונ דער ויסנשאפט, דורכ־פירנדיק דאָרטנ זיינע קלאסנ־פיינטלעכע איינשטעלונגענ. מיר האָבנ עס געזענ ניט נאָר אפנ געביט פונ די אזוי־גערופענע הומאניטארע ויסנשאפטנ, מיר האָבנ עס אויכ געזענ אפנ געביט פונ די אזוי־גערופענע „פינקטלעכע ויסנשאפטנ", אונ ווער עס צווייפלט אינ דעמ, צי איז די ויסנשאפט „פארטייאיש"—יענער וואָלט אפ דער פראגע געקענט באקומענ א דייטלעכנ ענטפער, ווענ ער שטודירט דורכ דעמדאָזיקנ קאמפ פונ דער קפ(ב)וו פאר דער לענינישער נאציאָנאלער פאָליטיק.

אינ וועלכע געביטנ פונ דער ויסנשאפט האָט דער קלאסנ־סוינע אונטערנ צייכנ פונ שאָוויניזמ ניט געפרווט ארייננדרינגענ? מיר זעענ עס אינ געשיכטע, לינגוויסטיק, עקאָנאָמיק אונ אפילע אזעלכע ויסנשאפטנ ווי... ביאָלאָגיע אונ מעדיצינ. אָט האָבנ געפרווט די צעשעטע שאָוויניסטנ פונ אלע מינימ „ביאָלאָגיש באגרינדנ" די אויסדערוויילטקייט פונ זייער נאציע. מיר וייסנ אויכ פונ אזעלכע נאצדעמישע פרווונ, ווו מע האָט געזאָלט לויט דער מעדיצינישער ויסנשאפט „באגרינדנ" די באוווסטע פרישטשעפּאָוושטשינע. וועלנ זיינ כוטאָרנ, וועט איינ ווירטשאפט זיינ איזאָלירט אונ דערווייטערט פונ דער צווייטער—דאנ וועט קיינ אינפעקציע (קלעפיקע קראנקהייט) ניט קענענ איבערגעגעבנ ווערנ פונ איינעמ צומ צווייטנ. דער בעסטער מיטל פונ געזונט מאכנ די באפעלקערונג איז בעמיילע פלאנצנ די כוטאָר־סיסטעמ—אזוי האָבנ געפרווט די נאצדעמענ פונ דער מעדיצינ באגרינדנ די פרישטשע־פּאָוושטשינע.

די געשיכטע פונ דעמ קאמפ פונ דער פארטיי פאר דער לענינישער נאצפאָליטיק אפנ געביט פונ דער שפראכ־ויסנשאפט האָט בוילעט באוויזנ די פארטייאישקייט פונ דער שפראכ־ויסנשאפט. דערדאָזיקער קאמפ האָט דעמאסקירט אונ אופגעדעקט די נאצדעמישע גענג אינ דער שפראכ־ויסנשאפט. עס איז, צ. ב., יערנ באוווסט, וויאזוי די ווייסרוסישע נאצדעמענ האָבנ איבערזעצט דאָס וואָרט פראָלעטאריאט אינ „אובאָסטוואָ", וועלנדיק דערמיט אונטערשטרייכנ, אז די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט—דאָס איז א דיקטאטור פונ צעהוי־קערטע, צעקאליעטשעטע. עס איז אויכ באוווסט, וויאזוי דיזעלביקע ווייסרוסישע נאצדעמענ האָבנ דאָס וואָרט „בעדניאק" איבערזעצט אינ ווייסרוסיש „זלידענ", וועלנדיק דערמיט ארויסגעבנ דעמ אָרעמענ פויער פארנ טרעגער פונ אלראָסבייז, פונ ליידיקגייערייַ, בעטלערייַ אונ ד. גל.

אָבער—קענ פרעגנ דער לייענער—אויב עס איז פארשטענדלעכ, וויאזוי עס קענענ דורכגעפירט ווערנ פארשיידענע קלאסנ־פיינטלעכע פאלסיפיקאציעס אינ דער שפראכ אפנ געביט פונ וואָרט־מאטעריאל (לעקסיק), וואָס פארא שייכעס קענ עס האָבנ צו אזא „ריינ־טעכנישער" דערשיינונג, ווי אויסלייג? דוכט זיכ, אז דאָ איז קיינ פּאָליטיק ניט שייעכ. מיט א צייכנ מער אָדער מיט א צייכנ ווייניקער, וואָס פאר א שייכעס האָט עס צומ קלאסנקאמפ?

מיר ווילנ מיט דעמדאָזיקנ ארטיקל געבנ אינ קורצע שטריכנ אנ ענטפער אפ דער געשטעלטער פראגע. ניט זייענדיק קיינ פאכמאנ אינ פראגנ פונ לינגוויסטיק, וועלנ מיר דאָ זיינ, צומ באדויערנ, געצווונגענ באגרענעצנ זיכ בלויז מיט אלגעמיינע שטריכנ, וועלכע דארפנ כאראקטעריזירנ אינ וואָס דריקט זיכ אויס די קלאסנ־פּאָליטיק אפנ געביט פונ אויסלייג.

אָבער פריער פאר אלצ, דארפנ מיר קלאָר מאכנ די גרונט־ליניע, לויט וועלכער עס גייט דער אָרטיקער נאציאָנאליזמ (דער ווייסרוסישער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער נאצדעמאָקראַ־

טיזמ, ווי אויכ דער ייִדישער שאָוויניזמ) אפנ געביט פונ קולטור. דער טאָכ פונ דעמ נאציִאָנאל־דעמאָקראטיזמ איז א פאָליטישער—ארָאפּוואַרפנ די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, רעסטאווירנ די קאפּיטאליסטישע געזעלשאפט, איַינשטעלנדיק די דיקטאטור פונ דער בורזשואזיע, צוגרייטנ א באָדנ פאר דער אינטערווענצ. אָבער דערדאָזיקער טאָכ ווערט דאָכ אפ א געוויסנ אויפנ מאָדעפיצירט, ער ווערט אנטפלעקט אפנ קולטור־פראָנט, אינ באזונדערע ספּעציפישע פאָרמענ, ער ווערט דורכגעפירט מיט באזונדערע ספּעציפישע מיטלענ. דארפנ מיר, פריִער פאר אלצ, קלאָר מאכנ, וויאזוי ווערט דער רעסטאווראטאריש־אינטערווענציאָניסטישער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער אינהאלט פונ דעמ נאצדעמאָקראטיזמ אייגנארטיק איבערגעדיכטעט, אנטפלעקט אינ פארשיידענע געביטנ פונ קולטור־פראָנט.

איינער פונ די גרונט־שטריכנ פונ דעמ אָרטיקנ נאציִאָנאליזמ, דאָס איז, ווי דער כ׳ סטאלינ האָט עס פאָרמולירט אפנ 16־טנ פארטיי־צוזאמענפאָר,—„איַינגראָבנ זיכ אינ דעמ נאציִאָנאלנ שאָלעכצ״—דאָס איז די טעאָריע פונ אייגנארטיקײַט (סאמאָביטנאָסט). דידאָזיקע „סאמאָביטנאָסט״־טעאָריע איז דורכגעפירט געוואָרנ אונ ווערט דורכגעפירט דורכ די נאצדעמענ אפ פארשיידענע געביטנ פונ דער קולטור־בויונג. אפנ געביט פונ טעאטער איז נאָכ צו געדענקענ די באוווּסטע טעאטראלע דיסקוסיע, ווּ די נאצדעמענ האָבנ ארויסגעשטעלט דעמ לאָזונג, אז אינ א נאציִאָנאלנ טעאטער טאָרנ ניט געשטעלט ווערנ קיינ איבערגעזעצטע פּיעסע פונ רוסיש. עס איז אפ אזא אויפנ אונטערגעשטראָכנ געוואָרנ די שטרעבונג פונ דעמ בורזשואזנ נאציִאָנאליסט צו שאפנ א באריער צווישנ די ארבעטנדיקע פונ איינ נאציע מיט די ארבעטנדיקע פונ א צווייטער נאציע. דיזעלביקע „סאמאָביטנאָסט״ האָבנ מיר געזענ פאראיאָרנ אינ די נאצדעמישע ארויסטרעטונגענ אפנ ליטעראַרישנ פראָנט („מאטשינ סינ״ א. ד. גל.). דער ייִדישער שאָוויניסט האָט דידאָזיקע „סאמאָביטנאָסט״־טעאָריע דורכגעפירט דורכ ארויסגעבנ די בעסמעדרעש־קולטור, די קולטור פונ קלער פאר פאָלק־קולטור, ארופציִענדיק אפ אזא אויפנ א „דעמאָקראטישנ״ מאנטל אפ דער קולטור פונ די אונטערדריקערישע, עקספּלואטאטערישע קלאסנ, פארשפרייטנ אונ פלאנצנ כסידישע ניגונימ, העברייִזירנ ביז גאָר די ייִדישע שפראכ, בארעכטיקנ דעמ קלעריקאליזמ דורכ פרווּונ ארופּציִענ אפ דער קלעריקאלער קולטור א „עסטעטישנ צודעק״—דאָס אלצ האָבנ מיר געזענ בא דעמ ייִדישנ שאָוויניזמ אפנ קולטור־פראָנט.

אינ וואָס האָט זיכ ארויסגעדריקט אָט דידאָזיקע „סאמאָביטנאָסט״ אינ דער שפראַכוויסנשאפט? אינ ארויסטרײַבנ אפ א קינסטלעכנ אויפנ פונ דער ווײַסרוסישער קולטור, פונ דער ווײַסרוסישער שפראכ אלצ דאָס, וואָס איז אזוי אָדער אנדערש ענלעכ אפ דער רוסישער שפראכ. ווענ צ. ב. עס איז דורכ די נאצדעמענ ארויסגעטריבנ געוואָרנ פונ דער ווײַסרוסישער שפראכ דאָס וואָרט „קאָלהאָס״ אונ איז פארביטנ געוואָרנ מיט דעמ „עכט־ווײַסרוסישנ״ טערמינ „סיאבריניא״. ווענ דער פאָלק־קאָמיסאריאט פאר ערד־ארבעט איז אינ ווײַסרוסיש באצייכנט געוואָרנ ניט ווי קאָמיסאריאט־„זעמלעראָבסטווא״, נאָר „ראלניצטווא״. אלצ, וואָס איז אזוי אָדער אנדערש, ענלעכ אפ רוסיש, דארפ פארניכטעט אונ ויסגעראָטנ ווערנ. רוסיש—דאָס איז דער טרעגער פונ אלדאָס בייז, די אומריינע קראפט. דערמיט האָבנ די נאצדעמענ געפרווּוט זייענ אונ פלאנצנ סינע צווישנ די ווײַסרוסישע ארבעטנדיקע אונ ארבעטנדיקע רוסישע. דער נאצדעמיזמ האָט מיט אלע מעגלעכקײַטנ באקעמפט די ווערטער פונ לענינענ, אז אינ יעטווידער נאציע איז דאָ צוויי נאציעס, אינ יעטווידער קולטור—צוויי קולטורנ. דאָס וואָס דער צאריזמ, וואָס די רוסישע פריצימ אונ פאבריקאנטנ האָבנ אונטערדריקט דאָס אמאָליקע ווײַסרוסלאנד, האָט דער נאצדעמאָקראטיזמ געפרווּוט אויסנוצנ

אינ דעמ זינ צו זייענ סינע צו דעמ רוס „ביקלאל" (דאָס הייסט, צו דעמ רוסישנ פראָלעטאריער אונ ארבעטנדיקנ פויער). א רוס, מאָסקאל, דאָס איז געווענ א סטראשידלע, מיט וועלכע די נאצדעמענ האָבנ געפרווט פארשרעקנ די ווײַסרוסישע מאסנ אונ אפ אזא אופנ צוגרייטנ א באָדנ פאר אָפרײַסנ ווײַסרוסלאנד פונ סאָוועטישנ פארבאנד, פאר א אינטערווענצ.

דאָסזעלביקע האָט געפונענ זײַנ אויסדריק אויכ אינ דעמ אויסלייג. נעמלעכ, אינ „שאפנ א קינסטלעכנ באריער צווישנ דער ווײַסרוסישער אונ רוסישער שפראכ". אזוי איז, צ. ב. אײַנגעפירט געוואָ״נ קימאט אומעטומ שרײַבנ דעמ „יא" אָנשטאָט דעמ „יע" אויסשליסלעכ מיט דעמ צוועק, קעדיי עס זאָל מיט קיינ זאכ ניט זײַנ ענלעכ אפ רוסיש. דעריבער רעדט די באשטימונג פונ ראטספאָלקאָמ וו.ס.ס.ר. וועגנ דעמ, אז דער „יא" דארפ געשריבנ ווערנ אָנשטאָט דעמ „יע" בלויז אינ ערשטנ טראפ פארנ אקצענט, ווײַל די אלע איבעריקע פאלנ, ווו דער „יא" איז אײַנגעפירט געוואָרנ קינסטלעכ, האָבנ געהאט פאר זיכ בלויז איינ צוועק: ניט איבערגעבנ אינ קלאנג אזוי ווי עס ריידנ די ווײַסדוסישע מאסנ, נאָר זאָל זײַנ קעגנ די ווײַסרוסישע מאסנ, אבי ניט ווי אינ רוסיש. דיזעלביקע טענדענצ זעענ מיר אינ א גאנצער ריי אנדערע מאָמענטנ וועגנ וועלכע עס רעדט די באשטימונג פונ ראטספאָלקאָמ.

דיזעלביקע שטעלונג פונ דורכדרינגענ די נאציאָנאלע קולטור לויט דער פאָרמ מיט אנ אינהאלט א אינטערנאציאָנאליסטישנ שטעלט פאר זיכ די באשטימונג וועגנ אויסלייג, ווענ עס ווערט געזאָגט, אז אָנשטאָט „וואָרשא", אָדער „וולא" דארפ געשריבנ ווערנ „אָרשא", „אולא", ווײַל קיינער פונ די ווײַסרוסישע מאסנ זאָגט ניט „וואָרשא", דערדאָזיקער אויסלייג איז, ווידעראמאָל, געווענ אײַנגעפירט דורכ די נאצדעמענ אויסשליסלעכ מיטנ צוועק צושאפנ קינסטלעכע באריערנ.

די באשטימונג פונ ראטספאָלקאָמ פירט דורכ א קאמפ אפ צוויי פראָנטנ. די באשטימונג פונ ראטספאָלקאָמ וואָרנט קעגנ פארקריפלונגענ אינ זינ פונ גרויסהערשערישנ שאָוויניזמ. אזוי צ. ב. לייענענ מיר: „נעמענ פונ אנדערע שפראכנ אונ געאָגראפישע נעמענ שרײַבנ, פארהיטנדיק די באזונדערקײַטנ פונ דער שפראכ, פונ וועלכער זיי זײַנענ בענומענ געוואָרנ (קאמפ קעגנ נאצדעמישער סאמאָביטנאָסט—א. וו.)—אָבער אונטערוואָרפנ זיי פאָלגנדיקע קלאָלימ פונ ווײַסרוסישנ אויסלייג (קאמפ קעגנ גרויסהערשערישנ שאָוויניזמ—א. וו.).

ווענ מיר ריידנ וועגנ דערדאָזיקער טענדענצ פונ דעמ נאציאָנאל־דעמאָקראטיזמ צו אײַנגראָבנ זיכ אינ דער אייגענער נאציאָנאלער שאָלעכצ, דארפ מענ אָבער אונטערשטרײַכנ א זעלטענע דערשײַנונג. אינ דער צײַט, ווענ דער נאצדעמ האָט געציטערט פאר רוסיש, ווי דער טײַוול פאר ווײַרעכ אונ האָט געשריבנ מיט אלע קוילעס, אז אלצ דארפ זײַנ עכט הונדערטפראָצענטיק ווײַסרוסיש—אינ דער זעלביקער צײַט האָט דער נאצדעמ געעפנט ברייטע טירנ אונ טויערנ פאר אײַנפירנ אפ א קינסטלעכנ אופנ פאָלאָניזמענ אונ ווירקונגענ פונ אנדערע שפראכנ אפילע דאנ, ווענ אינ דער לעבעדיקער ווײַסרוסישער שפראכ הערט מענ זיי ניט. פאר יעדנ איז באוווסט וויאזוי די ווײַסרוסישע לעקסיק איז דורכ די נאצדעמענ אפ א קינסטלעכנ אופנ פאָלאָניזירט געוואָרנ. מיט וואָס דערקלערט מענ דאָס? מיט וואָס דערקלערט זיכ עס די מוירע פארנ רוסיש אונ די שטרעבונג צו פאָלאָניזמ, אָדער פינקטלעכער געזאָגט, די שטרעבונג צומ מײַרעוו? די פראגע ווערט דערלייזט גאָר פאָשעט. ניט יעטווידע רוסישע קולטור איז שרעקלעכ פארנ נאצדעמ אונ ניט יעטווידע מײַרעוודיקע קולטור רופט ארויס בא אימ ליבע אונ באגײַסטערונג. אימ איז שרעקלעכ די רוסישע קולטור פונ דער סאָוועטנמאכט, די רוסישע קולטור פונ רוסישנ פראָלעטאריאט. אימ איז אָבער גאָרניט שרעקלעכ די רוסישע קולטור פונ די ראמזינס, מיט וועלכע די־

נאצדעמענ האָבנ זיכ ענג בלאָקירט. זיי איז סימפאטיש די מײַרעווודיקע קולטור פונ דער בורזשואזיע, אונ ניט קיינ קלענערע סינע רופט בא זיי ארויס די פראָלעטארישע קולטור — אפנ מײַרעוו. אָבער די הערשנדיקע קולטור, דאָס איז די קולטור פונ דעמ הערשנדיקנ קלאס. אינ רוסלאנד הערשט דער פראָלעטאריאט אונ דעריבער קלינגט דאָס וואָרט „רוסיש" ווי א טויט־געפאר פאר דעמ נאצדעמ, ניט קעגנ דעמ רוסישנ קעמפט ער, נאָר קעגנ דעמ סאָוועטישנ. דאָסגלײַכנ ווענ דער נאצדעמ פירט דורכ די ליניע פונ פאָלאָניזאציע, אָדער אָריענטאציע אפנ מײַרעוו, איז דאָס דערפאר, ווײַל אפנ מײַרעוו הערשט נאָכ דער קאפיטאליזמ. אָריענטאציע אפנ מײַרעוו אפנ קולטור־געביט — דאָס איז בלויז אנ אײַגנאַרטיקע איבערזעצונג פונ אָריענטאציע אפנ קאפיטאליסטישנ מײַרעוו אינ עקאָנאָמישנ אונ פאָליטישנ זינ, ד. ה., אינטערווענצ.

קוקט זיכ נאָר צו, וועלכע ווערטער האָבנ עס די נאצדעמענ צעהויקערט אזוי, עס זאָל קיינ סימענ פונ זיי ניט בלײַבנ, עס זאָל גאָר ניט קענטיק זײַנ זייער ענלעכקײַט מיט רוסיש? דאָס זײַנענ אינ דער ערשטער ריי, די ווערטער, וועלכע שפיגלענ די סאָוועטישע ווירקלעכקײַט. דערפאר איז קאָלהאָס „סיאבריניא", דערפאר איז נארקאָמזעמ — „נאר קאָמראָלניצטוואָ", דערפאר איז די סינע געווענדעט ניט נאָר קעגנ רוסישע ווערטער, נאָר אויכ קעגנ אינטערנאציאָנאלע. וועלכע האָבנ צו טאָנ מיט דער שפראכ פונ קלאסנקאמפ (פראָלעטאריאט — „אובאָסטוואָ").

פארוואָס האָט דער ווײַסרוסישער נאצדעמ געקעמפט קעגנ וואָרט „בעלארוס" (ווײַס־רוסלאנד), פארוואָס זײַנענ דידאָזיקע ווערטער געשריבנ געוואָרנ: „בעלאָרוטעניא" „ווײַס־רוטעניענ", „בליאנש־רוטעניא", וואָס האָט זיכ דער נאצדעמ אזוי דערשראָקנ פאר דעמ האלבנ וואָרט „רוס"? ווײַל דאָס איצטיקע „רוס" איז ניט דאָס „היילקע רוס" פונ פערציק מאָל פערציק קלויסטערס, נאָר דאָס איצטיקע „רוס" איז דאָס פאָטערלאנד פונ אינטערנאציאָנאלנ פראָלעטאריאט, דאָס הארצ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָלוציע. אָט פארוואָס דער נאצדעמ האָט געפרווט ארויסוואַרפנ פונ זײַנ לעקסיקאָנ דעמ וואָרט „ווײַסרוסלאנד" אונ פארביטנ אימ מיט אנדערע, אָט פארוואָס אָנשטאָט „ווײַסרוס" האָט ער אײַנגעפירט דעמ „קריוויטש", אָנשטאָט ווײַסרוסלאנד „בעלאקריוויא". אגעוו, עס מוז דערבײַ אונטערגע־שטרײַכט ווערנ, אז די אָפשטאמונג פונ דעמ טערמינ „ווײַסרוטעניא" איז אנ אָקופאנטישע. דערדאָזיקער טערמינ איז אײַנגעפירט געוואָרנ מיט דער הילפ פונ די ווײַסרוסישע נאצ־דעמענ דורכ די דײַטשישע אָקופאנטנ, בײַס ווײַסרוסלאנד איז געווענ אָקופירט דורכנ דײַטשישנ אימפעריאליזמ. די געשיכטע העלפט אויכ דאָ צו דערווײַזנ, אז די מײַרעוו־אָריענטאציע איז א אָריענטאציע אפנ מײַרעווודיקנ א י מ פ ע ר י א ל י ז מ.

צי האָט געפונענ אָט דידאָזיקע סינע צומ סאָוועטישנ, דידאָזיקע אינטערווענציאָניסטישע אָריענטאציע אפנ מײַרעוו אנ אייגנארטיקנ אויסדרוק (א פארמיטלטענ אויסדרוק) אינ דעמ אויסלייג? דערופ גיט אונדז אנ ענטפער דער 11־טער פונקט פונ דער באשטימונג פונ ראטפאָלקאָמ. לויט דעמדאָזיקנ פונקט ווערנ די ווערטער פונ אויסלענדישער אָפשטאמונג מיט „ל" איבערגעבנ ווי א קלאל לויט דער טראדיציאָנעלער אויסשפראכ, וואָס איז פארשפרייט אינ וו.ס.ס.ר., ד. ה., מערסטנטייל הארט, אונ די באשטימונג גיט אייניקע בײַשפילנ. צ.ב.: „קילאָ", „בלאָק" „אעראָפלאנ" א ד. גל. עס איז דאָכ בעעמעס מערקווירדיק, עס איז ניטאָ דער ווײַסרוס (סײַדנ אונטער דער ווירקונג פונ אויסגעכאזוערטנ נאצדעמישנ אויסלייג), וועלכער זאָל זאָגנ „קיליאָ", „פליאנ" „זאָאָליאָגיע" א. ד. גל.. דערדאָזיקער קלאנג איז גענומענ פונ די אויסלענדישע שפראכנ. אינ דײַטש, אינ פראנצויז ווערנ דידאָזיקע ווער־

טער נעמלעכ אזױ אױסגערעדט, אפ װיפל דאָרט פעלט אינ אלגעמײנ אױס דער הארטער „ל״. איז אָט, די נאצדעמענ, די פארטײדיקער אונ באשיצער פונ דעמ „פאָלק־גײַסט״, פירנ אײַנ אנ אױסלײג, װאָס איז אבסאָליוט פרעמד דער װײַסרוסישער אױסשפּראכ. מיט װאָס דערקלערנ זיכ עס? מיר האָבנ דאָ פאר זיכ אנ אײגנארטיקע איבערדיכטונג פונ דער „אָריענטאציע אפנ מײַרעװו״.

איבערהױפּט זענ מיר דאָ בולעט די טענדענצ צו אָפּטײלנ די װײַסרוסישע קולטור פונ די װירקונגענ פונ דער רוסישער סאָװעטישער קולטור אינ דעמ אױסלײג פונ װאָרט „קליאסא״ (אָנשטאָט „קלאס״). דאָס גלײַכנ פארװאנדלענ אזעלכע טערמינענ װי „קאָמוניסט, סאָציאַליסט״ אינ אדיעקטיװנ אונ דיקלינירנ זײ װי אדיעקטיװ (קאָמוניסטאהא, סאָציאַליסטאהא). דערמיט האָט אפ אנ אײגנארטיקער שפּראכ געזאָלט אונטערשטרײַכט װערנ, אז דער קאָמוניסט איז נאָכ אינ לעבנשטײגער ניט ארײַנ, אז ער האָט קײנ בירגער־רעכט ניט באקומענ. ער איז, אזױ צו זאָגנ, ניט סובסטאנטיװיזירט געװאָרנ. דאָס נעמענ דעמ װאָרט „קאָמוניסט״, „סאָציאַליסט״ װי אנ אדיעקטיװ, האָט געזאָלט אונטערשטרײַכנ, אז דאָס איז א דערשײַנונג א פרעמדע, ניט קײנ אָרגאנישע, אנ אָנגעפּאָרענע.

װי א מוסטער פונ אינטערנאציאָנאליזמ קלינגט פאָלגנדיקע באשטימונג פונ ראטפּאָלקאָמ: „אינטערנאציאָנאלע רעװאָליוציאָנערע װערטער פאלנ ניט אונטער דעמ אלגעמײנעמ קלאל װעגנ אקאניע. מע דארפ שרײַבנ: ״רעװאָליוציא״, „קאמוניזמ״, „סאָציאַליזמ״, „קאָמונא״, „באָלשעװיק״, „סאָװעט״, „פּראָלעטארי״, „קאָמינטערנ״ אונ די איבעריקע אױסלענדישע װערטער שרײַבנ דעמ „אָ״ דורכ אנ „א״. א בורזשואזער לינגװיסט קענ דאָ קװעטשנ מיט די פּלײצעס, ער קענ דאָ אײַנזענ א געװיסע ניט קאָנסעקװענטקײַט. אױב אינ אױסלענדישע װערטער דארפ אײַנגעהיט װערנ דער „אָ״, דארפ ער אײַנגעהיט װערנ אומעטומ. אױב ער גײט אינ װײַסרוסיש איבער אינ א „א״, דארפ ער איבערגײנ אומעטומ. מע קענ דאָכ ניט — װעט זאָגנ דער בורזשואזער לינגװיסט — „סוביעקטיװ״ אױסקלײַבנ, אז אינ װערטער פונ אײנ באטײַט זאָל דער „אָ״ בלײַבנ אנ „אָ״ אינ װערטער פונ א צװײטנ באטײַט זאָל דער „אָ״ איבערגײנ אינ א „א״. אָבער אינ דעמ איז טאקע די פּרינציפּיעלע באדײַטונג פונ דעמ פונקט, װאָס די רעװאָליוציע װערט געגעבנ אונ געװיזנ װי די גרעסטע אונ װיכטיקסטע אָביעקטיװע װירקלעכקײַט. דאָס, װאָס רעװאָליוציאָנערע אינטערנאציאָנאלע װערטער װערנ אױסגעלײגט אינ װײַסרוסיש לױט אנ אנדער קלאל װי אינטערנאציאָנאלע װערטער אינ אלגעמײנ, איז ניט קײנ „סוביעקטיװער״ אױסװאל. די רעאלסטע אָביעקטיװקײַט איז די, אז די רעװאָליוציע האָט געשאפנ איר שפּראכ, װאָס איז געװאָרנ א שפּראכ אנ אינטערנאציאָנאלע פאר די ארבעטער אונ ארבעטנדיקע פונ אלע פעלקער, אונ דערדאָזיקער אינטערנאציאָנאלער מוסטער איז גאנגבאר ניט נאָר לױט זײַנ לעקסיק, נאָד אפילע לױט זײַנ אױסשפּראכ. דער װײַסרוס האָט זײַנע אײגנארטיקײַטנ. דעמ „אָ״ אקעט ער, אָבער דאָס װאָרט „באָלשעװיק״, דאָס װאָרט „קאָמוניזמ״ װערט אונ דארפ אױסגערעדט װערנ אומעטומ אפ אנ אינטערנאציאָנאלנ שטײגער. דאָס װאָרט „קאָמוניזמ״, „באָלשעװיק״ קלינגט פאר יעדנ פּראָלעטאריער אונ ארבעטנדיקנ גלײַכ, אינ װעלכער שפּראכ עס זאָל ניט געזאָגט װערנ. (אגעװ, אָט די דאָזיקע לעקציע װעגנ דער אינטערנאציאָנאלער באדײַטונג פונ די גרונטלעכע סאָװעטישע טערמינענ, האָט מענ באדארפט מאכנ אױכ אינ דער ייִדישער שפּראכ).

דער נאצדעמאָקראטיזמ אפנ אידעאָלאָגישנ פראָנט דריקט זיכ אױכ אױס אינ דער ליניע פונ טרײסלענ זיכ, קינסטלעכ כאָװענ ארכאַיזמענ אונ אלטװארג. דידאָזיקע ליבע צו אלטװארג איז אנ אױסדרוק פונ דער שטרעבונג צו אנטלױפנ פונ דער איצטיקער סאָװעטישער

ווירקלעכקייט. די ליבע צום אלטווארג ווערט מאָטיווירט דערמיט, וואָס אונטערן צודעק פון אנטיקווארע ווערטן, ווערט קולטיווירט די קולטור פון די עקספלואטאטערישע קלאסן. אונטערן צודעק פון פארצייטיקייט ווערט באזונגען די פארצייטיקייט די פריצישע, די פארצייטיקייט גאַלאָכישע, די פארצייטיקייט—די ראבאָנישע. די ליבע צו פארצייטיקייט איז אויך אן אויסדרוק פון דערווייזן און אָפהיטן די „ריינקייט" פון דער געגעבענער נאציאָנאלער קולטור, עס זאָל אפ איר כאסוועשאָלעם קיין שפּרינקעלע ניט פאלן פון ווירקונגען פון אנדערע נאציאָנאליטעטן. די שטרעבונג צו ציִען דעם „ייִכעס־בריוו" פון דער „אייגענער קולטור", דארף דורכציִען א בריקל צווישן דער קולטור פון די עקספלואטאטערישע קלאסן פריִער, מיט דער קולטור פון די עקספלואטאטערישע קלאסן איצטער. אין נאָמען פון דערדאָזיקער ריינקייט האָבן די נאצדעמען געשטרעבט צו דערווייזן די ריינקייט פון זייער נאציע. דער ייִדישער נאציאָנאליסט צעגייט זיך ווי א סאָלאָוויי, ווען ער פרוווט דערווייזן, אז צווישן דעם איצטיקן ייִדן מיט דעם ביבלישן „יהודי" ציט זיך איין „גאָלדענער פאָדעם" (דער גאָלדענער פאָדעם פון קלעריקאליזם). דער ווייסרוסישער נאצדעם האָט אריינגעפירט דעם טערמין „קריוויטש" ביכריי צו דערווייזן, אז די איצטיקע ווייסרוסן זיינען עכטע, ריינע סלאוויאנער, וואָס שטאמען פון די אמאָליקע קריוויטשעס, און זייער בלוט איז מיט פרעמד־בלוט ניט פארומרייניקט געוואָרן. דידאָזיקע שטרעבונג צו ריינקייט דריקט זיך אויס אין דער שפּראכ־וויסנשאפט אין דער פאָרם פון שפּראכפּוריזם:—אָפּהיטן די „אייגענע" שפּראך פון „פרעמדע" ווירקונגען. נעמט, צ. ב., די טענדענץ פון די ייִדישע נאציאָנאליסטן—ציִעניסטן און קלעריקאלן צו פארטייטשכומעשן די ייִדישע שפּראך, א טענדענץ וועלכע עס פירט דורך דער ייִדישער סאָציאַל־פאַשיזם „בונד" און „פּועלי־ציאָן" אפן שפּראך־פראָנט.

די באשטימונג פון ראטספאָלקאָם ווסס׳ר וועגן אויסלייג, דערקלערט דעריבער א קאמף קעגן אזעלכע ארכאיִזמען, קוואליפיצירנדיק די שטרעבונג צו קולטיווירן זיי, ווי א רעשטל פון נאצדעמאָקראטיזם.

מע דארף, אגעוו, אונטערשטרייכן, וויִאזוי דערדאָזיקער פּוריזם האָט געפונען זיין אויסדריק אויך אפן נאטור־וויסנשאפטלעכן פראָנט. די נאציאָנאליסטן פון אלע מינים פרוּוון אפ א ביִאָלאָגישן אויפן צו באווייזן די ריינקייט פון זייער נאציע. די אויספאָרשונגען פון בלוט, די לערע וועגן די אזויגערופענע בלוט־גרופן ווערט פאלסיפיצירט דורך דער נאציאָנאליסטישער „וויסנשאפט" אין דעם זין, אז יעטווידע נאציע האָט, קלוימערשט, איר בלוט־גרופע. אפ אזא אויפן ליגט שוין דאָס „פּינטעלע ייִד" אָדער דאָס "פּינטעלע ווייסרוס" א. א. וו. אין די בלוט־קייקעלעך, אין דעם העמאָגלאָבין פון דער אָדער יענער נאציע. עס זיינען באוווסט די „ארבעטן" פון די ייִדישע שאָוויניסטן צו באווייזן אפ אזא אויפן די „ריינע" ייִדישע בלוט. די ווייסרוסישע נאצדעמען האָבן אויך געגעבן א סאָציאַלע באשטעלונג צו אופזוכן דורך אויספאָרשן די בלוט־גרופן דעם ריינעם ווייסרוסישן טיפּ. אגעוו האָט זיך דאָ אפ א זעלטענעם אויפן איבערגעפלאָכטן דער ווייסרוסישער נאצדעמאָקראטיזם מיט דעם גרויסהערשערישן שאָוויניזם. נעמלעך, אין די ארבעטן פון דער קאַטעדרע פאר אנטראָפּאָלאָגיע בא דער ווייסרוסישער וויסנשאפט־אקאדעמיע, וועמען עס איז אין איר צייט געגעבן געוואָרן דער אופטראָג צו אופזוכן דעם ריינעם ווייסרוסישן טיפּ, לייענען מיר, אז דעמדאָזיקן טיפּ דארף מען זוכן אין דער ווייטער פּאָלעסיע, ווו עס לעבן נאָך האלב־ווילדע (?) מענטשן. דער ריינער ווייסרוסישער טיפּ דארף אלזאָ געזוכט ווערן צווישן האלב־ווילדע. די ווייסרוסישע נאצדעמען האָבן זיך אָבער דערפון ניט געפילט שאָקירט. זאָל זיין גיסן בלאָטע אפ דער ווייסרוסישער נאציע, אבי אן „אייגענע", אן אייגנארטיקע, אבי עס עקזיסטירט דער ריינער ווייסרוסישער טיפּ.

עס דארפ באזונדערס אונטערגעשטרײַכט ווערנ דער אָרט, וואָס עס פארנעמט דידאָזיקע פאלֿסיפיקאציע פונ דער וויסנשאפט, די אזוי גערופענע ראסנ־ביאָלֿאָגיע און פאטאָלֿאָגיע אינ דעמ איצטיקנ פאשיסטישנ דײַטשלֿאנד. היטלֿער האָט געגעבנ א באשטעלונג דערוויַיזנ דעמ ריינ דײַטשישנ טיפּ, און די פאשיסטישע וויסנשאפטלֿער האָבנ זיכ געשטעלֿט צו דינסט דער היטלֿעריאדע. פאשיסטישע ביאָלֿאָגנ, פיזיאָלֿאָגנ, מעדיקער דערווײַזנ „וויסנשאפטלֿעכ", אז די דײַטשישע ראסע איז די סאמע דערהויבענע ראסע, די, וועלֿכע איז באַרופנ צו אויסלֿייזנ די מענטשהײַט פונ דער באָלֿשעוויסטישער מאגייפע. אפנ באָדנ פונ דער „וויסנשאפט" באזירט זיכ עס דער נײַער קרימינעלֿער קאָדעקס, וואָס איז אײַנגעפירט אינעמ פאשיסטישנ דײַטשלֿאנד, ווו עס פיגורירט א נײַער פארברעכ. דערדאָזיקער פארברעכ ווערט אָנגערופנ „ראסנ־פאראט". ווענ א דײַטשישע מיידלֿ וועט זיכ לֿיבנ אינ א יונגנמאנ ניט קיינ אריער, און וועט דערמיט פארדארבנ די ריינקײַט פונ דער דײַטשישער ראסע, קומט איר, לֿויטנ נײַעמ געזעצ, דערפאר ניט ווייניקער ווי א יאָר טורמע.

דידאָזיקע טעאָריעס פונ ראסנ־אייגנארטיקײַט און ראסנ־האס דינענ אויכ פאר א באגרינדונג פונ דער אינטערווענצ קעגנ פ.ס.ס.ר. דער לֿייב־פילֿאָסאָפ פונ היטלֿערנ—שפענגלער, באגרינדעט עס אפנ פאָלֿגנדיקנ אויפנ: די דײַטשישע ראסע איז לֿויט איר נאטור די ראסע די אויסדערווײלֿטע, די ענערגישע, די שעפערישע. דאקעגנ די רוסישע ראסע איז לֿויט איר נאטור אנ אָפּגעלֿאָזענע, א טעמפּע. אָבלֿאָמאָוו איז דער סימוואָלֿ ניט פונ באשטימטע קלאסנ, ניט פונ פּריצישער פּוילֿקײַט, נאָר פונ דער רוסישער ראסע ווי אזא. די רוסישע ראסע ווי אזא, קענ אלֿיינ פאַר זיכ קיינ באלֿעבאָס ניט זײַנ. זי מוז האָבנ איבער זיכ א באלֿעבאָס. ווי אנ אָפּגעלֿאָזענע, ווילֿנלֿאָזע, מוז זי האָבנ איבער זיכ א בײַטש. ניט אומזיסט הויבט זיכ אָנ די רוסישע געשיכטע מיט דער ווענדונג צו די וואריאגנ—קומט און קעניגט איבער אונדז. און די ראָלֿע פונ די וואריאגנ אינ איצטיקנ פּעריאָד זײַנענ בארופנ צו אויספּילֿנ די דײַטשנ. די דײַטשישע בורזשואזיע דארפ געבנ א באלֿעבאָס דער פוילֿער, צעקראָכענער רוסישער ראסע. אפנ באָדנ פונ דער פילֿאָסאָפיע איז עס געקומענ די באוווּסטע דעקלֿאראציע פונ ראָזענבערגנ וועגנ די גרויסע שטעטכנ אפנ מיזרעכ, וועלֿכע געפינענ זיכ אינ צושטאנד פונ כאאָס, וווהינ דער דײַטשישער פאשיזמ איז בארופנ צו ארײַנטראָגנ אָרדענונג.

דער בריקלֿ צווישנ דעמ נאצדעמאָקראטיזמ מיט דעמ פאשיזמ איז ניט קיינ צופעלֿיקער און ניט קיינ אויסערלֿעכער.

דער דעקרעט פונ ראטפּאָלֿקאָמ וו.ס.ס.ר. האָט, ווי מיר זעענ, די גרעסטע פּאָלֿיטישע און פּרינציפּעלֿע באדײַטונג. פירנדיק א קאמפּ קעגנ דעמ נאצדעמאָקראטיזמ, טאָר מענ אפ איינ מינוט ניט פארגעסנ, אז די הויפּטגעפאר אפנ געגעבענעמ עטאפּ איז דער גרויסהערשערישער שאָוויניזמ. אויסראמענדיק פונ דער ווײַסרוסישער שפּראכ די אלֿע קינסטלֿעכ ארײַנגעבראכטע נאצדעמישע רעשטלֿעכ, שאפט דערדאָזיקער דעקרעט פעסטע גרענעצנ, וועלֿכע זאָלֿנ ניט געבנ קיינ מעגלֿעכקײַט דעמ גרויסהערשערישנ שאָוויניסט צו אָפּלֿייקענענ דיווירקלֿעכע אייגנארטיקײַט פונ דער ווײַסרוסישער שפּראכ, פונ ווײַסרוסישנ אויסלֿייג. דער דעקרעט רעדט דעריבער וועגנ די ווירקלֿעכע אייגנארטיקײַטנ, וועלֿכע זײַנענ אינ דער ווײַסרוסישער שפּראכ פאראנ, און וועלֿכע דארפנ אינ דעמ ווײַסרוסישנ אויסלֿייג אופּגעהיט ווערנ. די באשטימונג פונ ראטפּאָלֿקאָמ וו.ס.ס.ר. — דאָס איז א באָלֿשעוויסטישער דאָקומענט פונ קאמפּ אפ צוויי פראָנטנ פאר דער לֿענינישער נאצפּאָלֿיטיק.

א. ר. צווייג

# נאציאָנאליזם, בונדיזם און אנדערע פארקריפּ-לונגענ אינ דער קינסטלערישער געשיכטע פונ דער רעוואָליוציע

„דידאָזיקע געשיכטע איז ניט קיינ געשיכטע פונ דער פאר-גאנגענהײַט, וואָס איז אוועק און וועט זיכ ניט אומקערנ צוריק — — — אונדזער גאנצע געשיכטע איז די פּראָגראם, די סטראטעגיע און טאקטיק, די אָרגאניזאציע פונעמ העראָישנ קאמפּ פונ די בעסטע פאָרגעשריטענע עלעמענטנ פונ אונדזער קלאס פארנ זיג פונ דער דיקטאטור פונעמ פּראָלעטאריאט, פאר פארניכטנ די קלאסנ, פאר קאָמוניזמ".

(קאהאנאָוויטש—פונ דער רעדע אפנ יובילײ פונעמ אינסטיטוט פונ דער רויטער פּראָפעסור).

1

אינעמ פעריאָד פונ מיליטערישנ קאָמוניזמ איז קיינ שומ פרוּוו ניט געמאכט געוואָרנ קינסטלעריש צו שילדערנ דעמ גאנג פונ דער רעוואָליוציע. די בורזשואזע ליטעראטור האָט זיכ געקוויקט מיט איר פארלענגענעמ אָפּגאנגלעכנ ביסל „אייגנס", וואָס האָט לאכלוטנ קיינ שײַכעס ניט געהאט צו דער רעוואָליוציע און אירע פּראָצעסנ (פארשטייט זיכ, אז ס'איז אויכ געווענ א מיטל פונ קלאסנקאמפּ און אינ דעמ זינ געהאט א שײַכעס צו דער רעוואָליוציע). דער קליינבירגערלעכער מיטלויפער, איז אָדער ער האָט א בארוישט־צעטומלטער פונ די געשעענישנ, געשריִענ: „פארגאנגענהײַט, איכ קענ דיכ ניט, און ווער דו ביסט מײַנ צוקונפט—כ'געהער ניט דיר — — כ'בינ דײַנער, נישטיקער אצינר" (מארקיש), אָדער ער האָט, קלאמערנדיק זיכ אָנעמ אלטנ שטאמ, אופגעפאסט די רעוואָליוציע, ווי די אנטפלעקונג פונעמ „אייביקנ ייִדישנ גערעכט": „ווײנ, ווײנ, אלטער ווײנ, ווײנ פונ פלאמיקנ גערעכט! אונטער אלע הימלענ, אונטער אלע קעלער־שימלענ אויסגעשטאנענ און דערברויזט ביז דאנענ, ביז די ווילדע פלאכנ אונטער צאָפּנ־נעכט" (האָפשטיינ). דערזעלביקער דיכטער האָט אינ אנ אנדער ליד אויסגערעכנט אלע עטאפּנ, וואָס דאָס „אייביקע ייִדישע גערעכט" האָט אדורכגעמאכט פונעמ יארדנ ביז דער וואָלגע („א שפאנ טאָג") און אינ א צווייטער ליד—אלע גרויסע „ייִדישע מענטשנ", די טרעגער פונעמ „אייביקנ ייִדישנ גערעכט". דעמ־זעלביקנ גדאנקענ גאנג האָבנ מיר אויכ אינ גאָדינערס „וויקועכ", ווו דער אוטער דערציילט אונדז, ווי אינ אנ אלטער שטוב „מיט פארשטויבטנ אומעט פונ אייביקײַט־שכינע"

זײַנען צווייען געזעסן—א טאטע מיט א זון, דער טאטע—א פאַרשטייער פונעם אלטן מעשיכישן ייִדנטום, וואָס טוט און טרוימט נאָר וועגן דער געולע פון דער וועלט, דער זון—א... באָלשעוויק. ביידע,—זאָגט גאָרינער,—שטרעבן צו איין ציל, דער זון בלויז מיט קירצערע וועגן... (זע „טאָג אנטקעגן"). קוויטקאָ האָט אופגענומען די רעוואָליוציע, ווי א שטרײַט צווישן פארשימלטע טאטעס און ראדיקאלע קינדער („אין רויטן שטורעם"). דער יונג־אומגעקומענער ביינעש שטיימאן האָט געזוכט בא די נעוויִים און אין די מעשיכישע לעגענדעס („דאָס רויטע קינד", „מאָשיִעך בען יויסעפ", „בא די טויערן") דעם קינסטלערישן לעווּש „פאר דעם נײַעם אקט פון דער אלוועלטלעכער געשיכטע". דידאָזיקע זוכענישן זײַנען געווען טראגיש־פּרוכטלאָז, געווען בלויז א „צײַגעניש אפ דאלעס", א צײַגעניש פון בורזשואזן אופאסן די סאָציִאליסטישע רעוואָליוציע. נאָך מארקס האָט אָנגעוויזן וועגן די בורזשואזע רעוואָליוציאָנערן, אז „אין עפּאָכעס פון רעוואָליוציאָנערע קריזיסן רופן זיי ארויס צוהילפ גײַסטער פון דער פארגאנגענהײַט, נעמען אריבער בא זיי נעמען, שלאכט־לאָזונגען, אפ א פרעמדער שפראך שפּילן זיי דעם נײַעם אקט פון דער אלוועלטלעכער געשיכטע" (18־טער בריומער, ווערק פון מארקס־ענגעלס, ב, 8, ז. 323). אין די מעסוירעס פון דער פארגאנגענהײַט, — זאָגט ווײַטער מארקס,—„האָבן די קעמפער פאר דער בורזשואזער געזעלשאפט געפונען אידעאלן אין קינסטלערישע פאָרמעס, אילויזיעס, נייטיקע פאר זיי צוליב דעם, קעדיי מיט זיי צו פארדעקן דעם בורזשואזן באגרענעצטן אינהאלט פון זייער קאמף, קעדיי אײַנצוהאלטן זייער באגײַסטערונג אפ דער הייך פון א גרויסער היסטאָרישער טראגעדיע" (ז. 324). אונדזער רעוואָליוציע איז אָבער שנעל אריבערגעוואקסן פון א בורזשואז־דעמאָקראטישער אין א סאָציִאליסטישער, און „די סאָציִאַלע רעוואָליוציע קען ניט שעפּן איר פּאָעזיע פונעם אָווער", זי „דארף לאָזן די טויטע מעקאברער זײַן זייערע פגאָרים, קעדיי זיך קלאָר מאכן דעם אייגענעם אינהאלט. דאָרט האָט די פראזע פרעוואלירט איבערן אינהאלט, דאָ פרעוואלירט דער אינהאלט איבער דער פראזע" (ז. 325). דער אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער סטיל פון די מאָשיִעך־דראמעס האָט זיך בא אונדז ניט פארוואָרצלט. די סאָציִאל־געזינטערע פון די מיטלויפער האָבן, אונטער דער ווירקונג פונעם פּראָלעטאריאט, זײַן רעוואָליוציע און זײַן פּארטיי, מעקאבער געווען זייערע פגאָרים און גענומען אפ אן אנדער אויפן זיך קלאָר מאכן דעם אינהאלט פון דער רעוואָליוציע. אופגעבליט האָט דערדאָזיקער סטיל גראָד אין די „אויסלאנדס" אין דער פאָרם פון פארשיידענע „גילגולים", „גוילעמס", „שלוימע מאָלכאָס", „מאָשיִעך בען עפרײַימס", אָנעמענדיק דאָרט שוין אן ארכי־רעאקציאָנערן כאראקטער.

אָבער אויך די אופגעקומענע פּראָלעטארישע ליטעראטור האָט אינעם פעריִאָד פון מיליטער־קאָמוניזם נאָך ניט געהאט קיין מעגלעכקײַט זיך „קלאָר מאכן דעם אייגענעם אינהאלט" פון דער רעוואָליוציע. „ס'איז פיל אָנגענעמער א רעוואָליוציע צו מאכן, איידער וועגן איר צו שרײַבן",—אזוי האָט פארענדיקט כ' לענין אין 17־טן יאָר זײַן „מעלוכע און רעוואָליוציע". אפ קלאָר צו מאכן זיך די אייגענע רעוואָליוציע־מעסוירע האָט דער פּראָלעטארישער דיכטער, וואָס האָט געשריבן זײַן ליד אין ברעג פון שלאכטן, ניט געהאט קיין צײַט. ס'איז געווען די פונקציע פון דער פּאָעזיע אין יענע טעג „פון היץ און דראנג"— מיט סאָציִאליסטישע קאמפ־גוואנגען דערמונטערן די רייען אפ די אָנצאָליקע שלאכטפעלדער.

דידאָזיקע מעגלעכקײַטן זײַנען געקומען ערשט שפּעטער, אינעם אופשטעל־פעריִאָד, ווי אויך אינעם פעריִאָד פון דער סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציע, ווען די פּארטיי

האָט שארפ אוועקגעשטעלט פאר דער ליטעראטור די אופגאבע פונ געבנ א קינסטלערישע געשיכטע פונ די פאבריקנ אונ זאוואָדנ, פונעם בירגערקריג, פונ דער רעוואָליוציע ביכלאל.

II

די ערשטע פרווונ אינ דעמדאָזיקנ געביט האָבנ געמאכט די עלטערע ארבעטער־שרייַבער, וועלכע האָבנ אָנגעזאמלט פערזענלעכע דערפארונג, צווישנ זיי איינער פונ די ערשטע — דער כ׳ צ. דאָלגאָפאָלסקי. אינ זייַנ ראָמאנ „בא געעפנטע טויערנ” האָט ער געפרווט שילדערנ דעמ גאנג פונ דער רעוואָליוציע אינ די יאָרנ 1917־1921 — דעמ פעריאָד צווישנ פעווראל אונ אָקטיאבער (קאפיטל IV), דעמ בירגערקריג, די ערשטע פרווונ פונ אופשטעלנ די כאָרעווע ווירטשאפט („א קאפיטל אוטיליזאציע”), די קולטור־רעוואָליוציע (מישפעט איבערנ כיידער, שול־ אונ קינדערהיימ־בויונג). ווי א לעבעדיקער אָנטיילנעמער פונ דער רעוואָליוציע אינעמ שטעטל, האָט כ׳ דאָלגאָפאָלסקי פארצייכנט פיל וויכטיקע פאקטנ פונ יענע יאָרנ, ווי דאָס אוועקגיינ פונ דער יוגנט אפ די פראָנטנ פונ בירגערקריג, די שעפערישע ווירטשאפטלעכע איניציאטיוו פונ דער באפרייַטער ארבעטערשאפט א. א. באזונדערס איז כ׳ דאָלגאָפאָלסקינ געלונגענ צו דעמאסקירנ די בורזשואז־דעמאָקראטישע פרייַנט פונעמ ארבעטער־קלאס, זייער ראָלע אינ דער רעאקציע־טקופע אונ זייער צופאסלערייַ נאָכ פעווראל (אלטער דער באלטשווע). מע מוז אָבער קאָנסטאטירנ, אז אינ גרעסטנ טייל האָט זיכ כ׳ דאָלגאָפאָלסקי ניט אופגעהויבנ העכער פונעמ לאָקאלנ שטעטל־מאטעריאל, ניט פאראלגעמיינערט, בלייַבנדיק אפ א קאָנקרעטנ באָדנ, ניט באשאפנ קיינ סינטעזירנדיקע געשטאלטנ. נאָר דאָס איז נאָכ ניט דער גרונטפעלער. דאָלגאָפאָלסקעס *געשיכטלעכער* גרונטפעלער באשטייט אינ דעמ, וואָס כאָטש וועלנדיק אָפלייקענענ דעמ „בונד”, איז כ׳ דאָלגאָפאָלסקי *געבליבנ שטעקנ אינ בונדישנ באָדנ*. דער „בונד” איז בא אימ אידעאליזירט, ווי א ווירקלעכ־מעכטיקע רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע אינ דער פארגאנגענהייַט אונ קעגנווארט. דאָס ווערק איז אָנגעשריבנ פונעמ שטאנדפונקט פונ א לינקנ בונדיסט, וואָס האָט מיט הארצווייטיק אונ מיט טרערנ אפ די אויגנ געשטימט פארנ אריַינטרעטנ אינ דער פארטיי... ס׳איז דעריבער ניט קיינ וווּנדער, וואָס דעמ העכסטנ קינסטלערישנ עקסטאז דערגרייכט דאָלגאָפאָלסקי באמ שילדערנ די לעצטע בונדישע „ליאמע”, אפ וועלכער ער האָט געבראכט אויכ א גרופע באָלשעוויקעס, מינאסטאמ מיטנ ציל צו באווייַזנ זיי די שיינקייַטנ פונ דער בונדיש־רעוואָליוציאָנערער נעשאָמע, דאָס „פינטעלע בונד” (זע ז. 84—85).

די באָלשעוויסטישע פארטיי־גרופע אינעמ שטעטל איז אויסשליסלעכ א פויערשע. „גלאָנצס פארטיי־כאוויירימ זייַנענ געווענ קינדער פונ פויערימ, וועלכע זייַנענ נאָכ מיט הונדערטער פעדימ פארבונדנ געווענ מיט דעמ אייגענעמ דאָרפ” (ז. 82). וועגנ דער באָלשעוויסטישער „פראקציע” אפ דער בונדישער „ליאמע” דערציילט דאָלגאָפאָלסקי: „די „פראקציע” האָט זיכ קיינמאָל נאָכ ניט געפונענ אינ אזא ענגער כאווערישער סוויווע. דאָס זייַנענ אלצ געווענ יונגע באָלשעוויקעס, קינדער פונעמ דאָרפ” (83). די בונדישע „ליאמע” איז דאָ קימאט געשילדערט ווי א... צוזאמענשלוס צווישנ דער פארטיי פונ פראָלעטאריאט, וואָס הייסט... „בונד”, אונ דער קאָמוניסטישער פארטיי, וואָס איז א... פויערימ־פארטיי. דער איינציקער קאָמוניסט פונעמ שטעטל איז עפעס אנ אוואנטיוריסטישער טיפ, א גלאָנצ — „א טרוקענער, א ביניקער, מיט א קרענקלעכנ אויסגעדריבלטנ פאָנעמ, מיט

צוויי מעשונע גרויסע אויגן, וואָס איינס פון זיי איז געווען עטוואָס אויפגעהויבן צום שטערן" (ז. 25), וואָס „געדעכנט האָט ער זיך פאַר אַ בויער, נאָר קיינער האָט אים בא דער אַרבעט ניט געזען" (26), דערצו איז ער נאָך געווען אַ פולקומער אַנאַלפאַבעט— בעקיצער, אַ געשטאַלט גיכער פון אַ פּערסאָנאַזש פון אַ אייזשען־סיו־ראָמאַן, איידער פון אַ פירער פון אַ קאָמוניסטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. אין אַן אַנדער אָרט ווערט דער גאַנצער פּראָלעטאַריאַט געשילדערט קימאַט אין אַזאַ אויסזען: „אַ נײַע אומגעהייער שטאַרקע און ברוטאַלע קראַפט האָט אַרויסגעשטויסן דעם סוינע פון די אַלטגעזעסענע שטילע, וואַרעמע און זאַטע ערטער. דער נײַער זיגער, אַ מאָגערער, אַ ווילדער, מיט אויסגעדרייטע פינגער, מיט אַן אײַנגעפאַלענער ברוסט, ברודיק און שאָפלדיק אָנגעטאָן" (29)...

די בורזשואַז־שטעטלשע שיכטן זײַנען אין „באַ געעפנטע טויערן" געשילדערט ווי שיכטן, וואָס פאַרטיידיקן זיך פּאַסיוו. עס ווערט לאַכלוטן ניט אויפגעדעקט די אַקטיווע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע ראָלע פון דער יידישער בורזשואַזיע אין דער צײַט פון דער רעוואָליוציע. קיין איין יידיש בורזשואַז־זינדל זעען מיר ניט אינעם קאָנטר־רעוואָליוציאָנערן ווײַסגוואַרדייישן לאַגער, כאָטש וועגן דעם זײַנען פאַראַן הונדערטער פאַקטן. נאָר דאָס איז שוין, אַגעוו, אַ פעלער קימאַט פון דער גאַנצער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור, וואָס פאַרנעמט זיך מיט דער רעוואָליוציע־געשיכטע.

כ׳ דאָלגאָפּאָלסקי האָט אונדז אויך ניט באַוויזן די אינערלעכע רײַבונגען אין „בונד". עפּעס איז דער גאַנצער „בונד" אומבאַמערקט אַריבער אַף סאָוועטישע פּאָזיציעס, אי די אָנפירער, אי די מאַסע. דער אויטער האָט ניט אויפגעדעקט דעם פּאָנעם פון „בונד" אַלס אַגענטור פון דער בורזשואַזיע צווישן די אַרבעטנדיקע מאַסן, ניט באַוויזן זײַן קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע ראָלע נאָך פעווראַל און אָקטיאַבער, ניט באַוויזן, וויאַזוי די טיפע דיפערענציר־פּראָצעסן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אָקטיאַבער אינעם קליינבירגערטום און צווישן די פאַרקליינבירגערלעכטע אַרבעטער, האָבן געבראַכט צו גרויסע קאַמפן אינעם „בונד" און סאַפּקאָלסאָפּ צו זײַן צעפאַלונג. דאָס אַלץ באַווײַזט, אַז, באַ די אָנסאָפּעק־פאַראַנענע אָרגאַנישע סימפּאַטיעס צו דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע און דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, האָט דאָך דער כ׳ דאָלגאָפּאָלסקי, בײַס ער האָט געשריבן דעם ראָמאַן, זיך נאָך ניט אויפגעהויבן צו דער הייך פון דער לענין־סטאַלינשער קאָנצעפּציע פון אונדזער רעוואָליוציע, נאָך ניט באַזיניקט איר ווירקלעכן גאַנג, אירע באַוועג־קרעפטן, און דערפאַר איז ער געזונקען אינעם לאָקאַלן שטעטלשן פאַקטן־מאַטעריאַל און אין דער לינק־בונדיסטישער „פאַרשפּעטיקונג־טעאָריע", אין אַ גרויסער מאָס פאַרשמירט די ווירקלעכע פּראָצעסן, וואָס זײַנען פאָרגעקומען נאָך אָקטיאַבער אינעם שטעטל. דערפאַר האָט ער אויך לאַכלוטן אָפּגעריסן דאָס שטעטל פונעם גאַנצן רעוואָליוציאָנערן לאַנד, דערציילט וועגן דעם עפּעס, ווי וועגן אַ באַזונדער מעלוכעלע...

אַ צווייטער עלטערער פּראָלעטאַרישער שרײַבער, דער כ׳ בערל אָרשאַנסקי, אַן אַקטיווער רעוואָליוציאָנער, האָט דעם פאָדעם פון דער רעוואָליוציע־געשיכטע געפּרווט ציִען נאָך ווײַטער, פונעם אָנהייב „צוואַנציקסטן פײַער־געשמידטן יאָרהונדערט" („אַף כוואַליעס"). כ׳ אָרשאַנסקין איז אָבער דעמלט נאָך ניט געלונגען צו פאַרקערפּערן אין קינסטלערישע בילדער זײַן רעוואָליוציאָנערע דערפאַרונג. ווײַטער פונעם ערשטן טייל איז אָרשאַנסקי ניט אַוועק און „אַף כוואַליעס" פאַרבלײַבן אין אונדזער ליטעראַטור בלויז ווי אַ סימפּטאָם פונעם דורשטיקן פאַרלאַנג, וואָס עס האָט אַרומגעכאַפּט דעם פּראָלעטאַרישן שרײַבער אין

די ערשטע יאָרנ פונעמ אופשטעל־פעריִאָד קינסטלעריש צו געשטאלטנ אונ באזיניקנ דעמ גאנג פונ דער רעוואָליוציע.

א פרווו האָט אויכ געמאכט א דריטער עלטערער ארבעטער־שרײַבער, דער כ׳ יודל יאָפע. אינ זײַנ ראָמאנ „אינ גרויסנ נעפ־הויפ״ האָט כ׳ יאָפע געמאכט א קינסטלעריש־געשיכטלעכנ עקסקורס אינ די פריִערדיקע עטאפּנ פונ דער רעוואָליוציע. כ׳ יאָפע הייבט אָנ זײַנ ראָמאנ אזש פונ 5־טנ יאָר אונ דערפירט אימ ביזנ אָנגריפ אפנ „גרויסנ נעפ־הויפ״. אָבער ס׳איז בעפיירעש א שאָד, וואָס כ׳ יאָפע, אליינ אנ ארבעטער, מיט א גרויסנ באגאזש פערזענלעכ־איבערגעלעבטנ מאטעריאל, ז ט זיכ באנוגנט מיט אנ אויבערפלעכלעכנ עקסקורס. די ביז־נעפ־טקופע (בעסער—טקופעס) פארנעמענ אינעמ ראָמאנ א וואָסערע 40 זײַטנ. אינ אָט די קארגע זײַטלעכ האָט זיכ כ׳ יאָפע געקליגט צו באווײַזנ די גילגולימ פונ א מענ־שעוויק—פונ א קליינבירגערלעכנ רעוואָליוציִאָנער ביז א נעפמאנ. אָבער אויכ אינ אָט די קארגע בלעטלעכ האָט כ׳ יאָפע געמאכט א ריי היפשע פעלערנ, פארקריפלענדיק די געשיכטע פונ דער ארבעטער־באוועגונג.

ערשטנס, האָט כ׳ יאָפע געמאכט א קינסטלעריש־דיפּלאָמאטישנ גאנג. ער האָט אויס־געמיטנ אינגאנצנ צו ריידנ וועגנ „בונד״. ניטאָ קיינ „בונד״—ער האָט גאָר אפ דער וועלט ניט עקזיסטירט. אינעמ בוכ פיגורירט בלויז דער מענשעוויק הענעכל. ס׳איז קלאָר, אז דאָ האָבנ מיר צו טאָנ מיט דער באריִמטער שטרויס־פּאָליטיק. ס׳איז אויכ קלאָר, אז אזא „טאקטיקע״ העלפט ניט מיט דעמ קאמפ מיטנ בונדיזמ, וואָס איז נאָכ אויכ איצט זייער אקטועל. דער לייענער קענ דאָ מאכנ אנ אויספיר, אז בלויז דער מענשעוויזמ איז געווענ פאסקודסטווע, צומ „בונד״ האָט עס קיינ שײַכעס ניט, דער „בונד״ איז געווענ עמעס־רעוואָליוציִאָנער. אונ כ׳ יאָפעס מיינונג וועגנ „בונד״ איז טאקע בעפיירעש אזא. אפ דער 153־טער זײַטל לייענענ מיר:

„די כאווערטע פערעלע האָט זיכ גיכ דערוווּסט, אז זי איז דרײַ מאָל פאר־שקלאפט: ווי א פּראָלעטאריערנ, ווי א ייִדישקע אונ ווי א פרוי. איז פארנ ייִדישנ פּראָלעטאריער געווענ דער ייִדישער ארבעטער־בונד״.

אָט אזוי האָט עס אומגעריכט ארויסגעשפּארט פונ כ׳ יאָפעס באהעלטענישנ דער בונדיזמ.. ביכלאל האָט כ׳ יאָפע דיפּלאָמאטיש אויסגעמיטנ די גאנצע קאָנקרעטע סיטואציע פונ דער ייִדישער סוויווע. ס׳איז אנ איבעריקע קאָפּדרייעניש... דאָס, וואָס ער דערציילט, איז אזוי אלגעמיינ, אז מע קענ עס דערציילנ וועגנ אלע סוויוועס אונ וועגנ קיינ איינ־ציקער פונ זיי. אָבער געשיכטע דארפ זײַנ קאָנקרעט אונ ביפראט קינסטלערישע געשיכטע. מארקס געניִאלער טעזיס וועגנ דעמ, אז מע קענ ניט פארשטיינ קיינ היסטאָרישע גע־שעעניש, „לאָזנדיק אינ גאנג אומעטומ אונ אלעמאָל איינוּנדעמזעלביקנ האקנשליסל״ (זע זײַנ בריוו אינ זשורנאל „אָטעטשעסטווענִיע זאפּיסקי״), האָט א באזונדער באדײַטונג פארנ קינסטלערישנ שאפנ.

וואָס שײַכ דעמ מענשעוויזמ גופע, איז כ׳ יאָפע ארויסגעגאנגענ פונ א פאלשער האנאָכע, אז ביז דער רעאקציע איז דער מענשעוויזמ געווענ אנ אָטריאד פונ דער רע־וואָליוציִאָנערער ארבעטער־באוועגונג. הענעכל איז אינ 5־טנ יאָר א געוואלדיקער רעוואָ־ליוציִאָנער. ערשט שפּעטער הייבט ער אָנ פארבאלעבאטישט ווערנ. דידאָזיקע מיינונג איז זייער א פארשפּרייטע אונ א העכסט־שעדלעכע.

„ס'איז א מערקווירדיקער פאקט,—שרייַבט כ' לעניג,—אז ווי נאָר ס'איז אופגעקומען די מאסעווע ארבעטער־באוועגונג, באווייַזט זיך גלייַך די צעטיילונג אפּ מארקסיסטישע ריכטונגען, א צעטיילונג, וואָס בייַט די פאָרמעס, נאָר בלייַבט אין טאָך דערזעלביקער פון 1894 ביז 1914. באשייַנפערלעך, ס'איז דאָ טיפּע סאָציאַל קלאסעווע וואָרצלען פון דאטקע אָט דער צעטיילונג און ניט קיין אנדערער" (ווערק ב. XVII, ז. 334).

כ' לעניג האָט אויך אופגעדעקט דעם בורזשואזן טאָך פונעם אָפּאָרטוניזם.

„דער אָפּאָרטוניזם איז א בורזשואזע ארבעטער־פּאָליטיק, איז א בונד פון א נישטיקן טייל ביי־פּראָלעטארישע עלעמענטן מיט דער בורזשואזיע. רייַף־ווערנדיק אין מעשעך פון צענדליקער יאָרן אין די באדינגונגען פון פרידלעכן קאפּיטאליזם איז דער אָפּאָרטוניזם אין די יאָרן 1914—1915 אזוי־פיל רייַף געוואָרן, אז ער איז געוואָרן אן אָפענער פארבינדעטער מיט דער בורזשואזיע" (ז. 343).

אָט ווי כ' לעניג האָט אָפּגעשאצט דעם אָפּאָרטוניזם אין דער פארגאנגענהייַט און אין דער קעגנווארט. דידאָזיקע אָפּשאצונג דארף דינען פאר א לייַכט־שטערן אויך פארן קינסטלער.

פאראן אין כ' יאָפּעס קינסטלערישער געשיכטע פיל ריכטיקע מאָמענטן. לעמאָשל, די דיפערענצירטע באציִונג צום באָלשעוויזם מיצאד דעם שטעטלדיקן בירגערטום (ז. 23). די אוקראַיִנישע ראדע איז ריכטיק דעמאסקירט, ווי די מאכט פונעם באלעגופּ (7־טער קאפּיטל), אָבער אויך דער באטייַט פון די ריכטיקע מאָמענטן ווערט אָפּגעשוואכט מיט דעם, וואָס זיי ווערן געשילדערט אויבנופיק און לאָזן ניט קיין רוישעם אפן לייענער, דרינגען ניט ארייַן אין זייַן באוווסטזייַן. אזא „קלייניגקער" פאקטער, ווי די וועלט־מילכאָמע, איז פון כ' יאָפּעס קינסטלערישער קאָנצעפּציע אינגאנצן ארויסגעפאלן. דער פּעריאָד פון נעפּ גופע איז באלויכטן איינזייַטיק. מיר זעען ניט דעם וווקס פון סאָציאַליסטישן סעקטער. עפּעס ווערט דערמאָנט א פאבריק, אָבער כ' יאָפּע פירט אונדז אהין ניט ארייַן. דער איינציקער קאמפּ־מיטל קעגן נעפּ איז בלויז שטייַערן. דאָס איז פאלש. כ' יאָפּע דערמאָנט אין אן אָרט די לעניג־סטאלינשע פאָרמולירונג וועגן נעפּ אלס „צוריקטריט צוליב א נייַעם אָנגריף" (ז. 88), אָבער קינסטלעריש באווייַזט ער עס אונדז ניט. קיין לעבעדיקע געשטאלטן פון באָלשעוויקעס—קעמפער און בויער פון סאָציאַליזם—זייַנען אין בוך ניטאָ.

ס'איז קלאָר, אז אדאנק דעם אלעמען, באקומט ניט דער לייענער קיין געהעריקע קינסטלערישע דערקענטעניש וועגן די באוועג־קויכעס פון דער רעוואָליוציע, וועגן איר איבערגאנג פון איין עטאפּ צום צווייטן.

אין אסאך א גרעסערער מאָס דערקענטעניש־רייַכער איז ראבינס בוך „שוועסטער־קינדער", וואָס איז דערשינען אין 1929 י. און איז אן ערנסטער פרווו צו שילדערן די דינאמיק פון דער רעוואָליוציע אין דער יִדישער סוויווע אין א לעבעדיק־קינסטלערישער פאָרם. פאר אונדז גייען פארביי א רייַ עטאפּן פון ערעוו־רעוואָליוציע און רעוואָליוציע איינגנטלעך איז דער ראָמאן „שוועסטערקינדער" דער ערשטער פרווו פון א פאנאנדערגעוויקלטער קינסטלערישער געשיכטע פון דער רעוואָליוציע אין דער יִדישער סוויווע, עמעס. בלויז אין דער פויליש־יִדישער סוויווע, איז שוין בעפיירעש דער ערשטער—און לײדער ביז איצט נאָך קימאט דער איינציקער—פרווו קינסטלעריש צו דעמאסקירן דעם „בונד" און אנדערע קליינבירגערלעכע ארבעטער־פּארטייען.

אָבער די דערקענטעניש־ווערט פונעם בוך, ווערט פארמינערט דורך א גאנצער ריי גרויסע פעלערן.

ראבינען האָט אין יענער צײַט פיל געשאדט דאָס האלטן זיך אָן אווערבאך־לעבעדינסקיס טעאָריע פון אינדיווידועלן פסיכאָלאָגיזם („דער אנאליז פון דער אינדיווידועלער פסיכאָלאָגיע איז דער בעסטער וועג פון דער ליטעראטור צו פארשטיין די סאָציאַלע פסיכאָלאָגיע“). ראבין גייט פון אינדיווידועלן פסיכאָלאָגיזם צו סאָציאַלע מײַסים און ניט פארקערט. איליא, שיִע זײַנען, פריִער פון אלץ, „מענטשלעכע“ כאראקטערן. איליא איז א שרעקעוודיקער, א בארימער, אַ ווילנלאָזער. שיִע איז א מער שטײַפערער אין כאראקטער (די שיִע־פיגור איז ביכלאל קינסטלעריש וויניקער בוילעט), אָבער מיר זעען ניט דידאָזיקע פיגורן אין זייער קלאסן־אידעאָלאָגישער, פארטייִשער זעלבסטבאשטימונג. אין טאָכ זעען מיר מער איליאן אלס סטאם נישטיק מענטשל, ווי אלס בונדיסט.

דער „בונד“, ווי דער מענשעוויזם ביכלאל, איז אין „שוועסטערקינדער“ ניט באלויכטן אין דער פולער מאָס *סאָציאַל־אידעאָלאָגיש*. וועגן די בונדישע פירער האָט כ׳ לעניִן געשריבן, אז „זיי זײַנען א גרופע ליבעראלע אינטעליגענטן, וועלכע דעמאָראליזירן די יידישע ארבעטער מיטן בורזשואזן נאציאָנאליזם און סעפאראטיזם“ (ווערק, צווייטע אויסגאבע, ב. 10, ז. 444). ראבין האָט אונדז דעם „בונד“ אין דער ראָלע קימאט ווי ניט באוויזן, איך זאָג קימאט, ווײַל דאָ און דאָרטן, באזונדערס צום סאָף, זעען מיר דאָך איליאן אין דער ראָלע. צום גליק, איז ראבין ניט אינגאנצן פארזונקען געוואָרן אין דער „פסיכאָלאָגיקע“. פון פיל קאפיטלען שפארט מאמעש ארויס דער סאָציאַלער באוווסטזײַן ראבינס אלס פראָלעטארישער שרײַבער, זײַנ באנעמען די וויכטיקע געזעלשאפטלעכע אויפגאבע פון זײַן ווערק. אָבער געשאדט האָט אים די פסיכאָלאָגישע טעאָריע בעפיירעש. זי האָט אים געבראכט צו אָפרײַסן איליאן פון די מאסן. מיר זעען וויניק איליאן אין דער ראָלע פון א *פארפירער* פון די *מאסן* מיט נאציאָנאליזם און סעפאראטיזם. *איליאס בורזשואזע דעמאָראליזאציע* גייט *בלויז אף דער געשלעכטלעכער ליניע*.

אויך די פּאָזיציע פון די לינקע אלס „דונער־אָפציִער“ האָט ראבין קינסטלעריש ניט באוויזן. אין ראפעסעס בוך „קאפיטלעך געשיכטע פון „בונד“, וואָס איז גאנץ ווײַט פון איבערגעטריבענער סינע צום „בונד“, לייענען מיר וועגן דער לינקער גרופע אין „בונד“: „זי האָט מיט איר לינקער פראזע אײַנגעהאלטן אין דער אָרגאניזאציע פיל יידישע ארבעטער, וועלכע וואָלטן מיט א גרעסערער דרייסטקײַט איבערגעגאנגען צו דער באָלשעוויסטישער פארטיי“ (ז. 219). לוידײַ, וואָס ראבין האָט ניט ווי געהעריק דעמאסקירט אָט די ראָלע פון די לינקע, האָט ער אים אין דער געשטאלט פון שיִען א היפש ביסל אידעאליזירט.

ווײַטער קומט אויס, לויט כ׳ ראבינס קאָנצעפּציע, אז דער „בונד“ האָט ערשט אָנגעהויבן דעגענערירן אין דער רעאקציע־טקופע און וועלט־מילכאָמע, ווען א טייל ארבעטער זײַנען פאריִנטעליגענטישט געוואָרן (איליא איז א געוועזענער שטעפער). דאָס איז פאלש. מיר ווייסן שוין, אז פון די ערשטע טריט איז שוין דער מענשעוויזם (און דער „בונד“ אויך אין קלאל) געוועזן די אגענטור פון דער בורזשואזיע אין דער ארבעטער־באוועגונג.

און פונקט ווי דער „בונד“ פארשפעטיקט בא ראבינען צו דעגענערירן, אזוי אויך פארשפעטיקט דער באָלשעוויזם צו באווײַזן זיך אין דער יידישער סוויווע—ערשט ביים דער דײַטשישער אָקופּאציע. דאָ האָבן מיר א גרויסן טריט פאָרויס לעגאבע אנדערע פארשפעטיקלער, וואָס האלטן, אז די יידישע ארבעטער זײַנען געקומען צום באָלשעוויזם ערשט

אין 1921 י., ווען דער „בונד" איז אריַין אין פּאַרטיי. אָבער אויך די ווערסיע איז א פאַלשע. באָלשעוויקעס זיַינען געווען צווישן די ייִדישע ארבעטער שוין אינעם פעריאָד פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. מע מוז אויך אָפּמערקן, אז דעם באָלשעוויזם האָט כ' ראבין באוויזן אין זייער א בלאַסער, קינסטלעריש־נישטיקער געשטאַלט (יאנקל שעווצ).

אויך באַם לייזן די „בונד"־פּראָבלעם איז ראבין אָוועק אפּ א שלעכטן וועג. איליא לעבט איבער געוויסן־פּיַין. ווידעראַמאָל אינדיווידואַליסטישע פּסיכאָלאָגיע, אָנשטאָט קינסט־לעריש צו באוויַיזן די טיפע יוירונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין די ארבעטער־מאַסן, וועלכע זיַינען געווען פאַרפירט פון „בונד", זייער דראַנג צו דער רעוואָלוציע, די רעכטע און לינקע פאַרפירער, וואָס האָבן פאַרהאַלטן אָט דעם דראַנג.

וואָס שיַיעך דעם גאַנג פון דער רעוואָלוציע, אירע פאַרשיידענע עטאַפּן, איבערגאַנג פון איין עטאַפּ צום צווייטן, האָט דאָ כ' ראבין געמאַכט א באַדיַיטנדיקן פעלער מיט דעם, וואָס ער האָט זיך באַגרענעצט מיט דער ייִדישער סוויווע און דאָס אויך ס'ראָוו מיט איר קליינבירגערלעכן אָפּפאַל. די ווירקלעכע באַוועג־קויכעס פון דער רעוואָלוציע, דער ארבע־טער־קלאַס, דאָס פויערטום, די קאָמפּאַרטיי אַלס אָרגאַניזירנדיקע קראַפט זיַינען אין דעם ראָמאַן ניטאָ. ראבין האָט, שריַיבנדיק דעם בוך, נאָך אפּאָנעם, ניט געקענט דעם ווירקלעכן פּאָנעם פון אונדזער רעוואָלוציע. דאָס באוויַיזט דאָס קאַפּיטל „אין א ראַטנשטאָט". מיר האָבן דאָ אפילו קיין רעמעז ניט אפּ רעאַלע קויכעס־פאַרהעלטענישן. דער אויסברוך פון דער רעוואָלוציע ווערט דערמאָנט אין א פּאָר מעליצעדיקע שורעס. די איינציקע באָלשע־וויסטישע פירער־געשטאַלט („טוטיישי") איז שטאַרק נעפּלדיק, קימאַט מיסטיפיצירט, און מע דאַרף זאָגן, אז ראבין האָט דאָ געהאַט גלענצנדיקע מעגלעכקיַיטן. די אָנופהערלעכע פאַר־בינדונג פון די ייִדישע און פּוילישע ארבעטנדיקע מאַסן מיטן סאָוועטנפאַרבאַנד אין די יאָרן 1920—1921 איז דאָ לאַכלוטן ניט רעאַליזירט געוואָרן און בליַיבט נאָך אן אויצער פאַרן קינסטלער פון דער טקופע.

און דאָך, בא אַלע פעלערן, איז ראבינס בוך געווען א גרויסע דערגרייכונג אינעם געביט פון דער קינסטלערישער רעוואָלוציע־געשיכטע. ראבינס בוך גיט דעם לייענער היפּשע קאָנקרעטע עלעמענטן פון געשיכטלעכער רעוואָלוציע־דערקענטעניש, אָנשטעקנדיק אים מיט סינע צום „בונד" און אנדערע קליינבירגערלעך־סאָציִאַליסטישע פּאַרטייען, בא־וויַיזנדיק אין א גרויסער מאָס זייער אנטיסאָוועטישע און קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע ראָלע אינעם פאַראַנטוואָרטלעכסטן מאָמענט פון דער רעוואָלוציע. ראבינס בוך האָט אפּ א זייער געלונגענעם אופן דעמאַסקירט אויך דעם געזעלשאַפטלעכן פּאָנעם פון דער דעמאָקראַטישער אינטעליגענץ, פון דער קליינבירגערלעך־ליטעראַרישער סוויווע (זע דעם קאַפּיטל „אין א רויִקן ווינקל").

א ביז־גאָר דערפרייענדיקע דערשיַינונג איז אין געביט פון רעוואָלוציע־געשיכטע כ' ברעגמאַנס „דורך קריג און רעוואָלוציע". דער נאָמען אַליין באוויַיזט שוין דעם אוועטערן געשיכטלעכע אָנצילונג. ניט געקוקט אפּ דעם, וואָס ברעגמאַן ווערט אָפּט פאַרכלינעט אין מעמואַרישע פּראָטים, איז זיַין ווערק פון דאָס בעסטע, וואָס מיר פאַרמאָגן וועגן דער וועלט־מילכאָמע. ס'איז א בוך מיט א קלאָרער רעוואָלוציאָנער־סאָציִאַליסטישער טענדענץ. זיַין אָנפירנדיקע אידייע איז צו באוויַיזן, ווי די מילכאָמע האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר דער סאָציִאַליסטישער רעוואָלוציע—אין דער ארמיי, אינעם דאָרף, בא אַלע ארבעטנדיקע. מיר זעען בעפּייעל־מאַמעש, ווי עס וואַקסט דער ברענשטאָף, וואָס דער באָלשעוויסטישער אָקטיאַבער וועט אים אָנצינדן.

עמעס, ברעגמאנ ליַדט צײַטנוויַז פונ ביִאָלאָגיע, באזונדערס דער צווייטער טייל, צײַטנוויַז פונ הומאניש־פאציפיסטישער ריטאָריק, אָבער דידאָזיקע עלעמענטנ פארמינערנ דאָכ ניט די גרויסע דערקענטעניש־ווערט פונעמ בוכ, די אקטיווע רעוואָליוציִאָנערע אָריִענטאציע, וואָס ער גיט דעמ לייענער. אליינ א רעוואָליוציִאָנערער ארבעטער, וואָס האָט דורכגעמאכט אלע פאזעס פונ דער אימפעריִאליסטישער מילכאָמע אונ בירגער־קריג, האָט כ׳ ברעגמאנ אינ אלגעמיינ גויווער געוועג דעמ קליינבירגערלעכ־רעמארקישנ אופפאסנ די מילכאָמע. שוינ אינ די ערשטע בלעטלעכ באוויַזט אונדז דער אווטער די באציִונג צו דער וועלט־מילכאָמע פונ פארשיידענע שיכטנ, אונ דערנאָכ שוינ, בלעטל נאָכ בלעטל, באוויַזט אונדז כ׳ ברעגמאנ, ווער האָט בעעמעס געדארפט האָבנ די מילכאָמע, ווי דער בורזשואזער „טיל״ איז רײַכ געוואָרנ פונעמ קריג, געבאָדנ זיכ אינ לוקסוס אונ אויסגעלאסנקײַט. אפנ פראָנט איז הונגער אונ טויט. ניטאָ קיינ שפּיַז אונ געווער. די אינטענדאנטסטווע מאכט גאָלדענע געשעפטנ מיט די שפּיַז אונ קליידער־פארגרייטנ, די סאָלדאטנ זײַנענ הונגעריק, נאקעט, פארלײַזיקט, דײַטשישע סנאריאדנ קאָסיענ אפ לינקס אונ אפ רעכטס. די פעלדער זײַנענ דורכויסיק פארזייט מיט קעפ, הענט אונ פיס, טויטע אונ האלב־טויט צעקארדאשעטע קערפערס, אונ פונעמ הינטערלאנד באקומט זיכ א בריוו: „אלע לעבנ דעמ גוטנ טאָג... אלע אָוונט טענצ, מאסקאראדנ, טעאטער... מע פארדינט איצט דאָ שטיקער גאָלד, די שטאָט איז פול מיט „וואָיענשטשינע״, פאראנ אסאכ אָפיצערנ יונגע, שיינע אונ זיי פירנ אראָפ פונעמ זינענ גווירישע מיידלעכ אונ וויַבלעכ״ (ז. 75).

פארקערטע יעדיִעס—וועגנ דער ארבעטער־לאגע: „אפנ פאבריק, ווו איכ ארבעט, האָט זיכ אָנגעהויבנ א מוירעדיקע עקספלואטאציע. די ארבעטער געפינענ זיכ איצטער אינ אזא לאגע, ווי אמאָל בא די פריצימ די פאנשטשיניקעס״ (307). אונ וועגנ די פרויענ־ארבעטער: „מיר ארבעטנ אָנשטאָט מאנצבילנ, אונ כאָטש מיר ספראווענ זיכ מיט אונדזער ארבעט ניט ערגער פונ די מענער, דאָכ צאָלט מענ אונדז אסאכ ווייניקער, אונ כוצדעמ ווערנ אלע פרויענ קעפסוויַבער בא די מײַסטערס, מע נויט זיי״ (313). ענלעכע יעדיִעס באקומענ זיכ אויכ פונעמ דאָרפ וועגנ דער לאגע פונ די אָרעמ־פויערימ, וועגנ דער פריצישער הוליערײַ, וועגנ דער לאגע פונ דער פויערטע. דידאָזיקע יעדיִעס גייענ איבער פונ איינעמ צומ אנדערנ. איז ניט קיינ וואונדער, וואָס סע הייבנ זיכ אָנ פיקנ די מויכעס בא די גרויע סאָלדאטנ. דער אווטער באוויַזט אונדז א גאנצע גאלעריי אזוינע, ווי קאלאוור, סטעפאנ־טשוק א. א., וואָס זייערע באוווסטזײַנס ווערנ אופגעלויכטנ. סאָציִאל־באזיניקט אונ ציל־באוווסט דערציילט ער וועגנ די פכאָדימדיקע געשעענישנ אפנ פראָנט, אונ דאָס האָט אימ פארהיט פונ צעקראָכנקײַט אונ אָפהענטיקײַט, פונ ליבעראל־פאציפיסטישנ סענטימענטאליזמ.

אויב דעמ כ׳ ברעגמאנ וועט זיכ אינ די ווײַטערדיקע טיילנ אײַנגעבנ—אונ מיר זײַנענ זיכער אינ דעמ—באוויַזנ דעמ איבערגאנג פונ קריג אינ רעוואָליוציע, אירע באוועג־קרעפטנ, אָנפירנדיקע קויכעס, פערזענלעכקײַטנ (דאָס לעצטע איז ברעגמאנס א שוואכ אָרט), וועט זײַנ בוכ פארנעמענ איינע פונ די ערשטע ערטער אינ דער געשיכטלעכ־קינסטלערישער אָקטיאבער-ליטעראטור.

---

אויכ די פראָלעטארישע דיכטונג האָט זיכ פארנומענ מיט דער געשיכטע פונ דער רעוואָליוציע.

כאריקס „מינסקער בלאָטעס״ איז אָנסאָפעק אויכ געווענ אנ אויסדרוק פונ דער אופגעקומענער באדערפעניש „זיכ קלאָר מאכנ דעמ אייגענעמ אינהאלט״ פונ דער רעוואָ־

ליוציע. כאריק האָט זיכ אָנסאָפּעק פונ טכילעס אָנ געשטעלט א דיִאלעקטיש-געשיכטלעכע אופגאבע—באווײַזנ דאָס ארײַנוואקסנ פונ די יִדישע האָרעפאשנע מאסנ אינ דער רעוואָליוציע. אונ ער האָט דאָס אפּ א גלענצנד-דיכטערישנ אופנ באוויזנ. אָנטשפּרעכיק צו אָט דער אידייע האָט ער געבויט זײַנ פּאָעמע. אינעם ערשטנ טייל האָט ער באוויזנ די מינסקער בלאָטעס פאר דער רעוואָליוציע, זייער אָרעמקײַט אונ געדריקטקײַט, אָבער אויכ זייער צאר אונ צאָרנ, וואָס גייט אופ „זאפּטיק אונ געראָטנ“, אונ ווענ עס איז וועט ער א שפּאר טאָנ אונ אויסברעכנ אינ א שטורעם. אינעם צווייטנ טייל האָט דער דיכטער באוויזנ, ווי די מינסקער בלאָטעס האָבנ אינ אָקטיאבער רעאליזירט זייער דורעסדיקע ווייטיק-אָנזאמלונג. אינ דערדאָזיקער קאָנצעפּציע האָט אָבער כאריק דערלאָזנ אייניקע וויכטיקע פעלערנ. דער וויכטיקסטער פעלער איז דער, וואָס כאריק האָט ניט באוויזנ דעם העגעמאָנ פונ דער רעוואָליוציע, דעמ רעוואָליוציִאָנערנ פּראָלעטאריאט, וואָס פירט נאָכ זיכ די האָרעפאשנע געסלעכ. מיט דעמ איז שוינ אויכ פארבונדנ א צווייטער פעלער—א געוויסער „בונד“-ראָמאנטיזמ (די מײַסעספאָרכטיקע פונ „בונד“). „דער „בונד“ איז דער רעוואָליוציִאָנערער טרוימ פונ דער יוגנט“. ס׳קומט אויס, אז מיטנ קויעכ פונעמ „רעוואָליוציִאָנערנ“ „בונד“ זײַנענ די יִדישע האָרעפאשנע מאסנ ארײַנ אינ דער רעוואָליוציע, אינדערעמעסנ אָבער—בלויז אדאנק גויוער זײַנ דעמ „בונד“, צו וואָס עס האָט געבראכט דער אקשאָנעסדיקער קאמפּ פונ דער פּארטיי קעגנ דעמ לעצטנ. כאריק האָט דאָ ניט אויסגעמיטנ די שטרויכלונג, וואָס, ווי מיר האָבנ שוינ געזענ, האָבנ זי פיל פּראָלעטארישע שרײַבער ניט אויסגעמיטנ, אונ ניט אויסגעמיטנ דערפאר, ווײַל עס האָט זיי געפעלט די קלאָרע לענינישע אײַנשטעלונג וועגנ דעמ גאנג פונ אונדזער רעוואָליוציע אונ אירע באוועג-קויכעס. אָבער ניט געקוקט אפּ אָט די פעלערנ, האָבנ כאריקס „מינסקער בלאָטעס“ געהאט א גוואלדיקנ באטײַט אלס פאקט אונ פאקטער פונ דעמ רעוואָליוציִאָנערנ קאמפּ. די „מינסקער בלאָטעס“ האָבנ אויסגעדריקט דעמ דראנג פונ די יִדישע האָרעפאשנע מאסנ צומ פּראָלעטאריאט אונ זײַנ רעוואָליוציע אונ אקטיוו פארטיפט אָט דעמדאָזיקנ דראנג, געשטויסנ די מאסנ אפּנ וועג פונ דער פּראָלעטאריש-סאָציִאליסטישער רעוואָליוציע. דערפאר איז טאקע כאריק ניט געבליבנ שטיינ אפּ דער שטופע פונ „מינסקער בלאָטעס“. נאָכ זיי זײַנענ געקומענ „מיט לײַב אונ לעבנ“ אונ „קײַלעכדיקע וואָכנ“, ווו, באזונדערס אינעמ לעצטנ, כאריק איז שוינ דורכגעדרונגענ מיט דער ראָלע פונעמ פּראָלעטאריאט אונ זײַנ פּארטיי אינ דער רעוואָליוציע. כאריקס געשיכטלעכנ צוגאנג צו די רעוואָליוציע-פּראָבלעמענ זעט מענ באזונדערס בולט אינ „קײַלעכדיקע וואָכנ“. די פּאָעמע וועגנ דער סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציע פונ ווײַסרוסלאנד האָט כ׳ כאריק אָנגעהויבנ מיט גלענצנדיקע געשיכטלעכע קאפּיטלעכ פונ ווײַסרוסלענדישנ פארמאָכיקטנ „אוראלט“ פונ פּריצימ אונ גווירימ, ראבאָנימ אונ גאלאָכימ. דערמיט האָט ער נאָכ בולעטער אונטערגעשטראָכנ דעמ גרויסנ אופטו פונ דער סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציע, איר באדײַטונג פאר די ברייטע ארבעטנדיקע מאסנ, דעמ פּראָלעטאריאטס זאָרג וועגנ אָט די מאסנ, די זאָרג פונ דער סאָוועטנמאכט וועגנ די רײַאָנענ, וואָס זײַנענ געווענ פונ דער צאריש-קאפּיטאליסטישער אָרדענונג פאריאָגט אונ פארלאָזנ. אָבער אויכ דאָ האָט כאריק, נאָכ מײַנ מיינונג, דערלאָזנ א פעלער. צווישנ דעמ פעאָדאל-גווירישנ ווײַסרוסלענדישנ „אוראלט“ אונ דער סאָציִאליסטישער רעקאָנסטרוקציע איז עפּעס ווי א טהאָמ. ווו איז די רעוואָליוציִאָנערע ארבעטער-באוועגונג פונ ווײַסרוסלאנד פונ פאר דער רעוואָליוציע? ס׳קענ אויסקומענ, אז פאר דער רעוואָליוציע איז אינ ווײַסרוסלאנד געווענ בלויז איינ קולטור—

א בורזשואז־פריצישע. דאָס איז ניט אין העסקעם מיט דער לעניניסער אײַנשטעלונג וועגן דערדאָזיקער פראגע, אז

„אין יעדער נאציאָנאלער קולטור איז פאראן, כאָטש ניט קיין אנטוויקלטע עלעמענטן פון דעמאָקראטישע און סאָציאַליסטישע קולטורן, ווײַל אין יעדער נאציע איז פאראן אן ארבעטנדיקע און עקספלואטירטע מאסע, וואָס אירע לעבנ־באדינגונגען געבוירן די דעמאָקראטישע און סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיעס".

(ווערק, 1־טע אויסגאבע, ב. XIX, ז. 40).

כאריק אליין האָט אין „מינסקער בלאָטעס" באוויזן אָט די אופקומענדיקע עלעמענטן פון דעמאָקראטישער און סאָציאַליסטישער קולטור, און עפשער טאקע דערפאר האָט ער אויסגענוצט דעמזעלביקן פיניען פון „מינסקער בלאָטעס" אויך אין „קײַלעכדיקע וואָכן", קעדיי צו פארהיטן די דעמאָקראטיש־סאָציאַליסטישע מעסוירע, אָבער באם לייענער בלײַבט דאָך אן אײַנדרוק, אז אין אלטן ווײַסרוסלאנד איז אויסער פריצים און גווירים, דער־שלאָגענע פויערים און שטעטלדיקע קאפצאָנים, גאָרניט ניט געווען.

אויך דער כ' פ ע פ ע ר האָט זײַנע פּאָעמעס און באלאדעס פונעם בירגערקריג געבויט ה י ס ט אָ ר י ש, באוויזן צו פארבינדן דעם איצט מיטן אמאָל. ער האָט געזוכט דעם יעסאָד און דעם שוירעש פון דער זיגנדיק־מארשירנדיקער רעוואָליוציע־קראפט אינעם פויערטום („אין אן אלטן פּאָוויט"), אין די האָרעפּאשנע מאסן („יאָסל שינדער"), אין די אונטער־דריקטע נאציעס („אלי בען"), אין די קעמפנדיקע ארבעטער־יונגען („ראטן", „עליעס טויט"). כ' פעפער האָט דאָ בעפיירעש גרויסע פארדינסטן פאר דער קינסטלערישער רעוואָליוציאָנער־געשיכטלעכער ליטעראטור. אָבער אָט די פּאָעמעס פעפערס לײַדן פון איין אלגע־מיינעם פעלער—פון זייער סכעמאטישער ראָמאנטישקײַט. אין „אלטן פּאָוויט" איז דאָס פאר־רעוואָליוציאָנערע דאָרף געשילדערט געוואָרן סאָציאַל לאכלוטן ניט צעשיכטעט. וועגן אנטאגאָניזם צווישן פּאָרעץ און אָרעם-פויערטום איז בלויז פאראן א רעמעז (קאפ. III). ענלעכע פעלערן האָט אויך פעפערס פּאָעמע „עליעס טויט".

פארן כ' פעפער, וועלכער פארמאָגט אזויפיל פערזענלעכ־אָנגעזאמלטן שטאָף פון דער רעוואָליוציע־געשיכטע, שטייט נאָך די אופגאבע ווידעראמאָל זיך אומקערן צו אָט דער פּראָבלעם און באלײַכטן זי פון דער אידעאָלאָגיש־קינסטלערישער הייך, אף וועלכער ער געפינט זיך איצט אין זײַן נײַער, שטארקער פּאָעמע „פלאסטן".

* * *

מיר קענען, אזויארום, קאָנסטאטירן, אז ניט געקוקט אף די אָפּגעמערקטע שוואכקײַטן און פעלערן, פארמאָגט שוין די ייִדישע פּראָלעטארישע ליטעראטור א צאָל באדײַטנדיקע ווערטן אינעם געביט פון קינסטלערישער רעוואָליוציע־געשיכטע, די ווערק פון די דיכטער און פּראָזאיקער—פעפער, כאריק, ברעגמאן, ראבין, א ריי ווערטפולע מאָמענטן אין די ווערק פון די עלטערע ארבעטער־שרײַבער—יאָפע, דאָלגאָפּאָלסקי. מיר וועלן איצטער א קוק טאָן, וואָס טוט זיך אין דער היגזיכט אינעם אזויגערופענעם מיטלויפערישן סעקטער פון דער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור און דערנאָך וועלן מיר מאכן אייניקע אלגע־מיינע פארגלײַכנדיקע אויספירן.

(סאָף קומט).

י. דאָברושינ

# אינ בויונג־בוי

(וועגנ כאריקס „קײַלעכדיקע וואָכנ“)

1

דער דיכטער איזי כאריק האָט א נײַ וואָרט אינ ייִדיש דערפונדנ, א גוט וואָרט, א בילדעריש־סאָוועטיש — אינ „בויונג־בוי“. באדײַטנ באדײַט עס: אונדזער לאנד אינגאנצנ גענומענ, וואָס בויט פארשיידענע סאָצ. בויונגענ, שטעלט מיט זיכ פאָר איינ גרויסע פאראייניקטע בויונג; קאָנ מענ עס, אייגנטלעכ, אפנ אויפנ פונ דנעפרבוי, צו מאגניטאָבוי, אָנרופנ מיט איינ פארסאכאקלטנ אלגעמיינעמ אונ פאראלגעמיינערטנ נאָמענ — בויונג־בוי.

איז אָט דער פאראלגעמיינערטער טעמע פונ בויונג־בוי, האָט איזי כאריק געווידמעט אייגנטלעכ, זײַנ לעצטע ווערק, זײַנ אָרדנטלעכע פאָעמאטישע גאָב דער ייִדישער פראָלעטארישער ליטעראטור, דעמ פאָעטישנ בוכ, וואָס ער האָט א נאָמענ געגעבנ: „קײַלעכדיקע וואָכנ“. אונ האגאמ האנדלט זיכ דאָ אינ בוכ וועגנ א קאָנקרעט אָרט, וועגנ דער עלעקטרע־סטאנציע „סטאלינסטאנ“, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרנ אפ די ווײַסרוסישע טאָרפ־בלאָטעס אונ וואָס זיי, אָט די טאָרפ־בלאָטעס, האָט כאריק אינ דער פאָעמע מײַסטעריש געשילדערט — דאָכ איז אָט דער „סטאָלינסטאנ“ פונ ל ע כ א ט כ י ל ע אָנ פארטראכט, ווי א באדינגלעכ אָרט, ווי א י י נ ע ר פונ די פארשיידענע בויונגענ, ניט אינדיווידואליזירט נאָר טיפיזירט, מיט פאראלגעמיינערטע, אפילע, כאראקטער־שטריכנ, מיט אלגעמיינעמ, מענטשנ־טיפאזש אונ אלגעמיינע האנדלונג, קאָנפליקט אונ לייזונג...

אונ גראָד דאָ אפ דער ליניע פונ גרויס־ברייטער אונ קאָמפליצירטער פאראלגעמיינערונג ליגט דער נײַער אויסגעפונענער אויפנ פונ שאפנ, דאָ געפינט זיכ דער קרעפטיקער געוויכט פונ כאריקס אייגנארטיקנ אָנגעווענדטנ איצט מעטאָד — די נײַע שילדערישע אונ דערהויפט ארכיטעקטאָנישע מיטלענ, וואָס זײַנענ אינ איינקלאנג מיטנ אינהאלט פונ דעמ ווערק, מיטנ אידייִשנ פארטראכט — געבנ א סאכאקלדיק־פאראלגעמיינערט בילד, א סינטעטישע אָפשפיגלונג פונ אונדזער בויונג אינגאנצנ גענומענ, אנ אָפשפיגלונג טאקע פונ דעמ, וואָס כאריק האָט אזוי געראָטנ, ווי געזאָגט, אָנגערופנ „בויונג־בוי“.

עס ווארפט זיכ אינ די אויגנ — אינ די „קײַלעכדיקע וואָכנ“ זײַנענ פאראנ צוויי באזונדערע אויסגעטיילטע טעמאטישע ליניעס, וואָס אינ פלוג, אפילע, קאָנ זיכ דאכטנ, אז זייער באהעפטונג דאָ אינ בוכ איז אנ אויסערלעכע, א מעכאנישע, ניט קיינ אָרגאנישע. די צוויי טעמעס זײַנענ — דעמ ערשטנ טייל, וואָס כאריק האָט אָנגערופנ „מאָכנ“ אונ וואָס רופט זיכ איבער מיטנ שפעטערדיקנ טייל „כי־כי“. דאָס איז, אייגנטלעכ, די אנטירעלי־

ג׳יעזע טעמע, וואָס איז פאַרבונדן מיט דער הויפּט־פיגור פון כעזקל גאָמבינער—דאָס אי׳ פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט—די טעמע פון „סטאַלינסטאַנ״, פון דער עלעק־טרע־בויונג אף די טאָרף־בלאָטעס אן און פאַר זיך. דאָס זיינען דאָך אין פלוג צוויי באַזונ־דערע, באַ כאַריקן, פּאַבוליסטיש אָפּגעשיידטע האַנדלונג־ליניעס, וואָס ווערן באַהעפט באַם דיכטער דורך ריין זייטיקע אומזיכטבאַרע פעדעם — דורך מיקאָלעס פאָטער, וואָס דער גראַף האָט אַמאָל פאַרפייניקט און דורך דעם גאָמבינערס איידעם, וואָס וועבט זיך אַריין אין דער בויונג־טעמע. שפּעטער אין דער שעדיקער־כאַווריע,—ביידע פּאַבוליסטישע זייטיקע עלעמענטן, וואָס שטרייכן, אדעראַבע, נאָך מער אונטער אַ מין בעקיוונדיקע צופע־ליקייט אין דער באַהעפטונג פון די צוויי באַזונדערע טעמאַטישע ליניעס.

אָבער אָט דאָס איז דאָך די מייסע, וואָס כאַריק האָט זיינע „קיילעכדיקע וואָכנ״ ניט אופגעשטעלט אף דער פּאַבוליסטישער אַרכיטעקטאָניק, ער האָט עס אויפגעשטעלט אף דער אַרכיטעקטאָניק, אַזוי צו זאָגן, פון דער בויונג־אידיי. אין צענטער פון כאַריקס ווערק שטייט די קלאַסנ־אידיי פון גרויסן סאָציאַליסטישן בויונג־בוי, אין אָט דער בויונג, אין קרייז פון איר עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער אופווירקונג, קומען אַריין און פאַרפלעכטן זיך פאַרשיידענע פאַרשוינען, פאַרשיידענע געשטאַלטן און טווּנגען, פּאָזי־טיווע און נעגאַטיווע, דווירעסדיקע אפילע געשטאַלטן און דווירעסדיקע טווּנגען, וואָס ווערן אופגערודערט, וואָס ווערן איצט געבראַכט אין באַוועגונג דורך דער בויונג.

און די ווייטע, קוים, דאַכט זיך, שייכעסדיקע האַנדלונג־עלעמענטן זיינען, אדעראַבע, נאָך מער באַוויזן פאַר דעם אומפאַנג, פאַר דעם גרויסן אַרומנעם פון דעם בויונג־קרייז, וואָס טרייסלט אופ גרינטלעך אַ וועלט פון פאַרשיידענע פּלאַסטן און שיכטן און פאַרבינדט אָרגאַניש, ווי כאַריק האָט עס דערפינדעריש פאַרפלאָכטן אין צוויי באַדערזייטיקע לידער—סטאַלינסטאַנ מיט באַקו און סטאַלינסטאַנ מיט די פאַרפייניקטע אף די עלעקטרישע שטולנ אין די קאַפּיטאַליסטישע טפּיסעס.

איז דאָך קלאָר, אַז אין אָט דעם אופווירקונגג־קרייז פאַרפלעכטן זיך, אויך, און דערי־קער, די צוויי פאַרשיידענע, קלוימערשט, טעמאַטישע שילדערונג־ליניעס פון בוך, די אַנטירעליגיעזע און די סטאַלינסטאַנ־ליניע, זיי ביידע באַגעגענען זיך דאָ און קומען אין אַ טיפן צוזאַמענשטויס, וואָס באַקומט זיך נאָך שטאַרקער און אויסדריקלעכער טאַקע דער־פאַר, וואָס זיי האָבן, אין פלוג, אַ קנאַפּע שילדערישע שייכעס איינער צום צווייטן און גייען מיט צוויי באַזונדערע פּאַבוליסטישע וועגן.

אין זיין באַוווסטן אַרטיקל „וועגן דער באַציונג פון דער אַרבעטער־פּאַרטיי צו דער רעליגיע״, האָט לענין געשריבן:

„דעם קאַמף מיט רעליגיע קאָן מען ניט פירן אַבסטראַקט־אידעאָלאָגיש, דאָ איז ווינציק פּראָפּאַגאַנדירן, דעמראָזיקן קאַמף דאַרף מען פאַרבינדן מיט דער קאָנקרע־טער פּראַקטיק פון קלאַסנבאַוועגונג, וואָס איז געווענדט אף צו באַזייטיקן די סאָציאַלע וואָרצלען פון דער רעליגיע״. און נאָך: „יעדער מאַרקסיסט דאַרף זיין אַ מאַטעריאַליסט, דאָס הייסט אַ פיינט פון דער רעליגיע. אָבער אַ דיאַלעקטישער מאַרקסיסט, דאָס הייסט, די זאַך פון קעמפן מיט רעליגיע דאַרף ער שטעלן ניט אַבסטראַקט, ניט אַפן באָדן פון אַבסטראַגירטער, ריין־טעאָרעטישער, אין טאָך, איינער און דער זעלבער פריידיקריי, נאָר קאָנקרעט, אַפן באָדן פון קלאַסן־קאַמף, וואָס איז פאַרבונדן מיט דערווירקלעכקייט און דערציט די מאַסן מער פון אַלץ און בעסער פון אַלץ״.

אונ אינ זײַנ בארימטנ בריוו דעמ אכטנ צוזאממענפאָר פונ די עלעקטראָטעכניקער, האָט לענינ דערקלערט:

„די גרויסע מאשינ־אינדוסטריע אונ איר אָנווענדונג אינ דער ערד־באארבעטונג שטעלט מיט זיכ פאָר די איינציקע עקאָנאָמישע באזע, די באזע פונ סאָציאליזמ, די איינציקע באזע פארנ דערפאָלגרײַכנ קאמפ פאר באפרײַענ די מענטשהײַט פונעמ יאָכ פונעמ קאפיטאל".

איז אָט, לויט די צוויי לענינישע ארויסזאָגונגענ, ווערנ בא כאריקנ פארגרונטעוועט די דיאלעקטישע פעדימ, וואָס ציִענ זיכ בא אימ פונ קאמפ מיט רעליגיע צו עלעקטרעפיקאציע. זיי ביידע—ריִנגענ פונ איינער אונ דערזעלבער קייט, וואָס באוועגט דעמ סאָציאליסטישנ אופבוי, זיי ביידע—איינער אפנ אידעאָלאָגישנ געביט אונ דער צווייטער אפנ ווירטשאפטלעכנ—אופרײַסער פונ קאפיטאליסטישנ לעבנ־אָרדענונג, בעשאס זיי ווערנ לעניניש אָנגעווענדעט, בעשאס זיי גייענ אפ דער ליניע פונ קלאסנקאמפ.

כאריק האָט זײַנע ביידע הויפּט־טעמעס לעניניש אײַנגעפאסט אינ דער סיסטעמ פונ אונדזער סאָציאליסטישנ אופבוי—כאריקס פּאָעמע איז דאָכ א פּאָעמע פונ רעקאָנסטרוקציע־פעריאָד—אונ אנטפּלעקנדיק לעניניש די סאָציאלע וואָרצלענ פונ דער רעליגיע, האָט ער געפונענ די אָרגאנישע באהעפטונג פונ דעמ אנטירעליגיִעזנ קאמפ מיט דער אונדזעריקער עלעקטרעפיקאציע, ווי אויכ די באהעפטיקונג פונ דער עלעקטרעפיקאציע מיט די קאָלעקטיוויסטישע איבערבוי־פּראָצעסנ אינ דאָרפ אונ מיטנ קאמפ קעגנ באלעגופנטומ — זיי אלע פארווירקלעכטע אפ די טאָרפ־בלאָטעס באמ סטאלינסטאנ. אונ ניט אזוי באמ געגעבענעמ סטאלינסטאנ, ווי, אייגנטלעכ, בא דעמ פאראלגעמיינערטנ סטאלינסטאנ. וואָרעמ, אויב פאר אָט דעמ געגעבענעמ סטאלינסטאנ זײַנענ די אלע באהעפטע עלעמענטנ שילדערישע, קאָנ זײַנ, צופעליקײַטנ, זײַנענ זיי שוינ אָבער קלאר ניט קיינ צופעליקײַטנ פארנ אלפארבאנדישנ „סטאלינסטאנ", פארנ „בויונג־בוי", פאר דער גרויסער אלפארבאנדישער סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע, וואָס אפ איר אונ ניט אפ עפּעס אנדערש, האָט כאריק, מיט זייער אינטערעסאנטנ אייגנארט געבויט, דאָס וואָס מע רופט די דורכוויסיקע האנדלונג פונ זײַנ פּאָעמע, אונ ארומ איר האָט ער פאנאנדערגעוויקלט א אידייִשוונ בילדעריש־רײַכע פּראָגראמ פונ קלאסנ־שלאכטנ אונ קלאסנ־לײַדנשאפטנ...

## 2

צווישנ כאריקס געשטאלטנ־גאלעריי, וואָס ער האָט געשילדערט אינ „קײַלעכדיקע וואָכנ", זײַנענ פאראנענ צוויי, וואָס זײַנענ זייער כאראקטעריסטיש פאר דעמ פאראלגעמיינערונג־מעטאָד, וואָס כאריק האָט אָנגעווענדט אינ זײַנ נײַעמ בוכ.

פונ איינ זײַט — כעזקל גאָמבינער אונ פונ דער צווייטער זײַט — פיניע, צוויי הויפּט־פארשוינענ פונ זײַנ ווערק, האָט כאריק אופגעשטעלט ווי צוויי פארטיקע כאראקטער־קאָמפּלעקסנ, צוויי פארטיקע מענטשלעכע, קאָנ מענ זאָגנ, קאטעגאָריעס, וואָס זײַנענ געקומענ אהער אינ דער פּאָעמע ווי גרייטער טיפּאזש נאָכ פאר דער פּאָעמע באשריבענע אונ אופגעשטעלטע.

כעזקל גאָמבינער—דאָס איז דער באוווסטער טיפּ פונ שאָלעמ אשס „שטעטל", דער קלאסיש־געוואָרענער, אידיליש־ראָמאנטיזירטער, ראבאָניש־גווירישער פאָרשטייער, וואָס

שאָלעמ אש האָט געלאָזט שפּאַצירנ אינ דער ייִדישער בורזשואַזער ליטעראַטור און וואָס כאַריק האָט אימ איצט דאָ אינ דער פּאָעמע דעמאַסקירט. באַוויזנ זיינ העסלעכ־עקספּלואַ־טאַטערישנ פּאַרצעפ, פאַרבאַהאַלטנ אונטערנ שלייער פונ פרומאַקישנ „אַלע ייִדנ זיינענ מיר“. דאָס איז פונ אײנ זײַט. און פונ דער צווייטער—פּיניע, דער רעוואָליוציאָנערער יאַט, וואָס איז אופגעקומענ בא כאַריקנ גופע אינ זיינע „מינסקער בלאָטעס“, און וואָס איצט האָט ער אימ אַרײַנגעפירט אַהער אויכ ווי א פאַראַלגעמיינערטנ שוינ געשטאַלט, וואָס זעצט פאָר דאָ, אינ דער פּאָעמע, זיינ וווּקס אַלס פּאַרטייער און ענטוזיאַסט פונ דער בויונג.

כעזקל גאָמבינער פונ אשס שטעטל און פּיניע פונ כאַריקס „מינסקער בלאָטעס“, ביידע פאַרפלאָכטנ אינ דער האַנדלונג אַרומ סטאַלינסטאַנ—וואָס באַדײַט עס, אויב ניט א מעטאָ־דיש־קינסטלערישער גאַנג מיצאַד דעמ דיכטער אָפּ צו באַוויזנ, אַז דאָ גייט ניט קיינ רייד וועגנ א אינדיווידואַליזירטנ, דאַפקע מיט אָט דעמ אָרט און האַנדלונג, פאַרבונדענעמ טיפּאַזש? דאָ גייט ניט, הייסט עס, קיינ רייד וועגנ ד ע מ כעזקל גאָמבינער, נאָר וועגנ א כעזקל גאָמבינער, ניט וועגנ ד ע מ פּיניענ גייט דאָ א רייד, נאָר וועגנ א פּיניענ, אָט ווי עס גייט דאָ ניט קיינ רייד וועגנ ד ע מ סטאַלינסטאַנ, נאָר וועגנ א סטאַלינסטאַנ...

און דעריבער איז אויכ שטאַרק אינטערעסאַנט און קינסטלעריש באַרעכטיקט, וועג כאַריק פירט אַרײַנ אינ די „קײַלעכדיקע וואָכנ“ זיכ אַליינ, מיט זײַנ אייגענעמ לירישנ פאַר־טראַכטנ זיכ וועגנ דעמ באַשריבענעמ סטאַלינסטאַנ:

„... קינעלקעס ברענענ אינ גרויעג ווײַסרוסלאַנד,
ליכטלעכ—פאַרכאָלעמט און דינ.
מײַנ טאַטע, דער וואָכעדיק־מונטערער שוסטער
אַרבעט באַמ קנאַקנ פונ קינ.

און נאָכ:

אינ שטעטל אינ יענעמ, פונ יענער פּאָעמע,
וואָס איכ האָב פאַרענדיקט ניט לאַנג,
האָט זי געקענט נאָר דורכ נעפּלענ באַנעמענ
דעמ ווײַסנ עלעקטרישנ צאַנק...

זי האָט נאָר אינ כאָלעמ געזעענ די טאָרפנ,
פונ יאָנטעוו אַזא ניט געוווּסט.
און כ'האָב זיכ צומ אָפענעמ פענצטער געוואָרפנ:
— איכ שיק דיר פונדאַנענ א גרוס!

(„קײַלעכדיקע וואָכנ“, ז. 116).

דורכ אַזא אָריגינעלנ גרוס רופט זיכ איבער דער דיכטער מיט זיכ אַליינ, מיט זײַנ טאַטנ, וואָס איז שוינ באַוווּסט פונ זײַנע פריערדיקע לידער, און מיט דער לערערקע פונ „מיט לײַב און לעבנ“—א שיינער קינסטלערישער מיטל, וואָס פּאַסט זיכ געראָטנ אַרײַנ אינ אייגנאַרטיקנ אינהאַלט און פאָרמ פונ כאַריקס נײַער פּאָעמע, ווו אייגענע און פרעמדע בוכ־געשטאַלטנ ווערנ פאַרמאָלדנ אָפּ א נײַעמ אויפנ, פאַרשיידענע ק ו ל ט ו ר־ג ע מ י ט ע ר פלעכט זיכ איבער און בילדנ דאָס, וואָס מע רופט—דעמ סטיליסטישנ עצעמ מעהוס פונעמ ווערק.

זיכער איז, אז כאריק האָט דאָ אויסגעפורעמט פאר זיך דעם אָריגינעלן שעפערישן וועג—אפ צו באווײַזן ניט דעם פראט, נאָר דעם קלאל פון דעם „סטאלינסטאן", ער האָט אפּ א בעפּיירעשן נײַעם אויפן אופגעשטעלט א מין קאָמפּלעקס־בילד פון אונדזער בויונג, פארכאפנדיק ברייטסטע פארשיידנארטיקע, קימאט זעלבסטשטענדיקע קאָנצענטרען, וואָס רינגלען און קרײַזלען זיך דאָך לעבן און ארום איין צענטראלער אידיי—די אידיי פון דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

קײַלעכדיקע מונטער־טעג, ווי בריגאדירן גייען,
אין בויונג־בוי, אין יאָנטעוו־בוי—א ליכטיקער קאָנווייער.
(זײַט 9).

אין דערדאָזיקער ליד, וואָס גייט ווי אן עפּיגראפ צום ערשטן טייל „מאָכן", האָט כאריק שוין געשטעלט דעם טראָפּ אפ דער בייונג־בוי און אפ דעם קאָנווייער פון טעג, דאָס הייסט אפ די „קײַלעכדיקע וואָכן", וואָרעם פארטרויענדיק דעמדאָזיקן נאָמען דעם גאנצן בוך, האָט כאריק דאָ גלײַך אין אָנהויב פון בוך באהעפט אָט דעם נאָמען מיטן איקערדיקן אינהאלט פונעם בוך—מיטן בויונג־בוי.

די „קײַלעכדיקע וואָכן" זײַנען דאָך, אייגנטלעך, בא כאריקן דער סאָציאַל־שטייגערישער אויסדרוק פון דער בויונג. אין די ווערטער „קײַלעכדיקע וואָכן" האָט כאריק געדענקט בילדעריש אויסדריקן דעם פּסיכאָ־אידייִשן, אזוי צו זאָגן, עקוויוואלענט פון דעם סטאַלינסטאן און פון די סטאלינסטאנען. „קײַלעכדיקע וואָכן"—באדײַט פאטאָס פון מי, נײַער אויפן פון ארבעט, דאָס אלץ, וואָס די סאָצבויונג ברענגט מיט. און „קײַלעכדיקע וואָכן" באדײַט אויך קאמף מיטן בורזשואזן שאבעסדיקן לעבן־אָרדענונג. שאבעסדיקײַט און וואָכעדיקײַט האָט כאריק קעגנגעשטעלט, ווי צוויי וועלט־אָנשוילעכע קאטעגאָריעס: שאבעסדיקײַט—די גאָרע אייגנטימערישע וואָר מיט איר טאָג־טעגלעכער עקספּלואטאציע און היפּאָקריטישן אָפּרו, און וואָכעדיקײַט—געזונטע, מיפולע, באפרײַטע „שטענדיקײַט פון יאָנטעוו", ווי כאריק האָט עס אָנגערופן, דערפאר, ווײַל די סאָציאַליסטישע ארבעט־וואָך איז פול מיט באגײַסטערונג, זי ברענגט מיט דעם סאָצנעוועט און שלאָגלערײַ — נײַע אויפאנים פון יאָנטעוודיקע ארבעט־פּראָצעסן בעשאס ארבעט איז א זאך פון ערע, א זאך פון רום...

מיר וועלן באלד ארויסגיין דאָ אין מיטן פון א מאָנטיק
פרייען זיך מיט אלעמען אין שטענדיקײַט פון יאָנטעוו.
מיר וועלן זיך ארומקוקן—קיין שאבעס און קיין זונטיק,
אלע טעג פולבלוטיקע און האָפערדיק געזונטע.
עס וועלן טעג פארמאָגן דאָ אפ שענסטער פון פלאנעטן —
מעכטיקײַט פון מוסקולן און הערצער פון פּאָעטן.
(זײַט 9).

דאָס איז אלץ פון דער ארײַנפיר־ליד צו די „מאָכן", וואָס דארף אונטערשטרײַכן, אז דער קאמף קעגן די מאָכן, קאמף פאר א לעבן אָן שאבעס און אָן זונטיק, באדײַט קאמף פאר די אלע יענע נײַע סאָציאַליסטישע ארבעט־פאָרמען, וואָס כאריק האָט באוויזן, שילדערנדיק די בויונג פונעם „סטאלינסטאן", באווײַזנדיק דאָרטן נאָכאמאָל דעם קאמף מיט די דאָרטיקע מאָכן—דעם באלעגופ און שעדיקער.

נײַע סאָציאַליסטישע פּראָדוציר־און פארטיילונג־פּראָצעסן נייטיקן זיך אין נײַע אויפאַניבי פון ארבעט, נײַע אויפאנים פון ארבעט באשאפן נײַע לעבן־פאָרמען, נײַע לעבן־

פאָרמען וואָרצלען אויס אין גרונט די עקספּלואַטאַטאָרישע שטייגער־וועלט, אָט די גאָרע קאָמפּליצירטע סיסטעם פון אייגנטימעריש־רויבערישע הייליקייטן, פאַר וועלכע עס קעמפן צוזאַמען דער ראָוו, דער גאַלעכ, דער סויכער און באַלעגופ, וואָס זיי אַלעמען האָט כאַריק דעריבער דאָ באַוויזן אין שוידערלעכ־פאַנטאַסטישן צוזאַמענפלעכט, אין צעדולט־מעשוגע־נעם טויטן-טאַנץ...

> ווײ צום שאַבעס שוין און ווײ צום זונטיק,
> אַלע הייל־קײטן גייען אונטער.
> ווען אַלע טעג פון גאָט שוין ווערן גלײַכע
> וועט מען אַרומפּויזען איצט אַפּ די בײַבער...
>
> (זײַט 99).

דעמדאָזיקן יאָמערן אַפּ די אויסגעגלײַכטע טעג פון דער גאָטספּאָרכטיקער עקספּלואַטאַטאָרישער כאַליאַסטרע איז קעגנגעשטעלט בא כאַריקן דער קאָנווייערישער באַדײַט פון די „קײַלעכדיקע וואָכן“ אַפּ דער פרײַער סאָציאַליסטישער בויונג:

> שאַבעס, זונטיק, מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָכ, דאָנערשטיק און פרײַטיק:
> יעדער טאָג א סקיבע אַרבעט און א קלאָרער פליאַזש פאַר רו.
> פון די קריטיקסטע קאַריערן זעען מיר שוין ווי עס צײַטיקט,
> אונדזער וואָכ און אונדזער יאָנטעוו אין א קײַלעכדיקן רונג.
>
> (זייט 81).

און נאָכ מער אויסגעטײַטשט:

> גייט דעם אָוונט־ברויט איצט עסן א פאַרמאַטערטע בריגאַדע,
> און די צווייטע האָט דעם פרישטיק אָפּגעגעסן דאָ ניט לאַנג.
> ס׳איז פאַרנאַכט איצט? יאָ, אַוואַדע.
> ס׳איז פאַרטאָג איצט? יאָ, אַוואַדע.
> ניט פאַרטאָג און ניט פאַרנאַכט איצט.
> איין קאָנווייער גייט אין גאַנג.
>
> (זײַט 80).

די קעגנגעשטעלטע טעג פון וואָכ באַקומען דאָ בא כאַריקן א נײַעם פּסיכאָ־אידייִשן אינהאַלט: די בורזשואַזע וועלט, וואָס קלאָגט אַפּ דער איריקער כאָרעוו געוואָרענער וואָכ, מאַכט דאָכ דערבײַ דעם געהעריקן אייגנטימערישן אויספיר:

> מײַן פאָלק דאַרפּ פאַרבלײַבן—איין שנײַדער איין שוסטער.
> דײַן פאָלק דאַרפּ פאַרבלײַבן—א פאָלק כליעבאָראָבן.
>
> (זײַט 96).

און דעם באַדײַט פון די סאָציאַליסטישע „קײַלעכדיקע וואָכן“ דערפירט כאַריקן ביזן אייגענעם אויסגעשריי פון האַרצן:

> פראַצע, דו אַרבעט, דו, פרייד—האָרעוואַניע!
>
> (זײַט 115).

ס׳איז קלאָר, אַז כאַריק האָט אָנגעשטרענגט געזוכט דעם נײַעם מעהוס פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעט. די פראַגע פון אַרבעט און רו, וואָס שפּיגלט אָפּ די פראַגע פון לעבנ־שטייגער, האָט כאַריק טאַקע זייער אינטערעסאַנט אוועקגעשטעלט אין די „קײַלעכדיקע

וואָכן״, אתעקגעשטעלט אין לענינישן קאָנטעקסט פון קלאסן־אופאסונג און קלאסן־שלאכטן, אוועקגעשטעלט און דערפירט דעריבער צו דער פראגע פון צוויי קלאסן־קולטורן: הינטער איין קולטור—דווירעסדיקע כעזקל גאָמבינערס, פריצים, באלעגופים, גאלאָכים און ראבאָנים, און בא דער צווייטער קולטור—נייַע מיקאָלעס און פיניעס און אויך אליין דער דיכטער מיט זייַנע געדאנקען און ארויסזאָגונגען.

און דידאָזיקע אלע נייַע געשטאלטן זייַנען אויך פאראלגעמיינערטע געשטאלטן־אידייען, פונקט ווי די אלטע, ווייַל, ווי געזאָגט, ביכדיי צו פארשארפן דעם באווייַז פון די צוויי קעמפנדיקע וועלט־אָנשויונגען, האָט כאריק בעקיוון אָנגעווענדעט דעם מיטל פון פאראלגעמיינערטן טיפּאזש, וואָס אנטפלעקט זיך ניט ווי אינדיווידואליזירטער כאראקטער, נאָר ווי פונקציאָנעלע פאָרשטייער פון א באוווסטן לעבן־אָרדענונג מיט די אלגעמיינע אקומולירטע און סכומירטע אין זיי קלאסן־ענערגיע און קלאסן־שטרעבונגען, דערפירנדיק אָט דעם מיטל ביז צו א קינסטלערישער סיסטעם, וואָס איז דאָ בעפיירעש בארעכטיקט בעשאס דאָס גאנצע ווערק איז געבויט אף דער פאראלגעמיינערטער קאָמפּלעקס־אידיי פון בויונג־בוי און אף דער פאראלגעמיינערטער האנדלונג, וואָס קאָן פאָרקומען, אייגנטלעך, אף אלע בויונגען...

## 3

כאריק הויבט אָן זייַנע „קייַלעכדיקע וואָכן״ מיט דער שיינער, שוין פאָפּולער געוואָרענער ליד וועגן דעם אָווראל, דער שטורעם־ארבעט אף די באקווער נאפט־אויסארבעטונגען, א ליד, וואָס וואָלט פאבוליסטיש קיין שום שייַכעס ניט געהאט צו דער עצעם פאָעמע וועגן סטאלינסטאן, ווען ניט דער פאראלגעמיינערונג־כאראקטער, די אזוי אָנגערופענע קאָמפלעקס־סיסטעם פון כאריקס ווערק. איצט אָבער קלינגט דאָס ליד, ווי א פאנפארנמאזשאָר, ברויכנדיק די מוזיק־שפראך,—א פייַערלעכער ארייַנפאָר אין דעם בויונג־בוי, א ספּעציעלער מיטל, וואָס פארבינדט גלייַך די ווייַטערדיקע לאָקאלע האנדלונג מיט דער אלפארבאנדישער בויונג און שטעלט איין גלייַך דעם באזונדערן און אייגנארטיקן פאראלגעמיינערונג־גייַסט פון דער סטאלינסטאנער פאָעמע:

פידל־פייַן, פידל־פייַן—
מיר וועלן אלע בויער זייַן.
(זייַט 66).

די צוויי, אין פלוג ניט פארבונדענע שורעס, ווי ביכלאל אָט דער זייַטיקער, דאכט זיך, פידל־מאָטיוו צום סאָף פון דער פייַערלעך־דערהויבענער אווראל־ליד דינט דאָך כאריקן אף ארויסצוזאָגן מיט אינטים־לירישן בילד איינע פון זייַנע הויפט־געדאנקען פון דער פאָעמע: פייַן און פייַן— פריידיקע דערגרייכונגען אין רעזולטאט פון אָנגעשטרענגטער פייַנלעכער מי—ארויסברענגען דאָס לעצטע, פונקט ווי דאָס ערשטע, איז איינע פון די הויפט־צילן פון כאריקס „קייַלעכדיקע וואָכן״. און דערצו איז דאָסדאָזיקע פארבונדן בא כאריקן מיט דער אויבנדערמאָנטער פראגע פון ארבעט און רו — א אינטערעסאנטער איבערפלעכט פון פארשיידענע באריטע געדאנקלעכע מאָטיוון ווידעראמאָל אין העסקעם מיט דער כאריקס אויסגעפונענער שאפונג־פאָרם פונעם בוך, די קאָמפלעקס־פאָרם, וואָס גיט א מעגלעכקייַט פארפלעכטן אלערליי טעמאטישע מאָטיוון ארום איינער א צענטראלער טעמאטישער ליניע.

און נאָך: אין די „קייַלעכדיקע וואָכן״ האָט כאריק באוויזן א באוווסטע נייגונג צו דער ראָמאנטישער פאָרם, די פאָרם, וואָס איז מער צוגעפאסט פאר עמאָציאָנעלע פאראלגעמיי־

נ̇רונגענ, פאר ברייטנ פילפלאנישנ לײַוונט, פאר לאָקאליזירטער און דאָכ דערהויבנ־באדינגלעכער און פארביק־מאָלערישער שילדערונג פונ אָרט, טיפּ און האנדלונג.

פונ אוראלפ ביז אוראלט—אנ אייביקער מאָכ
עסט זיכ ארײַנ אינ די הימלענ,
דאָס לעבנ—איינ לאנגע פארומערטע וואָכ:
שווײַגעניש. שטומעניש. שימל.

און ווײַטער:

דאָ כאָלעמט זיכ יעדנ דער רייעכ פונ בלוט,
די נעזלעכער שמעקנ אינ גלוסטונג,
די גאנצענע ערד ליגט פארהריאזניעט אינ ברוד
און אָטעמט מיט לײדיקער פוסטקע...
(זײַט 10).

איז אָט דידאָזיקע קרעפטיקע געמעלנ פונ אוראלט, די רעטראָספּעקטיווע, קאָנ מענ זאָגנ, ראָמאנטישע פייזאזש־שילדערונגנ אינ אָנהויב פונ דער פּאָעמע געהערט אויכ צו אָט יענע רעוואָליוציאָנער־ראָמאנטישע פאראלגעמיינערונג־מיטלענ, וואָס עס ברויכט כאריק א צו ארויספירנ די לאָקאליזירטע האנדלונג פונ איר עמפּיריש־אָרטיקער אומגעבונג, אינ גרונט ווערט דאָ דערמיט אונטערגעשטרײַכט דער געדאנק, אז אונדזער סאָציאליסטישער בויונג קומט אויס צו ליקווידירנ ניט נאָר די קאפּיטאליסטישעווירטשאפט־סיסטעמ, נאָר אויכ די פארבליבענע פעאָדאלע רעשטלעכ, וואָס מיט זיי האָט זיכ געברידערט די קאפּיטאליסטישע און אימפּעריאליסטישע סיסטעמ אינ דער געוועזענער צארישער רוסלאנד...

אפּ אָט דער ליניע גייט דאָכ אויכ די באלדיקע דיסקוסיע פונ דעמ ראָוו און גאלעכ, וואָס קלינגט אָפּ בא כאריקנ מיט די מיטלאלטערלעכע רעליגיעזע וויקוכימ, די דיסקוסיע, ווו כאריק האָט געברויכט אפילע די העברייִשע דיאַלאָג־באצייכענונגענ פונ „האָראוו" און „האגאלעכ". אפּ אָט דער ליניע פירט אויכ כאריק די אויסגעצייכנטע פארביקע שילדערונג פונ כעזקל גאָמבינער—געשילדערט אינ טאָכ פאטריארכאל, נאָר מיט שארפער אינווע־ניקסטער איראָניע און גראָטעסק, וואָס רײַסט אונטער, דעמאסקירט דעמדאָזיקנ, קלוי־מערשט, אידילישנ שטייגער, אנטפּלעקנדיק די סאָציאל־שאָוויניסטישע און אייגנטימעריש־רויבערישע וואָרצלענ פונ דעמדאָזיקנ אידעאליזירטנ טיפּ, וואָס איז בא כאריקנ דערפירט צו עכטער פאראָדיע.

עמעס, פאראָדיע, קאָנ מענ זאָגנ, איז ווייניק. פאר א פּאָעמע, וואָס שטעלט אינ טאָג־אָרדענונג דעמ לעצטנ שטרײַט פונ צוויי וועלטנ, פאָדערט זיכ אופשטעלנ אינ פולנ וווּקס די געשטאלט פונ דעמ איצטערדיקנ אויסגעבאהאלטענעמ בורזשואזנ און קליינבירגערלעכנ סוינע, וואָס שפּינט זײַנ האס צו דער פּראָלעטארישער בויונג אונטער פּזרש־ידענע צורעק־מאסקעס, זײַענדיק געשפּײַזט דורכ די אלערליי אויסלענדישע אימפּעריאליסטישע מיטהעלפער זײַנע...

אָבער ניט שטעלנדיק זיכ, ווי געזאָגט, קיינ ציל אופשטעלנ אינדיווידואליזירטע געשטאלטנ, האָט דאָכ כאריק לויט זײַנ סינטעטישער פאראלגעמיינערונג־ליניע אינ דעמ טייל, וואָס רופט זיכ בא אימ „כי־כי", קלאָר באוויזנ דעמ גאנצנ פּאָליטיש־עקאָנאָמישנ און גײַסטיקנ באדײַט, אופגעדעקט דעמ אידייענ־און געפילנ־קנופּ פונ די בורזשואזע און באלעגור־פישע שעדיקער, די אונטעווײַסער פונ דער סאָציאליסטישער בויונג. אפּ זײַנ קאָמפּלעקס־

אויפנ האָט ער דעמדאָזיקנ טייל ניט אומזיסט דריבער אָנגעהויבנ מיט דער מאָפּר-ליד פונ די קאפּיטאליסטישע טפּיסעס, אונ דערנאָכדעמ אינ איינ אָריגינעלנ פאנטאסטישנ קנויל פארפלאָכטנ דעמ גאָמבינערס איידעמ אונ דעמ פוילישנ אינטערווענציאָניסט, פארבונדנ דעמ פראק, די שטריימל אונ דעמ אָפיצערישנ שינעל, פארייניקט אלעוליי געטער אונ הייליקע, זיי אלע, די פאָרשטייער פונ דער דוירעסדיקער אייגנטימערישער קולטור, אָנ-הויבנדיק פונ די סאנהעדרנ אונ ענדיקנדיק מיט די טשארלסטאָנ-לייט—זיי אלע פארפלאָכטנ אינ זייער אינײנעמדיקער בלוטיקער פיינטשאפט צו דעמ סאָציאליסטישנ אופבוי, וואָס פארלענדט די לעצטע רעשטלעכ פונ זייער האָפנ אונ אויכ די לעצטע רעשטלעכ פונ מיטל-אלטער, ווייל צו אָט דעמ מיטלאלטער, צו די אויסגעפרוּווטע מיטלעלטערלעכע אָנשויונגענ אונ מיטלענ קערט זיכ דאָכ אומ די קאפּיטאליסטיש-אימפעריאליסטישע סיסטעמ אינ איר פארביטערטנ קאמפ קעגנ די זיגרייכע פראָלעטארישע באפרייונג-קרעפטנ.

אלצ מוז פארבלייבנ אזוי ווי געווענ דאָ
אונ ס׳טאָר אונדזער לעבנ ניט ווערנ געמינערט.
מע טאָר ניט, אז נייע געבויטע פאבריקנ
זאָלנ דערשטיקנ די אלטע לעגענדעס.
(זייט 96).

אונ צוזאמענ מיט אָט דער אויסגעשפּראָכענער פלאטפאָרמ פונ דעמ גוויר קלאָגט דער קריסטלעכער באלעגופ:

איצט שטארבט דער זאטער באלעבאָס
אפ די פעטע עירנ פונ ראסיי
אונ ס׳וואלגערט זיכ אפ טויטנ שטרוי
דער הייליקער יעסוס-כריסטאָס.
(זייט 98).

אונ זיי ביידנ פארדרייט כאריק אינ איינ טויטנ-טאנצ:

גאָט, גאָט, גאָט, גאָט,
פונ הערשער אונ פונ פאריער,
ס׳גייט פאר דיר איצט א פאָקסטראָט
דער רעבעגיר אונ מאריע.
(זייט 101).

אונ ווייטער:

פונ דער סטעליע ביז די ווענט
וויגנדיקע שווארצקייט,
סייפער-טוירעס אפ די הענט,
צלאָמימ אפנ הארצנ.
(זייט (103).

אינ זיינ ביז גאָר אָריגינעלנ רעליגיעזנ, ריכטיקער אנטירעליגיעזנ פאָקסטראָט, ווי אויכ אומעטומ, וווּ ס׳רעדט זיכ בא אימ פונ אָפּגעלעבטנ אלטווארג, האָט כאריק געברויכט סינקרעטישע בילדערישקייט, לויט דער סיסטעמ, קאָנ מענ זאָגנ, פונ די פאָרשטעלונגענ אינ מאָסקווער יידישנ מעלוכע-טעאטער. ווענ עס האנדלט זיכ וועגנ פארגאנגענעמ לעבנ-

שטייגער, וועגנ פאסירונגענ אונ מענטשנ, וואָס לעבנ מער ניט אינ אונדזער באוווסטזייַנ מיט זייערע אינדיווידואליזירטע אָפּגעגרענעצטע כאראקטער־שטריכנ, טעווע אונ אייגנשאפט, איז דאנ דאָ א באוווסטע מעגלעכקייַט, באהעפטנדיק זיי אלע אונטער איינ ספּעציפישנ סאָציאַלנ סימענ, צעמישנ אונ פארוועבנדנ זייערע אייגענע אינדיווידואליזירטע כאראקטער־שטריכנ, באקומענ זיכ דאנ עפעקטפולע בילדערישע פארגלייַכונג־צייכנס צווישנ מענטש מיט זייַנ לעבנ־ארומרינגלונג, וואָס דינענ באזונדער דעמ גראָטעסקירטנ אויפנ פונ שרייַבנ אונ פונ שוישפּילערישער אופירונג. אָט דעמ סינקרעטיש־בילדערישנ גראָטעסק האָט כאריק אינטערעסאנט אויסגענוצט סייַ בא דעמ אלגעמיינעמ צוזאמענמישנ פונ מענטשנ אונ פאסירונגענ פונ פארשיידענע קאטעגאָריעס, סייַ בענעגייע צו שטייגער־אטריבוטנ, וואָס רינגלענ ארומ דעמ פארגאנגענעמ מענטש אונ כייפעצ אונ ווערנ אינ אונדזעריקער בילדערישער פאָרשטעלונג שוינ בילדעריש אסאָציִירט אונ צוזאמענבאהעפט:

שטעטלעכ פארמאָגנ א טכוירענעמ ראָוו,
דערפלעכ — א פלאקסענעמ גאלעכ.
(זייַט 11)

אָדער:

שאבעס — א ווייַסער מיט פערעמלעכ בלויע,
זונטיק — א רויטער מיט בלויע קוטאסנ.
(זייַט 12).

דער פּרינציפּ פונ שטייגעריש־סינקרעטישנ בילד שפּילט זיכ פאנאנדער בא כאריקנ אינ זייַנע ברייטערע געמעלנ פונ פארגאנגענע לעבנ־פלאסטנ, דאָרט, ווו דאָסדאָזיקע בילד ווערט בעפּיירעש א שארפער מיטל פונ איראָניע אונ פארניכטונג:

גלעקער געלע־וואָניקע מיט אָפּגעהאקטע צונגענ,
ווי פריידנ שווער־פארבלוטיקטע, גאָר וואָס פונ דער שכיטע,
אונ ס׳ליגנ דאָ פארטוליעטע אינ שאבעסדיקנ ציטער
בעכערלעכ־כאזיירימלעכ נאָכ ווייַסינקע אונ יונגע.

פונ שליטנס טראָגט מיט ווייַרעכ־רויכ, מיט היימישקייַט פונ אריונ,
מיט אָפּגעניצטע לידעלע פונ ראָזשינקעס מיט מאנדלענ,
אונ ס׳דאכט עס ליגט אינ שליטנ דאָ מיט ליפּנ צוקערקאנדלענ
א וואָלענע קורצזיכטיקע סאָרעניר־באס־טויוויִמ.
(זייַט 106).

דאָסדאָזיקע ליד איז א אנטירעליגיִעזע מוסטער־ליד, פארקליידט, קלוימערשט, אינ עפּישער ריטמיק אונ דערפירט צו דער שענסטער פאָרמ פונ סאָציאַלנ גראָטעסק. צו די גראָטעסק־מיטלענ געהערט אויכ, מייִנסטנס דער אזוי גערופענער קלאנגענ־שריפט, וואָס כאריק האָט פונ דער פולער האנט צעשאָטנ איבער די „קייַלעכדיקע וואָכנ”. בא דעמ אָנגעווענדטנ סינקרעטישנ קרייַז פונ אסאָציִאציעס איז דער פארניכטעטער צעפאלענער אלטער שטייגער מעסוגל צו זייַנ אויסגעדריקט אונ דיסקרעדיטירט דורכ בלויזע אָנצוהערענישנ פונ איינצלנע וואָרט־באהעפטונגענ („טאנע־בארע־ראסטעבארע), דורכ קלאנגענ־נאָכמאכונגענ („מאָרגנ כאָגע, כאג־כאָג”), דורכ קלאנגענ־אליטעראציעס („אלע אלע אלע גלויבט אינ

גאָט און גלויבט אין גאָלעכ״, צי: „ווייען וואָיען—וויינען דאָ״), ווי אויך דורך שטיקער פאָלקלאָר און דורך אזוינע מינע, פון דער זייַט ארופשווימענדיקע אפן זיקאָרן, סלאַווישע און העברייִשע זאצן. אָט דעם אלערלייִקן אסאָרטימענט פון גראָטעסק־מיטלען, האָט כאריק דאָ קעסיידער געברויכט, גייענדיק גאַר־גאָר זעלטן אפ דער ליניע פון קלענסטן ווידער־שטאנד, אפ וועלכער אזא פרייַע שפּילעוודיקייַט קאָן אָפּט פארפירן...

אָבער אויסער דעם האָט זיך דאָך כאריק אין זייַן פּאָעמע צעשפּילט מיט פארשיידענע דיכטערישע זשאנרען, בעפּיירעש נייַע און דערפינדערישע, וואָס באַרייַכערן סייַ די פּאָע־טישע פאָרם, סייַ די טעאטראַלע דעקלאמאציע, וואָס פאר איר זייַנען פילע קאפּיטלען כאריקס ווי אָנגעבוירן:

א כוטער.
א פולוואַרק.
א פולוואַרק.
א כוטער.
דער וועג איז א וועג און דער גראפּ איז א גוטער.
יעכעוקל פארדרייט זיך נאָך טיפער אין פוטער:
א כוטער.
א כוטער.
א כוטער.
א כוטער.

דאָ איז פולשטענדיק און אָריגינעל איבערגעגעבן דער ריטם, אייַנדרוקן און פאָרשטע־לונג פון דעם, וואָס פאָרט, און אָט אזוי און נאָך:

וואָס איז דאָס? אן עס־קיכ.
שפּייַז? געשמאַק און זעטיק.
עסט דאָ ווער? טאָרפּיאַניקעס.
מען קאָן אַרייַנגייען? קומ!

כאריק האָט ליב אָט די פארשיידנארטיקע בילדעריש־דיאַלאָגישע אָנשוילעכקייַט, מאַמעש מיט די הענט אָנצוטאפּן דעם רעליעפן געמעל, פאר די אויגן שטייען בא אים שטענדיק דער דיאַלאָג־פארשוינ און די באשריבענע געשעעניש. און בעשאס ער איז אריבער צו דער עצעם טעמע פון זייַן בוך, צו דער בוידונג פון דעם סטאַלינסטאַנ, האָט ער מיט די אלע קינסטלערישע מיטלען באשאפן שענסטע זייַטלעך, וואָס שילדערן סייַ די בוידונג גופע, סייַ דעם לייַדנשאפטלעך־אָנגעשטרענגטן קאמף, סייַ דעם גרויסן זיג פון דער עלעקטרעפי־קאציע—דאָס אלץ, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם וועזנטלעכן טאָך און די טעמאטישע ליניע פון כאריקס „קייַלעכדיקע וואָכן״.

4

צווישן דעם טיפּאזש, וואָס פיגורירט בא כאריקן אפ דער בוידונג פון זייַן סטאַלינסטאַנ, צייכנט זיך אויס די מער קינסטלעריש־לעבעדיקע, אין גרעסערן וווּקס אופגעשטעלטע געשטאלט פון דעם באַלעגופ קאָרנייטשיק. סייַ די סאָציאַלע פונקציע זייַנע איז בא כאריקן בוילעטער געשילדערט, סייַ דער כאראקטער און, דעריקער, דער געשפּרעך, דאָס פאר־

10. „שטערן״ נומ. 10־11.

ברענגען זײַנס מיט די טאָרפּיאַניקעס, די מײַסטערישע, קאָנ מענ זאָגנ, צוואַקישע רעדע, פאַר וועלכער כאַריק האָט אינ קנאַפּע שורעס געפונענ סאָציאַלע פאַרשאַרפטקײַט און דיכ־טערישנ שײנעמ טאַקט:

גיטאָ וואָס, טאָרפּיאַניקעס, צופיל צו שרײַענ.
אז מיר זײַנענ—דערפאר און זיי זײַנענ—שטעט...
זיי האָבנ געברײַעט און זאָלנ זיי ברײַענ,
ווענ עס איז וועט די קאַשע זײַנ פעט...
(זײַט 64).

דעמ קאַפּיטל, וואָס כאַריק האָט אָנגערופנ מיטנ נאָמענ פונ אנ אײגענער דיכטערישער שורע: „עס האָבנ זיכ באַרויקט די לעפל אינ די הענט"—דער קאַפּיטל מיט אָט דער רעדע קאָרנײטשיקס איז זײער זאַפטיק אָנגעשריבנ, ער איז געבויט אינטערעסאַנט פונ שטאַנד־פּונקט פונ געבנ האַנדלונג דורכ דיאַלאָגישנ געמעל, דאָ איז אויסגעצײכנט לאַקאָניש געצײכנט געוואָרנ די זיצונג פונ פאַרטקאָמ, דער סעקרעטאַר גאַליעוו, פּיניע, דער טאָרפ־קאָמ. אָבער די אַלע געשטאַלטנ, ווי־ אויכ די געשטאַלט פונ מיקאָלע דעמ שלאָגלער אפ די טאָרפנ, זײַנענ דאָ און אינ גאַנצנ בוכ ניט מער ווי פונקציאָנעלע געשטאַלטנ, זיי לעבנ ניט מיט זײער פולשטענדיק אינדיווידואַליזירטנ שטײַגנדיקנ לעבנ, זיי אַנטוויקלענ זיכ ניט און וואַקסנ ניט אינ פּראָצעס פונ דער האַנדלונג, אַפילע דער מער טיפּיזירטער, ווי געזאָגט, קאָרנײטשיק בלײַבט דאָכ אויכ פאַר דער גאַנצער האַנדלונג אַנ עפּיזאָדישע פיגור. זײַנ שעדיקערײַ־אַקט, די אָריגינעל אָנגעמאָלטע בילד, ווי קאָרנײטשיק שנײַדט איבער דעמ קאַבעל און שטעלט אָפּ דאָס עלעקטרע־לעבנ אינ די שטעט, אָט די טאַט ווערט אויכ מער צי ווײניקער ראָמאַנטיזירט בא כאַריקנ, די טאַט רופט אַרויס אינעמ דיכטערס פאָרשטעלונג פאַרגרעסערטע, היפּערטראָפירטע רעזולטאַטנ פונ מעוווּלוועלע שטעט, אָפּגע־שטעלטע מאָטאָרנ, פאַרפינצטערטע דערפער און ווידעראַמאָל אומקער צו אוראַלט:

אינ קאָלווירט ברענט א פעכישע שײַטעלע קינ.
עס כליפּעט אינ יאַסלעס צעשראָקנ א קינד.
אוראַלט אפ אוראַלט דאָ הויערט און שטיקט — — —
דאָס אַלצ וואָלט געווענ,
נאָר עס קאָנ שוינ ביט זײַנ.
מע קענ ניט א דריי טאָנ די ראָד אפ צוריק.
דעמ קאַבעל פאַריכטנ —
און ס'אָטעמט מיט שײַנ...
(זײַט 85).

פאַרשטײט ער דאָכ, כאַריק, אז דורכ אָט דער אײַנפאַלדיקער שפיל ווערט באַזײַטיקט און פאַרטונקלט דער אינדיווידואַליזירטער באַדײַט פונ קאָרנײטשיקס טאַט, קאָרנײטשיק ווערט אַנ איליוסטראַטיווע באַלעגופישע געשטאַלט, וואָס דערווײַזט דעמ אַרויסגעזאָגטנ דאָ געדאַנק, אז קײנ שומ שעדיקערײַ איז שוינ ניט בעקויעכ אָפּשטעלנ דעמ שטורמישנ וועג פונ דער בויונג. דערדאָזיקער באַלעגופישער אַקט ווערט בא כאַריקנ אפ אזא אויפנ א דעטאַל און א פאַרשאָטנטע דעטאַל, וואָרעמ, בעעצעמ האָט כאַריק גענוי ניט געגעבנ זיכ די מי אויסקלאָרנ—בא א רעאַליסטישער שילדערונג איז דאָס א מוז—ווו פינקטלעכ און בא וועלכע מעגלעכע אופאַנימ איז פאָרגעקומענ קאָרנײטשיקס פאַרברעכנ. פאַר כאַריקנ איז גענוג

געווען, אפּאָנים, ווארפן א העלן שײַן אפ צווײ מאָמענטן—דעם מאָמענט, ווי דער באַלע־גוף גייט צו עפּעס א שעריקערײ אונ די רעגע, ווו ער בלײַבט ליגן א טויטער. א דער־הארגעטער דורכן עלעקטרישן שטראָם, א באַשטראָפטער, הייסט עס בא כאריקן, פון דער בויונג גופע...

עס האָט זיך א פיצעלע צונג נאָר צווישן די ציינער פארהאקט.
און — גאָר.
(זײַט 86).

טאקע מער גאָר. ארום קומט דאָך פאָר די ריזיקע בויונג־ארבעט מיט די קאָמבײַנער־„מאסטאָדאָנטן״, וואָס קומען בא כאריקן אין אָט דעמזעלבן קאפּיטל, פארניכטן דעם באַלעגופישן אוראַלט און דער באַלעגוף גופע ווערט שוין באם דיכטער אסאָציירט שפּעטער מיטן וואָלף, מיטן לעצטן וואָלף אפ די געוועזענע אוראַלט־פעלדער, ווו עס „קרייצן זיך אויגן פון וועלף און פון טראקטערס״:

א ווו? א ווו? א ווו? — — —
און ער פארכלינעט זיך אין וואָיען,
ביז גרויל, ביז עלנט, ביז שיגאָיען,
ביז לעצטן וואָי און לעצטן רוף.
א יונגער טראקטער ווערט געפּירט
און סטאַיעס טראקטערן פון הינטן,
און ס׳הינקט דער וואָלף אפ אַלע פיר
און ווייס דעם גרויל ניט ווו אהינטאָן.
(זײַט 109).

די זאפּטיק־אוועקגעלייגטע רעוואָליוציאָנערע ראָמאנטיק פארטושירט דאָך די רעאַליס־טישע שילדערישע כאראקטער־ליניעס, ס׳ווערט שוין פאַרט אויס פראגע פון אינדיווידו־אַליזירטן סאָציאַלן מענטש, ס׳ווערט פארוואנדלט אין דער פראגע פון פאראַלגעמיינערטע סאָציאַלע קויכעס, וואָס קעמפן, באוועגן זיך און קעמפן אפן ברייטן פארביק־באַשײַנטן דערהויבענעם פלאך...

מיקאָלע און פיניע, די מער געשילדערטע פּאָזיטיווע הויפּט־העלדן פון דער בויונג, האָט כאריק ערטערווײַז געלאָזט ארויסריידן זיך און אָט־אָט א באַווײַז טאָן זיך אין פלאן פון סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע אייגנשאפטן, אָבער זיי ביידע, וואָס ווערן אזוי אינטערעסאנט געשילדערט אין דעם מײַסטעריש־אָנגעמאָלטן נאכטישן געשפרעך אין באראק אפ די טאָרפן,— זיי ביידע פלעכטן זיך דאָך ניט ארײַן אין דער האנדלונג מיט אייגענעם כאראקטער־טאט און כאראקטער־אויפירונג. לעסאָף, אין דעם לעצטן קאפּיטל פון דער פּאָעמע, ווערן זיי ביידע גאָר פארשווונדן, זיי ווערן ניט דערמאָנט אפילע...

דער לעצטער קאפּיטל „סטאַלינסטאַנ״, דער פּאטעטישער קאפּיטל, וואָס קרוינט דאָס גאנצע ווערק, באגייט זיך שוין לאַכלוטן, הייסט עס, אָן דעם טיפּאזש, אָן די אָנטיילנעמער און בויער, וועגן וועלכע ס׳האָט זיך געהאנדלט אין די פריערדיקע טיילן פון דער פּאָעמע. אין „סטאַלינסטאַנ״ בלײַבט דער דיכטער שוין איינער אליין מיט זײַן הארץ־אויסגעזאנג וועגן דער פארענדיקטער בויונג אָן קיין שום שײַכעס, בעעצעם, צו די פריער דערציילטע אויפּאנים ווי און מיט וועמען אָט די בויונג איז דערגרייכט געוואָרן. איז דאָס דען ניט קיין באַווײַז, אז כאריק האָט זײַן פּאָעמע באוווסטזיניק געבויט ניט אפ דער געגעבענער

פערזאָנען־האנדלונג און ניט אפ דער לאָקאליזירטער געשעעניש־אנטוויקלונג, נאָר אפ דעם צוזאמענהאנג פון פאראלגעמיינערטע פאקטן און אידייען, וואָס שטעלן מיט זיך פאָר דעם גאָרן קאָמפלעקס פון קאמפ פאר דער אלפארבאנדישער בויונג, פון דעם „בויונג־בוי", ווי כאריק האָט עס אָנגערופן.

„די אנטוויקלונג פון אונדזער פאָלק־ווירטשאפט גייט אונטערן צייכן פון אינדוסטריאליזאציע. אָבער ניט אבי וואָסערע אינדוסטריאליזאציע דארפן מיר האָבן. מיר דארפן האָבן אזא אינדוסטריאליזאציע, וואָס זיכערט די וואקסנדיקע איבערהאנט פון די **סאָציאליסטישע** **פאָרמעס** **פון** **דער** **אינדוסטריע** איבער די קליינסכוירעדיקע פאָרמעס און אוודאי איבער די **קאפיטאליסטישע**".

דאָס איז פון כאווער סטאלינס פאָרטראָג אפ דעם 16־טן צוזאמענפאָר פון אל.ק.פ.(ב) און נאָך:

„דריטנס דארף מען האָבן אין זינען דעם אומשטאנד, וואָס אונדזער ארבעט פון סאָציאליסטישן רעקאָנסטרויִרן די פאָלקווירטשאפט, אן ארבעט, וואָס רייַסט די עקאָנאָמישע פעדעם פונעם קאפיטאליזם און קערט איבער מיטן קאָפּ אראָפּ אלע קויכעס פון דער אלטער וועלט, קאָן ניט ניט ארויסרופן קיין פארצווייפלטן ווידערשטאנד מיצאד דידאָזיקע קויכעס. און אזוי איז עס טאקע, ווי ס'איז באוווּסט. די בייזוויליקע שעדיקערייַ פון די אויבערשטע שיכטן פון דער **בורזשואזער** **אינטעליגענץ** אין אלע צווייַגן פון אונדזער אינדוסטריע, דער כאיעשער קאמפ פון **באלעגופנטום** קעגן די קאָלעקטיווע ווירטשאפט־פאָרמעס אין דאָרף, דאָס סאבאָטירן די מאָסמיטלען פון דער ראטנמאכט מיצאד די **ביוראָקראטישע** **עלעמענטן** פונעם אפאראט, וועלכע זייַנען אן אגענטור פון דעם קלאסנסוינע — דאָס זייַנען, ווי באוווסט, דערווייַל די הויפּט־פאָרמעס פונעם ווידערשטאנד מיצאד די אָפּלעבנדיקע קלאסן פון אונדזער לאנד. ס'איז קלאָר, אז דידאָזיקע אומשטאנדן קאָנען ניט פארגרינגערן אונדזער ארבעט פון רעקאָנסטרויִרן די פאָלקווירטשאפט" (י. וו. סטאלין. „פראגעס פון לעניניזם". צענטרפארלאג, כארקאָוו־קיִעוו, 1932, זייַטן 592 און 616).

כאריק האָט אין זייַנע „קייַלעכדיקע וואָכן" מערקווירדיק אופמערקזאם געלייגט אין גרונט אָט די סטאלינישע דירעקטיוון און דערפאר האָט אים געראָטן, מאָלנדיק די סטאלינסטאנער עלעקטרעפיקאציע, ארויסברענגען דעם דיאלעקטישן אספעקט פון אונדזער בויונג, וואָס זיכערט די סאָציאליסטישע פאָרמעס פון דער אינדוסטריאליזאציע, דערפאר האָט אים געראָטן קינסטלעריש באוירן טאקע די פעדעם, וואָס ציִען זיך פון דער סאָציאליסטישער רעקאָנסטרוקציע צום ווידערשטאנד פון דער אלטער קאפיטאליסטישער וועלט, וואָס ווערט איבערגעקערט מיטן קאָפּ אראָפּ. די בורזשואזע ראבאָנישע און גאלאָכישע וועלט פון די גאָמבינערס, דער וועלפישער **כאיעשער** קאמפ פון דעם באלעגופישן קאָרנייטשיק, דער אָפּאָרטוניסטיש־ביוראָקראטישער טאָרפּקאָם — די אלע טעמאטישע עלעמענטן האָט כאריק אפ פארשיידענע קינסטלערישע אופאנים פארייניקט ארום דער פאראלגעמיינערטער בויונג פון סטאלינסטאנ און קעגן דעם אלעם אוועקגעשטעלט די בויונג גופע מיט אירע פראָלעטארישע און סאָציאליסטישע קרעפטן, מיט אירע נייַע וואקסנדיקע סאָציאליסטישע מעטאָדן פון ארבעט, וואָס שאפן דעם נייַעם לעבנ־און ארבעט־שטייגער.

אינ די פילע עכט־פּאָעטישע און ענטוזיִאסטישע, מיט וויי און פרייד פונ בויונג באַ־הויכטע שורעס, ליגט דער הויפּט־געוויכט פונ כאריקס פּאָעמע. און פונ דעם אויפנ, מיט וועלכנ זי איז באשאפנ געוואָרנ. אינ דער בויערישער פארשווערטער טאָג־טעגלעכקייַט, אינ קיכ, באַם עסנ, באַ דער ארבעט און באַם יונגוואַרגישנ פארברענגענ, אמאָל שטארקער, און גאָר זעלטנ שוואכער, אָבער אומעטום באַלייַט כאריק זייַנע געשילדערטע מענטשנ און פּאסי־רונגענ מיט אָט יענעם מעכאבערשנ אָפּטימיסטישנ גלויבנ, וואָס שטאמט באַ אונדזער סאָציִא־ליסטישנ דאָר פונ זיכערנ וויסנ, אז אָט די אלע שוועריקייַטנ וועלנ זיכ לאָזנ באַקעמפנ, ווייַל זייער קלאסנ־מעכאניזם איז אויפגעדעקט און אויב מירנ ברענגענ אינ אָרדענונג און אָנווענדנ די אלע שרויפנ פונ א ו נ ד ז ע ר קלאסנ־מעכאניזם, איז דער זיג באוואָרנט און געזיכערט.

טאָרפ, דער פארפרוירעטער שטומער פלעביי,
דער ברוינער אָנהענגטיקער ניכנע,
ער האָט זיכ געוואלגערט אינ הארבסטנ, אינ שניי,
אינ ווייַסע פארוויגעטע וויכערס...

גאָלדענע וויאָרסטנ מיט אייביקער זוג
האָבנ אינ אימ זיכ פארקליבג
און ער האָט אליינ ניט געוווסט גאָר דערפונ
דער שטומער אָנהענגטיקער גיבער.— — —

איצט לייַכט זייַנ געזאנג אפנ העלסטנ עקראנ,
זייַנ קויעכ אינ יעדנ קאָנווייער.
און ס'ציט זיכ א ליכטיקער שנור איבער ראנד—
א גאָלדענער שנור איבער אונדזערע ווייענ...

(זייַט 121).

כאריק בלייַבט דאָ געטריי דער רעוואָליוציִאָנערער ראָמאנטישער בילדערישקייַט, דורכ וועלכער ער האָט געפונענ א מעגלעכקייַט באַלעבנ ניט נאָר די סאָציִאליסטישע בויער, נאָר אויכ, און דעריקער, די סאָציִאליסטישע בויונג, דעם מאטעריִאל און די פּראָצעסנ, א גאנצנ קאָמפּלעקס פונ פאקטנ און געדאנקענ, שוועריקייַטנ און דערגרייכונגענ, וואָס זייַנענ דיִאלעקטיש פארבונדנ ארומ דער סאָציִאליסטישער אויפבוי־ארבעט. און פארענדיקנ פאר־ענדיקט כאריק זייַנ פּאָעמע מיט די שלוס־ווערטער:

איינ גליק—מאגיסטראל. איינ ווארעמער פולס
פונ פּאָליוס צו פּאָליוס עס ריזלט.
לעניג:
ראטנמאכט פּליוס עלעקטריפיקאציִע
הייסט—
ק אָ מ ו נ י ז ם.

געוויס. דידאָזיקע מעכטיקע לעניניסטישע פאָרמול האָט באוויזנ כאריקנ דעם דיִאלעקטישנ וועג פאר די טעמאטישע פארפלעכטונגענ פונ זייַנע „קייַלעכדיקע וואָכנ", דעם וועג, וואָס האָט אימ געפירט דורכ די ווייַסרוסישע סטאלינסטאנער טאָרפנ צומ אלפארבאנדישנ בויונג־בוי.

מאָסקווע 26/XI.

ש. קליטעניק

# וועגנ ראבינס צווייטער אופלאגע „שוועסטערקינדער"

## I

אינ יאנוואר 1933 יאָר האָט דער בונדישער שרײַבער י. פאט אָפּגעדרוקט אינ די „ליטעראַרישע וואָכנשריפטנ" א גרויסנ ארטיקל וועגנ ראבינס „שוועסטערקינדער". אינ דעמדאָזיקנ ארטיקל פאָדערט דער בונדישער ליטבאטלענ איַינזאָרדנענ אנ אינקוויזיציע, אנ אוטאָדאפע איבער „שוועסטערקינדער" אונ דעמ אווטער פונ „שוועסטערקינדער" פאָדערט ער אונטערוואָרפנ אונטערנ סאָוועטישנ געזעצ פונ פארהיטנ דאָס געזעלשאפטלעכע אייגנטומ (מיטנ אָפּדרוקנ דעמ בוכ האָט, הייסט עס, דער אווטער צעטרענצלט געזעלשאפטלעכע האָב אונ גוטס).

ווי „נאָענט" אונ „טײַער" עס איז דעמ בונדיסט יאנקעוו פאטנ דאָס געזעלשאפטלעכע האָב אונ גוטס פונ די ארבעטער אונ פויערימ אינ סאָוועטנפארבאנד איז, דוכט זיכ, גאנצ גענוי באוווסט. פאטס „פארטיידיקנ" דעמ סאָוועטישנ געזעצ פונ פארהיטנ דאָס געזעלשאפטלעכע אייגנטומ איז דעריבער אינגאנצנ צומ „פלאצ", אקוראט ווי עס איז, לעמאָשל, אינגאנצנ צומ „פלאצ" דאָס, וואָס די פּעצעקעס „פארטיידיקנ" אינ פוילנ די „טעאָריע" פונ דער ניטגלײַכמעסיקער אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ. די פּעצעקעס דארפנ האָבנ א טעאָריע פונ ניטגלײַכמעסיקער אנטוויקלונג, קעדיי אויסצופירנ, אז כאָטש אינ דער גאנצער קאפיטאליסטישער וועלט הערשט קריזיס, ארבעטלאָזיקײַט, קומט דאָכ פאָר אינ פּאלעסטינע אנ אופלעבונג, א פּראָספּעריטי, אונ אנ ארבעטלאָזנ קענ מענ דאָרט אפּ א רעפּוּע ניט געפינענ.

פונ פאטס יעדער איינציקער שורע פילט איר, ווי עס שרײַט ארויס דער צעיושעטער אילִיא, דער איליא, וואָס זײַנ בילד איז אינ גרונט קרעפטיק אָנגעצייכנט בא ראבינענ. עס שרײַט ארויס דער באלדאָוואָר אליינ, וואָס איז קינסטלעריש אנטפּלעקט געוואָרנ מיט זײַנ פײַנטלעכער פּאָזיציע צו דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע. „דער „בינד" בלײַבט אפ זײַנע אלטע פּאָזיציעס". אונ דידאָזיקע „ריכטיקע אונ פּינקטלעכע יעדיִע", וואָס דער ערשטער אנטלאָפענער בונדיסט ברענגט, באטײַט בא ראבינענ, אונ אזוי איז עס, אז דער „בונד" איז שטענדיק געווענ קעגנ דער אידיי פונ פּראָלעטארישער דיקטאטור אונ קאָמוניסטישער רעוואָליוציע. די שוימ אפ איליא פאטס ליפּנ נעמט זיכ דערפונ, וואָס ראבינ האָט אפ א קינסטלערישנ אויפנ ארויסגעפירט אפ דער ליכטיקער שײַנ דעמ פּאקס פונ פּעפּעסיש־בונדישנ פאראט דעמ ארבעטער־ראט. ראבינ שילדערט זייער פּנימ, וויאַזוי

די סינע צומ ארבעטער־ראט, דאָס ניט וועלנ פארטיידיקנ אימ, האָט אינ די בונדיש־פעפעסישע קרײַזנ געבוירנ דעמ פראָוואָקאטערישנ קלאנג, אז דער ראט האָט זיכ שוינ אונטערגעגעבנ די פוילישע לעגיאָנערנ אונ דערמיט זײַנענ אנטוואָפנט יענע ארבעטער־גרופנ, וואָס זײַנענ געגאנגענ צוהילפ דעמ ארבעטער־ראט. די מאפאָלע פונ ארבעטער־ראט איז דאנ געוואָרנ אומפארמײַדלעכ.

פונ יעדער שורע פאטס שרײַט ארויס דער האס פונ איליאנ איבער דעמ, וואָס אינ „שוועסטערקינדער“ איז קינסטלעריש געשלאָגנ געוואָרנ די בונדישע טעאָריע פונעמ „איינציקנ פאָרשטייער פונ ייִדישנ פראָלעטאריאט“, איבער דעמ, וואָס ראבינ פירט ארויס יענע באָלשעוויסטישע שטראָמענ, וואָס מיר האָבנ געהאט אינ דער באוועגונג צווישנ די ייִדישע ארבעטער אויכ אינ יענע שטעט אונ געגנטנ, ווו די ווירקונג־קראפט פונעמ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ „בונד“ איז געווענ שטארק.

איליא־פאטס ארויסטרעטונג מיט דער פאָדערונג פונ א אוטאָדאפע איבער „שוועסטערקינדער“ אונ איבער דעמ אווטער גופע פונ „שוועסטערקינדער“ מאכט נאָכ בולטער דעמ פאקט. ראבינס בוכ וועגנ „בונד“ האָט אויסגעפילט (אונ פילט נאָכ אויס!) א באזונדער וויכטיקע פאָליטישע פונקציע. ראבינס בוכ האָט זיכ אָנגעשלאָסנ אינעמ קאמפ, וואָס מיר פירנ קעגנ די אלערליי רעשטנ פונ די קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע בונדישע טעאָריעס אונ טעאָריעלעכ.

ראבינס בוכ „שוועסטערקינדער“ האָט געמאכט דעמ ערשטנ געוואגטנ טראָט צו שילדערנ קינסטלעריש די געשיכטע פונ דער ארבעטער־באוועגונג.

איליא פונ די בונדישע „ליטערארישע וואָכנשריפטנ“ טראָגט ארויס א שטרענגנ פסאקדינ ראבינס „שוועסטערקינדער“: ער שטעלט פעסט, אז „שוועסטערקינדער“ איז ניט קיינ קינסטלעריש ווערק. אָבער עס איז דערלויבט „אביסל“ צו צווייפלענ אינ דעמ אָביעקטיוונ קריטעריי פונ קינסטלערישקײַט בא דעמ ליטבאטלענ איליא־פאט.

די „מעטאָדאָלאָגיע“ פונ איליא־פאט איז אזא: יעדער בוכ, וואָס פארמעסט זיכ אפ אראָפצורײַסנ די קרוינענ פונ „בונד“, מוז שוינ זײַנ אנטיקינסטלעריש. ראבינ האָט געמוזט פאלנ א קאָרבנ, ווײַל ער האָט אויסגעפילט „אנ אינסטרוקציע פונויבנ“ וועגנ אראָפרײַסנ די קרוינענ פונ „בונד“. דאָ ווערט, אגעוו, קלאָר זייער א וויכטיקער אומשטאנד: דער קלאסנ־געשמאק באמ בורזשוא אונ קליינבירגער שטערט זייער אָפט אָפצושאצנ ריכטיק, אָביעקטיוו א קינסטלעריש ווערק (אונ ניט נאָר קינסטלערישע ווערק). די נײַע אידייענ, טעמעס, געשטאלטנ, סיטואציעס רופנ ארויס א סינע אונ א ווידערגעפיל בא די יעניקע, וועמענ זיי זײַנענ קלאסנפײַנטלעכ, בא אונדזערע סאָנימ.

אזוי, לעמאָשל, זײַנענ שוינ ניט איינמאָל געמאכט געוואָרנ אינ דער בורזשואזער וועלט פרווונ אראָפצורײַסנ די בעסטע ווערק פונ אונדזער סאָוועטישער ליטעראטור ביכלאל, ניט איינ פרווו איז שוינ אויכ געמאכט געוואָרנ אינ דער ייִדישער בורזשואזער וועלט אראָפצורײַסנ די ווערק פונ אונדזערע בעסטע פאָעטנ: כאריק, פעפער (זע, לעמאָשל, די לעצטע ארויסטרעטונג פונ „הײַנט“ קעגנ „באָלשעוויסטישנ קאנאריק־כאריק“).

אונ דאָ וועט זײַנ צומ פלאצ פארצייכענענ אזא כאראקטעריסטישנ פאקט: אפ די שפאלטנ פונ דער בונדישער „פאָלקסצײַטונג“ האָט לענגער (יול 1932 י.) א צווייטער בונדישער שרײַבער — מײלעכ ראוויטש פראָקלאמירט דאָוויד פינסקינ פאר א קלאסיקער. דעמ טיטל קלאסיקער האָט מײלעכ ראוויטש געגעבנ פינסקינ ניט פאר דעמ ערשטנ זייער־

באַדײַטנדיקן פּעריאָד זײַנעם, פאַר דעם פּעריאָד פון אַרבעטער־דערציילונגען „יאָנטעוו־בלעטלעך“ (כאָטש דאַן איז אויך פּינסקי, פאַרשטענדלעך, ניט געווען קיין קלאַסיקער), נאָר פאַר אַ קלאַסיקער איז פּראָקלאַמירט געוואָרן דער אויטער פאַר די נאַציאָנאַליסטיש־ביבלישע דראַמעס, דער אויטער פון „שלמה האַמײַלעכס טויזנט ווײַבער“. ד. פּינסקיס דאָזיקע „דראַמאַטורגיע“ ווערט קינסטלעריש אָנגענומען צוליב דער *אידעאָלאָגישער קרויוועשאַפט*, כאָטש די אַלע דאָזיקע פּינסקיס דראַמעס און טראַגעדיעס שטעלן מיט זיך פאָר איינע גרויסע דראַמע און טראַגעדיע פון קינסטלערישן זינקען...

II

אין דער נײַער אויפלאַגע „שוועסטערקינדער“ האָט ראַבין אַרײַנגעטראָגן באַדײַטנדיקע ענדערונגען: אַ ריי עפּיזאָדן און געשטאַלטן האָט דער שרײַבער פאַרברייטערט, אַ ריי עפּיזאָדן און געשטאַלטן ראַדיקאַל געענדערט, געשאַפן פונדאַסנײַ אייניקע געשטאַלטן. כוץ דעם איז דער גאַנצער בוך באַדײַטנד סטיליסטיש רעמאָנטירט געוואָרן.

מיר וועלן דאָ פאַרצייכענען די וויכטיקסטע ענדערונגען אינעם בוך.

## 1. וועגן באָלשעוויסטישע געשטאַלטן

דאָ האָט דער כ׳ ראַבין פונדאַסנײַ געשאַפן אַ געשטאַלט: בענדעט לעוויט. אין דער ערשטער אויפלאַגע ווערט בוכשטעבלעך *בלויז* דערמאָנט אַזאַ נאָמען. דאָ איז פאַראַן אַ ברייטע שילדערונג פון אַ ווילנער באָלשעוויק, אַ שלאָסער (ז. 132—139, נײַע אויסגאַבע) דער באָלשעוויק בענדעט ווערט געשילדערט אין זײַנע באַגעגענישן מיטן באָלשעוויק יאַנקל שוועץ און דערמיט ווערט שוין אויך בולטער די פיגור פון יאַנקל שוועץ. אַ בײַשפּיל אין בענדעט לעוויטס שמועסן איז פאַראַן אַזאַ שטעל: „קיין באַוווּסטזיניקער ווערט קיינער ניט געבאָרן, עמיצער פירט אַרויף אויף אַ וועג, פאַרשטייסטו, בענדעט, עס ווענדעט זיך אַסאַך אָן דעם עמיצן... און איך וויל דיר זאָגן נאָך אַ זאַך (דאָס רעדט אַלץ יאַנקל שוועץ—ש. ק.), מיינסט דער „בונד“ וואָלט אַזוי געווירקט, ווען ער האַלט ניט זײַנע מענטשן אין פויסט, לאָזט צו זיי קיין ווינט ניט צו“. (ז. 133, נײַע אויסגאַבע). אין דידאָזיקע יאַנקלס ווערטער ווערט אַנטפּלעקט דער זין פון דעם, וואָס דער „בונד“ האָט בא זיך אײַנגעפירט שטרענגע צענטראַליזאַציע, פעסטע דיסציפּלין און אין דערזעלבער צײַט געקעמפט אַזוי אַקשאָנעסדיק קעגן צענטראַליזאַציע און פעסטע דיסציפּלין אין דער ר.ס.ד.א.פּ. דער „בונד“ האָט דאָס באַדאַרפט, לויט דער גוייִעס־אײַדעס פונעם באָלשעוויק שוועץ, קעדיי צו *פאַרטערמעסעווען* די אָרגאַניזאַציע, ניט אַרײַנלאָזן אַהין קיין פרישן אידיישן אָטעם.

עס איז ביז גאָר נייטיק פאַרצייכענען אַזאַ כאַראַקטעריסטישן דעטאַל: אין דער ערשטער אויסגאַבע ווערט דערציילט, וויאַזוי אַרבעטער פרעגן בא דעם „לינקן“ בונדיסט, שיִע, וועגן לענינען: „אינטערעסאַנט... ער האָט עפּעס ביכער אויך?“ (אַלטע אויסגאַבע, ז. 32). אין דער נײַער אויסגאַבע קומט שוין אַן אַנדער פראַגע: „אינטערעסאַנט... פאַרוואָס האָט דער „בונד“ אַזוי מוירע פאַר אים? (ד. ה. פאַר לענינען—ש. ק.), לאָזט זײַנע ביכער ניט צו?“ (נײַע אויסגאַבע, ז. 37).

ראַבין האָט אין דער ענדערונג ווי בעקיוון אונטערשטרײַכט די שטרעבונג פון דער בונדישער אָנפירונג צו פאַרטערמעסעווען די אָרגאַניזאַציע, ניט צולאָזן קיין אַנדערע אידיישע ווינטן.

ר א ב י נ  פ י ר ט  א ר ײַ נ  א  נ ײַ ע  ג ע ש ט א ל ט  פ ו נ  א  ב אָ ל ש ע װ י ק. עס רעדט זיך שוין װעגן א פּאַרטײ־גרופּע, װוּ עס װערט באַהאַנדלט דער באַריכט פֿון דעם לאָנדאָנער פּאַרטײ־צוזאַמענפֿאָר, װוּ בענדעט צוזאַמען מיט יאַנקלען האָבן זיך „געהיצט און געקאָכט אַף די 53 בונדישע דעלעגאַטן, װאָס האָבן געשטימט מיט די מענשעװיקעס" (נײַע אויס־גאַבע, ז. 133).

בענדעט װערט געשילדערט אין זײַן באָלשעװיסטישער טעטיקײַט צװישן דער װילנער אַרבעטערשאַפֿט, בענדעט װערט געשילדערט אין זײַן באָלשעװיסטישער טעטיקײַט אַפֿן פֿראָנט. קעדײַ צו פֿאַרצײכענען אַזאַ עפּיזאָד: בענדעט איז אַפֿן פֿראָנט. צו אים קומען סאָלדאַטן, אַז ער זאָל זײ שרײַבן און איבערלײענען בריװ, װאָס זײ באַקומען פֿון דערהײם. „עס טרעפֿט אַזױ. א סאָלדאַט דיקטירט א בריװ:

... „און בא אונדז איז אויך ניט פֿרײלעך. פֿון פֿרי ביז נאַכט מושטירט מען, מע מאַטערט... דער ראָטנער האָט נעכטן בא טאַראַס סידאָרטשיקן אויסגעזעצט צװײ צײן... מיט בלוט אײנײנעם.

— סטאָפּ, סטאָפּ...—שרײַט אויס בענדעט,—ביסט פֿאַרפֿאָרן. רעכנסט, איך װעל עס שרײַבן?

— װאָס דען?... מײַסעס דערצײל איך? שרײַב!

— אונדזערע בריװ לײענען די גאָספּאָדאַ אָפֿיצערן. פֿאַר אַזױנס, ברודער, גלעט מען ניט איבערן קאָפּ...

— דאָס איז דאָך עמעס... אַלע אײדעס.

— עמעס... זוכסט דעם עמעס?—זאָגט בענדעט,—ניט דאָרט זוכסטו אים. בא אונדזערן א ברודער־סאָלדאַט פֿאַרװאַלגערט ער זיך נאָך א מאָל, בא די גאָספּאָדאַ אָפֿיצערן... נײן!

— װאָס־זשע זאָל איך שרײַבן?

— דעם עמעס ניט.

— פֿױלן זײ אין דר'ערד,—קאַעסט זיך דער סאָלדאַט.—האַקן צײן קענען זײ, פֿונדערהײם אװעקטרײַבן. אַלע יאָרן רײַטן זײ אַף אונדז. שרײַב ניט. אויב אַזױ, האָב איך ניט װאָס צו שרײַבן. שרײַב ניט! שרײַב נאָר: איך בין געזונט און פֿאַרטיק!" (נײַע אויסגאַבע, ז. 134—135).

מיט דערדאָזיקער אײגנאַרטיקער טאַקטיק אָרגאַניזירט בענדעט דעם פּראָטעסט פֿון די סאָלדאַטן קעגן די אָפֿיצערן, װעקט זײער באַװוּסטזײַן און גרײט זײ סיסטעמאַטיש צו דער מילכאָמע קעגן מילכאָמע. און דעריבער איז שוין אַזױ מאָטיװירט און אָרגאַניש, װאָס בענדעט װערט אין 1917 יאָר דער „פּאָרזיצער פֿון פּאָלק־קאָמיטעט און זײַן ראָטע איז פֿאַר אים געשטאַנען שטאָל און אײַזן" (נײַע אויפֿלאַגע, ז. 135).

אין דער נײַער אויפֿלאַגע „עקספּראָפּריִרט" דער באָלשעװיק בענדעט בא דעם מיטפֿילנדיקן צום קאָמוניזם מענדל גוי די רעדע, אַז „א ראַט מיט קאָמוניסטן—איז עס א ראַט, און אָן קאָמוניסטן—א קרעמל". און מיט רעכט איז פֿאָרגעקומען דידאָזיקע „עקספּראָפּריאַציע", װאָרעם עס האָט דאָך פֿריִער געריסן, װאָס דער מיטפֿילנדיקער צום קאָמוניזם מענדל גוי, דערזעלבער, װאָס גײט בעטן אין רוּיִקן אינדזל, אַז מע זאָל אים פֿאַררעכענען פֿאַר א שרײַבער, לערנט אַף א קאָמוניסטישער פּראַקטיק באָלשעװיזם מיט די קאָמוניסטן... מענדל גוי איז נאָך אידעאָלאָגיש ניט דערװאָקסן צום דיִאַלעקטישן באַגריף: א ראַט מיט קאָמוניסטן—איז עס א ראַט, און אָן קאָמוניסטן—א קרעמל.

אינגאנצן אָרגאניש איז אָבער די נײַע רעדע, וואָס ראבינ האָט פאר מענדל גוי פארפאסט: „אָט קוואָקעט אינ זאל א גרופע מענשעוויקעס, וואָס מיינט, אז זי טראָגט די גאָלדענע איי. אינדערעמעסנ איז די איי שוינ פונ יאָרנ לאנג טוכלע. שוינ ניט איינ יאָר טראָגנ די מענשעוויקעס טוכלע אייער אינ דער באוועגונג...“ (נײַע אויסגאבע, ז. 220).

אז די מענשעוויקעס טראָגנ ניט איינ יאָר טוכלע אייער אינ דער באוועגונג, האָט דער פראָלעטאריער אונ שרײַבער מענדל גוי זיכער געקענט דערשפּירנ.

* * *

ראדיקאל געענדערט איז די שילדערונג פונ די פוילישע ארבעטער אינ דער נײַער אויסגאבע. אינ דער ערשטער אופלאגע זײַנענ די פוילישע ארבעטער זייער פאלש געשילדערט געוואָרנ. קעדײַ דערמאָנענ: יאנקל שהעצ לעבט איבער א געפיל פונ אומגעהויערער גרויסער פרייד, ווענ צו אים דערגייט די ידיעה, אז אינ רוסלאנד איז א רעוואָליוציע אויסגעבראָכנ. ער איז צו „זײַנע“ שוסטערס אוועק: „זײַנע שוסטערס זײַנענ געזעסנ אפ נידעריקע דרײַפיסיקע בענקלעכ, פריילעכ אונ אופגעלייגט פונ א פּאָר זופּנ שנאפּס... זיי האָבנ שוינ זײַנ נײַס געוווסט, זיי האָבנ שוינ צוליב דער סימכע א קאפעלע גענומענ אונ מאָרגנ וועלנ זיי צו אים קומענ, וועלנ אינ בירעלע גיינ אונ וועלנ וועגנ אלצ זיכ דורכשמועסנ...

„אפמאָרגנ איז ער א גאנצנ טאָג אומעטיק. אלע טאָג לויפט ער צו די פוילישע שוסטערס אונ קומט צוריק א מידער אונ אומעטיקער. די פוילישע שוסטערס לאכנ פונ אים: אז דאָרטנ איז א רעוואָליוציע, איז וואָס, אייגנטלעכ, ווילסטו? וועט זײַנ דאָ א רעוואָליוציע, וועט מענ דאנ זענ...“ (אלטע אויסגאבע, ז. 109—110, קורסיוו—ש. ק.).

עס באקומט זיכ, אז די פוילישע ארבעטער (אינ געגעבענעם פאל פאָרגעשטעלט אינ די פוילישע שוסטערס) זײַנענ אפ דערוועלביקער מאדרייגע, וואָס די קריג־געפאנגענע בא דאניעלנ (אינ „יולים“). דאניעלס פויערים טראכטנ, אז פאר א רעוואָליוציע בא זיכ, אינ ריאזאנער דאָרפ, לוינט זיכ שלאָגנ, אָבער ערגעצ אנדערש—ניט: „בא אונדז אינ דאָרף לייג איכ מײַנ קאָפ פאר מײַנ פויערשער זאכ—אונ איצט הינענ מיר דאָ אומזיסט! אינגאנצנ אומזיסט!... ניט מיר האָבנ דאָ דעם ראט געמאכט אונ ניט פאר אונדז איז ער באשאפנ...“ („יולים“, ז. 82).

איז דאניעל געווענ אינ א גרויסער מאָס גערעכט אינ שילדערנ די באגרענעצטקײַט פונ א באשטימטנ טייל פויערים (ער האָט דאָכ אויכ אפראָסעווג, וואָס איז אנ אָפּלייקענונג פונ דערדאָזיקער פויערשער באגרענעצטקײַט. אפראָסעוו האָט שוינ אנ אנדערנ, א העכערנ באוווסטזײַנ. דאניעל האָט דאָכ אויכ ארויסגעפירט דעם דײַטשישנ זעלנער ניימאנ, וואָס וויל זיכ ניט אומקערנ אינ זײַנ פאָטערלאנד אונ לייגט דעם קאָפּ פאר אנ ארבעטער־ווילנע).

אונ ראבינ האָט בעפּיירעש געגרײַזט. ראבינ האָט ווי געליטנ אפ אנ אייגנארטיקער נאציאָנאלער באגרענעצטקײַט. עס איז ווי אויסגעקומענ, אז רעוואָליוציאָנערנ קענ מענ נאָר געפינענ אינ דער יידישער ארבעטער־סוויווע. אינ דער פוילישער ארבעטער־סוויווע האָט ער זיי ניט געקענט געפינענ.

אינ דער נײַער אויסגאבע איז אינגאנצנ געענדערט די שילדערונג פונ די פוילישע ארבעטער. גופע דער עפּיזאָד מיט יאנקלס קומענ צו „זײַנע שוסטער“ איז פארברייטערט געוואָרנ. עס איז צוגעקומענ א קאָנפליקט פונ די פוילישע ארבעטער מיטנ באלעבאָס. די־

פוילישע ארבעטער „האָבן שנעל די פארטעכער ארויפגעצויגן, געקליבן זיך אין וועג. דער באלעבאָס מיט א געיידלט זיידן בערדל, אין א פוילישער כסידישער היטל, איז פון א צווייטן צימער ארייַנגעלאָפן:

— אינמיטן דער ארבעט... אזויפיל באשטעלונגען!

— יאָנטעוו! (ז. 120, נייַע אופלאגע).

און דער באלעבאָס איז אין א גרויסער פארלעגנהייַט, זייַן קאלענדאר ווייַזט ניט קיין יאָנטעוו.

די פוילישע ארבעטער זייַנען שוין דאָ דיפערענצירט. די רעדע וועגן אן אייגענער רעוואָליוציע און א רעוואָליוציע ערגעץ אינדערפרעמד האלט שוין איצט דער פעפעסאָוועצ ווּאציע און דאָס אנטשפרעכט דער פעפעעסישער אידעאָלאָגיע.

איצט קומט שוין יאנקל שוועצ פון די פוילישע ארבעטער מיט אן אנדער געמיט-צושטאנד: „אלע טאָג לויפט ער צו די פוילישע שוסטערס און קומט פונדאָרטן א פרייליכער, מיט לאכנדיקע אויגן און ומרויִקע הענט" (נייַע אויסגאבע, ז. 121). עס איז ארייַנגעפירט געוואָרן א צווייטער עפּיזאָד, וויאזוי די פוילישע שוסטערס קומען צוהילפ די שטרייַקנדיקע ייִדישע שוסטער, וויאזוי זיי ווארפן אָן א טויטשרעק אפן קלייַנבירגער. אין זיי זעט מען, ווי עס שפאנט דער געשפּענסט פון באָלשעוויזם. זיי רופן ארויס אזעלכע אסאָציאַציעס: „זאָל דער שוימער ייִסראָעל אויסהיטן, וואָס אין רוסלאנד קומט פאָר... ניט זיכער מיטן גראָשן, ניט זיכער מיט זיך" (נייַע אויסגאבע, ז. 183, קורסיוו — ש. ק.). די פונקציע פון בירעלע, וואָס דער שרייַבער האָט אין דער ערשטער אופלאגע אייַנגעטיילט די פוילישע ארבעטער, איז איצט אזוי־ארום געענדערט געוואָרן אפ א פונקציע פון רעוואָליוציע מאכן. עס איז פאָלג מיך א גאנג...

## 2. וועגן ניט־באָלשעוויסטישע געשטאלטן

אויב די פוילישע ארבעטער האָט ראבין אין דער אופלאגע „באָלשעוויזירט" און ליקווידירט די אייגנארטיקע נאציאָנאלע גייַוע, האָט ער אָבער באדארפט אנטקרויגען פון רעוואָליוציע אייניקע פון זייַנע פערסאָנאזשן, ווי לעמאָשל, בראכמאן און ליִע. ער האָט באדארפט אויסשטרייַכן זייער שייַכעס צו די קאָמונארן, ער האָט באדארפט ניט לאָזן זיי אומקומען פארן באָלשעוויסטישן ראט, ווארעם זיי האָבן ניט פארדינט דעם קאָוועד אומצוקומען פאר די אידייען פון קאָמוניזם, ביפראט נאָך, אז דער שרייַבער אליין האָט זיי גענוג ארונטערגעריסן און דעמאסקירט. זייער „באָלשעוויזירן זיך" איז פאר די לייענער און אוואדע אויך פאר די פערסאָנאזשן פון „שוועסטערקינדער" געקומען אינגאנצן אומגעריכט.

איינער טרוימט פון ציִען־לאנד און שרייַבט לידלעך אין טאָג־בוך פון זייַן קאלע: „איבער בערג פון ציִען שוועבט א טויב"... און צוליב דעם, וואָס זייַן ליבע צו דער בורזשואזער מיידל ליִע ענדיקט זיך שלימאזלדיק, ווערט ער אן אנארכיסט, א רעוואָליציאָנער, קומט צו די באָלשעוויקעס און לייגט זייַן קאָפּ פארן ראט. ליִע, א פוסט באלעבאטיש־בורזשואז מיידל, אָן קיין שום געזעלשאפטלעכע אידעאלן, א מיידל, וואָס פאסט אינגאנצן פארן „פליפּאָסט" צום ערשטן מייַ אין בונדישן קלוב — קומט צו די באָלשעוויקעס אין ראט און לעבט איבער די טראגעדיע צוזאמען מיט די העלדישע קאָמונארן, ווערט דערשאָסן פון די ווייַספּאָליאקן.

צי האָבנ דידאָזיקע פארשווינענ ניט געוואָרפנ א שווארצנ פלעק אפ די ווילנער קאָמונארנ? זיכער. איצט, אינ דער נייַער אופלאגע, האָבנ זיכ די ווילנער קאָמונארנ באפרייַט פונ די „רעוואָליוציאָנערנ“ בראכמאנ, ליִע...

באזונדער שרייַענד איז געווענ אינ דער ערשטער אופלאגע דאָס, וואָס דער נעכטיקער ציִעניסטל בראכמאנ האָט ארייַנגעטראָגנ דעמ פאָרשלאָג: „שיסנ זיכ אליינ... אפ טויטע קערפערס וועלנ זיי (ד. ה. די פוילישע לעגיִאָנערנ—ש. ק.) דעמ וועג דורכגיינ“ (אלטע אויסגאבע, ז. 210).

מיר דוכט, אז דער כ׳ ראבינ איז מער גערעכט אינ שילדערנ די טראגעדיע פונ ווילנער ראט, ווי דער כ׳ דאניִעל, כאָטש דאניִעל האָט זיכ געהאלטנ שטרענג באמ היסטאָרישנ פאקט. די אופירונג פונ ראבינס קאָמונארנ זייַנענ היסטאָריש־טיפישע. זדיעשני־טוטיישיס טאקטיק איז א ריכטיקערע. אינ אימ איז ווי פאראנ מער גלויבנ, מער אָריִענטאציע אפ מאסנ־קאמפ. זייַנ טאקטיק איז געצילט אפ אייַנהיטנ „א פארטיקע רעגירונג פאר דער שטאָט, ווענ די רויטע וועלנ אָנקומענ“ (אלטע אויסגאבע, ז. 210, אָדער 239 נייַע אויסגאבע).

אָבער דער נעכטיקער ציִעניסטל בראכמאנ זאָל ארויסטרעטנ מיט יוליס פאָרשלאָג (דורכ אזא מיטל זאָל, הייסט עס, ניט באגיטיקט ווערנ די אופירונג פונ יוליסנ אונ פונ די איבעריקע קאָמונארנ) איז בעפיירעש א היסטאָרישע אוולע, א בלוטיקע אוולע קעגנ די העלדיש־אומגעקומענע ווילנער קאָמונארנ. די נייַע אופלאגע האָט דעמ שווארצנ פלעק אָפגעשווענקט. אינ דער נייַער אופלאגע טראָגט ארייַנ דעמ יוליס פאָרשלאָג איינער פונ די יונגע קאָמונארנ. (זע ז. 238).

* * *

די געשטאלט פונ „לינקנ“ בונדיסט שיִע איז אויכ באדייַטנדיק פארברייטערט געוואָרנ, באקומענ נייַע וויכטיקע שטריכנ. שיִענ איז ניט פרעמד געווענ די אידיי פונ פראָלעטארישער דיקטאטור. די קריטיק פונ „בונד“, וואָס ער באקומט אינ דער פארשיקונג זייַנער, גייט אימ ארייַנ אינ בלוט אונ פלייש. ער ציט זיכ צומ באָלשעוויזמ. אָבער שיִע איז יאָרנ אָפגעווענ אינ „בונד“, די טראדיציע ווירקט, קוועטשט. אָט די איבערלעבונגענ אונ ווייטיקנ פונעמ לינקנ ארבעטער־בונדיסט באמ רייַסנ מיט דער טראדיציע, מיט דער אלטער אָרגאניזאציע, איז זייער פייַנ געשילדערט געוואָרנ אינ דער נייַער אופלאגע.

שיִעס ציִעניש צומ באָלשעוויזמ איז אינ דער צווייטער אופלאגע פיל אויסגעשפראָכענער. שיִעס לייַדנשאפטלעכע פראגע: „אפ וואָס האָט מענ אזויפיל יאָרנ געדארפט האָבנ א „בונד“? עפשער האָט זיכ טאקע דער „בונד“ ניט בארעכטיקט“ (נייַע אויסגאבע, ז. 210) קלינגט איצט שטארקער, אונ עס פילט זיכ שוינ א קלאָרער ענטפער: ניט באדארפט! ניט בארעכטיקט!... נאָר געשטערט אונ געשעדיקט.

שיִע איז אינ דער נייַער אופלאגע היפש דערווייַטערט געוואָרנ פונעמ גאנצנ זומפ אזוי, לעמאָשל, פיגורירט שוינ ניט שיִע אפ דער הוליאנקע, וואָס עס אָרדנט איינ דער סויכער מיט רעוואָליוציע לייב יאָסל, ווו עס קומענ זיכ צונויפ אלע פערסאָנאזשנ פונעמ ראָמאנ (אגעוו, אינגאנצנ צופעליק אונ מיט גאָרניט בארעכטיקט איז דערדאָזיקער צוזאמענקונפט, עפשער עס זאָל זייַנ טשיקאווער, עס זאָל „לאָפטשענ“ מער?). שיִעס באזוכנ ליִעס הויז אונ זייַנ פילנ זיכ דאָרט ווערט אויכ געשילדערט אנדערש (פארגל. די ז.ז. 59 אלטע אויסגאבע, 66 נייַע אויסגאבע).

קעדייַ צו פארצייכענען נאָך א דעטאל: שיִע זיצט ארעסטירט בא די דייַטשן. אין דער טפיסע דערמאָנט ער זיך זייַנע קינדער־יאָרן. אים קומט אפן קאָפּ די גאנצע כיידערשע דערציִונג: שויפער, טישעבאָוו, בייסהאמיקדעש. יאָרן האָט מען אים געהייסן זיך וויינען אין דעם. אין דער אויסגאבע קומען אָבער צוויי זייער כאראקטעריסטישע שורעס, וועלכע זייַנען פריִער ניט געווען: „דידאָזיקע יאָרן ווערן באלד ארויסגעשטויסן מיט בילדער פון טפיסע און פארשיקונג, כאווייִרים, דיסקוסיעס, דעמאָנסטראציעס". (ז. 82, נייַע אויסגאבע). די נייַע בילדער, וועלכע זייַנען געקומען שיִען אין קאָפּ, זייַנען, עמעס, ניט פארצייכנט. בעפייִרעש א שאָד...

אין שילדערן די איבעריקע געשטאלטן זייַנען קיין באדייַטנדיקע ענדערונגען ניט אריינגעטראָגן געוואָרן. צום פּאָרטרעט פונעם אונטערנעמער עלינקע זאלצמאן זייַנען צוגעקומען צוויי וויכטיקע, סאָציִאל־אָנגעזעטיקטע דעטאלן: עלינקע זאלצמאנס מעטאָד פון צוימען דעם אפעטיט בא די לערנייִנגלעך: „און קומט אָן א נייַ ייִנגל אין געשעפט אריַין דינען, נעמט עלינקע גלייַך דעם ערשטן טאָג אים אָנשטאָפּן מיט זיסע זאכן, טרעט ניט אָפּ פון אים...

דאָס ייִנגל ווארפט זיך מיט זשעדנעקייַט אפ אלץ, שטופט זיך אָן ביז איבער די קויכעס, שוויצט אזש און ווערט רויט. דעמלט קראצט זיך עלינקע מיט גרויס האנאָע די פּאטילניצע און פארזאָגט דעם ייִנגל מיט א שטרענגן קאָל און לאכעדיקע אויגן: „מייקענע זאָלסטו גיין אין הויפ..." (נייַע אופלאגע, ז. 19—20).

דער ציניזם פון באלעבאָס ווערט דאָ קרעפטיק אנטפלעקט.

עס ווערט אויך געבראכט אן עפּיזאָד, וויִאזוי עלינקע דערמאָנט זיך דאָס 5־טע יאָר, זייַן געצוווּנגענע „אנטשולדיקונג" מיט די 200 רובל, וואָס ער האָט באדארפט אריַינטראָגן די ארבעטער אפ פּאָליטישע צוועקן פאר ארויסרופן פּאָליציי בייס א שטרייַק (נייַע אויסגאבע, ז. 27).

* * *

איליא איז געבליבן קימאט ניט געענדערט. עס איז אָבער אויך געווען וואָס ענדערן. דער שרייַבער האָט, דוכט מיר, געמעגט אין אייניקע ערטער רעווידירן זייַנע מיטלען פון דעמאסקירן די פּייַנט. ראבין איז טיילמאָל גענייגט צו דעמאסקירן דעם פּייַנט אפ א פּלאקאט־ארטיקן אויפן. ער ווענדעט טיילמאָל אָן די גרובע, שארזשירטע, און עס טרעפט אויך, אז ער פארלירט די קינסטלערישע מאָס.

אָט האָט, לעמאָשל, גאָרקי אידיייִש, סאָציִאל ארונטערגעריסן מיטן וואָרצל דעם רוסישן בורזשוא יעגאָר בוליטשאָוון, שילדערנדיק אים אייַנצייַטיק שטייגעריש ווי א מענטשן, וועמען עס איז לעגאמרע ניט פרעמד פּאָטער־געפילן א.א.וו. (בא ראבינען מוז עלינקע זאלצמאן זיך באגעגענען מיט זייַן זון אין יאנקל שאבשאָוויטשעס הייַזל (ז. 15—16 אלטע אויסגאבע, 20—21 נייַע אויסגאבע). עס קומט אויס, אז אנדערש קען מען ניט אנטבלויזן דעם אונטערנעמער). די שטייגערישע קאָמפּראָמעטאציע גייט טיילמאָל בא ראבינען בעפייִרעש אפן כעזשבן פון דער פּאָליטישער. אזוי, לעמאָשל, האָבן מיר ניט איןביידע אויסגאבן קיין דירעקטע באגעגעניש (אויסערן ראט) פון איליא מיט יאנקל שוועצ, איליא מיט בענדעט לעוויט, בייס צוליב דער שטייגערישער קאָמפּראָמעטאציע זייַנען אויסגעבויט געוואָרן אזויפיל סיטואציעס און עפּיזאָדן.

ראבין איז טיילמאָל אזוי פארכאפּט פונעם מעטאָד פון אָפּשפּעטן, כויזעקן, אז צייַטנווייַז איראָניזירט ער איבער אייגענע, איראָניזירט דאָרט, וווּ עס דארפ עפּשער קומען א לירישע שורע. זאָל אויך זייַן דאָ דערלויבט צו פארצייכענען אייניקע בייַשפּילן.

בײַשפּיל נומ. 1. ראבינ שילדערט, וויאזוי ארבעטער פארגייענ זיך אינ א הילכיקנ געלעכטער איבער דעם עסער צימערמאנ, איבער זײַנ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע דראָשע. ווערט עס אזוי איבערגעגעבנ: „דער געלעכטער האָט זיך, ווי אנ אָנשטעקנדיקע סרענק, איבערגעגעבנ פונ איינ ווינקל צום צווייטנ, פונ איינ ריי צו דער צווייטער. דער געלעכטער איז באגלייט געוואָרנ מיט א הירזשענ ביז טרערנ, מיט א טרייסלעניש אינ די געדערימ". (אלטע אויסגאבע, ז. 189). הירזשענ ביז טרערנ, טרייסלעניש אינ די געדערימ—צי איז דאָס ניט איראָניזירט איבער די ארבעטער? אינ דער נײַער אויסגאבע זײַנעג מיט רעכט אויסגעמעקט דידאָזיקע פארדריסלעכע ווערטער.

בײַשפּיל נומ. 2. די פּוילישע ארבעטער ווארפנ די ארבעט. ס'באקומט זיך א קאָנפליקט מיטנ באלעבאָס. דעם באלעבאָס קאלענדאר ווײַזט ניט אפ קיינ יאָנטעוו, בייס דער קאלענדאר בא די פּוילישע ארבעטער ווײַזט יאָ אפ יאָנטעוו. דער באלעבאָס פרעגט: „וואָס בעעמעס פאר א יאָנטעוו קומט דאָ פאָר בא מיר?" אפ דעם ענטפערט אים „א הויכער שוסטער אינ שטיוול מיט גלאנציקע כאָלעוועס, מיט בלויע קלוגע אויגנ...":

— טשודאק! א רעוואָליוציע! (נײַע אויסגאבע, ז. 120).

צו גוטברודעריש, צו היימיש, גוטמוטיק קלינגט דערדאָזיקער „טשודאק! א רעוואָליוציע!" דער קאָנפליקט ווערט דאָ בעפּיירעש אראָפּגעזעצט, אונ אינ טאָכ איז דאָ איראָניזירט איבער דעם הויכנ שוסטער מיט די בלויע קלוגע אויגנ.

אינ סאכאקל: די נײַע אופלאגע האָט אופגעהויבנ אפ א העכערער הייך די אלע גרויסע פּראָבלעמעס, וואָס דער אווטער האָט געשטעלט אינ דער ערשטער אופלאגע „שוועסטער קינדער".

כ. דונעצ

# די קראפט פונעם סאָוועטישנ פאקט [1]

פ. שענקער טרעט ארויס צום ערשטנ מאָל מיט א זאמלונג.

פ. שענקער איז אנ ארבעטער. ער האָט דורכגעמאכט דעמ וועג פונ פילע הונדערטער אונ טויזנטער, וואָס קומענ פונ דער פראָווינצ צום וואָרט־ווארשטאט, אויסגעהויבענע דורכ דער סאָוועטנמאכט, דורכ דער קאָמוניסטישער פארטיי, ארויסגערוקט דורכ דער גרויסער רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע אונ מעכטיקער סאָציאַליסטישער קולטור־שטײַגונג. אינ אָט דער באשיידענער זאמלונג פונ פארצייכענונגענ איז טיפ פארשטעמפּלט דער גרויסער פרינציפּיעלער באטײַט פונ אקטיווּנ מאסנ־ווּקס, וועלכער קומט פאָר אינ די שלאכטנ פאר סאָציאַליזמ. אונ אינ אָט דעמ שטעמפּל ליגט דערווײַל דער הויפּט־באטײַט פונ שענקערס ערשטער ארויסטרעטונג.

פארוואָס? דערפאר, ווײַל אפ שענקערס פארצייכענונגענ פילט זיכ דער הייסער אָטעמ פונעמ מאסנ־אָפּטימיזמ אונ מאסנ־דראנג, גלײַכצײַטיק איז אָבער אפ זיי קענטיק די פאָרמעלע צומבאהאָלפנקײַט, די אידיייִשע ניט אויסגערײַפטקײַט. קרעפּטיקער מאטעריאַל, זעלטענע טיפּישע שטייגער־שטריכנ, נײַע רעוואָליוציאָנערע דערשײַנונגענ—דאָס אלצ שפּארט אפ שענקערנ מיט גרויס קראפט. דער סאָוועטישער פאקט פינקלט מיט זײַנ גאנצער פארשיירנפארביקײַט פאר שענקערס נײַגעריק אויג.

פילע פונ זײַנע זאכנ רופט שענקער אָנ „פעליעטאָנ". דאָס איז ניט אינגאנצנ ריכטיק, אונ עפּשער אינגאנצנ ניט ריכטיק. צו א פעליעטאָנ איז נאָכ ניט אויסגעוואקסנ שענקערס פארצייכענונג ניט לויט איר סארקאסטישער. געזאפּטקײַט, ניט לויט איר פּאָליטישער פאראַלגעמיינערונג אונ שארפקײַט. מיטנ קעפּל „פעליעטאָנ" וויל שענקער אויסדריקנ זײַנ דראנג צו ארײַנטראָגנ א קאָמישנ, א הומאָריסטישנ מאָמענט אינ די פיקסירטע שטריכנ. א באשטימטער שטריכ פונ הומאָר איז בא שענקערנ פאראנ. דערדאָזיקער שטריכ באפארבט די פאקטור פונ דער פארצייכענונג. די לעקסיק, דער מאָנאָלאָג אונ דיאַלאָג, וועלכע שענקער ברענגט פונעמ איצטיקנ סאָוועטישנ שטעטל אונ דאָרפ, פונ דעמ נײַעמ קאָלווירט, פארמאָגט אָפּטימיסטיש־באפארבטנ, אָפּט איראָניזירנדיקנ נײַעמ פאָלק־הומאָר, מאסנ־הומאָר. דאָס איז דעריקער דער הומאָר פונעמ מינ „פרײַנטלעכער שארוש". פאר שענקערס אָפּטימיסטישנ אויג איז דערדאָזיקער הומאָר־שטריכ צוציִענדיק אונ ער שליסט אימ אײַנ אינ זײַנ שרײַבערישנ אינווענטאר. צו בײַסנדיקער איראָניע אונ סארקאסטישער פארשפּיצטקײַט איז שענקער נאָכ ניט אויסגעוואקסנ צוליב זײַנ שמאָלנ קוק אפ די סאָוועטישע „פאקטנ", צוליב זײַנ איצטיקער שוואכער אידייִש־קלאסאָווער באוואָפנטקײַט. עס איז ניט צופעליק, וואָס אלע שענקערס פארצייכענונגענ נעמענ אלס מאטעריאַל דירעקט־האָרעפּאשנע סיטואַציע, באציִונגענ צווישנ האָרעפּאשנע עלעמענטנ, „אנטאגאָניזמענ" אונ „ווידערשפּרוכנ" אינ „אייגענער" האָרעפּאשנער סוויווע. די ארענע פונ געשעענישנ בלײַבט באגרענעצט אונ ווערט ניט פארשפּרייט אפ שארפע קלאסנ־באציִונגענ אונ קלאסנ־קאמפנ. שענקער קאָנ נאָכ

[1]) פאָרעדע צו פ. שענקערס זאמלונג פארצייכענונגענ, וואָס דערשײַנט אינ מעלוכע־פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד.

ניט אופדעקנ די קלאסנ־גרונטנ פונ ברייטע געזעלשאפטלעכע קאָנפליקטנ. דעריבער בלײַבט בא אים די גאמע ניט קיינ הויכ־אָנגעשטרענגטע אונ פארמאָגט ניט די שטארקע טענער, די געהעריקע קריגערישקײַט, שארפקײַט.

דערווײַל רעדט שענקער אפ דער שפּראכ פונ די נאָכ באגרענעצטע, אָבער שוינ אופגעריכטע, דערמונטערטע פונ די אָקטיאבער־שלאכטנ צ̇רעמ־האָרעפאשנע שיכטנ פונ שטעטל אונ דאָרפ. ער שטייט נאָכ ניט העכער פונעמ דאָזיקנ שיכט. דאָכ איז אינ זײַנ שטימ דאָ די זיכערקײַט מיט דער ריכטיקײַט פונ דעמ וועג, וואָס די אָקטיאבער־רעוואָליוציע האָט געצייכנט פארנ האָרעפאשניק אונ געוועזענעמ פאופּער. עס איז דאָ א ווארעמע אטמאָספער אינ דער צייכענונג פונ די נײַע סאָוועטישע שטייגער־פאקטנ. די פאקטנ, געשעענישנ, לאגעס, זײַנענ בא שענקערנ אינ זייער מערהײַט נײַ־סאָוועטישע, צעשטערנדיקע בענגייע די רעשטנ פונ קאפיטאליזמ אונ פעאָדאל־קלעריקאלע עלעמענטנ אינ דער סוויווע פונ יידישע ארבעטנדיקע. כאראקטעריסטיש איז אינ דעמ פראט די פארצייכענונג „אויבנאָנ“. דאָ איז באוויזנ וויִאזוי דער סאָוועטישער קוסטאר ווישט אָפּ אפ זײַנ אויפנ די רעשטנ פונעמ קלעריקאל־רעליגיעזנ שטייגער. אינ געוועזענעמ בעסמעדרעש איז איצט א קוסטארישע ארטעל. דער געוועזענער בעסמעדרעשדיקער „אויבנאָנ“ ווערט אנ אָביעקט פאר קאמפ צווישנ די קוסטארעס: אלע זיי, די געוועזענע אָפּגעשטאנענע באלמעלאָכעס, האָבנ דאָ, אינעמ זעלבנ בעסמעדרעש, געפילט דעמ דרוק פונ דער בורזשואזער־קלעריקאלער „געזעלשאפטלעכקײַט“, וואָס האָט די אמעראצימ־באלמעלאָכעס ניט געלאָזנ ווײַטער פונעמ הינטערנ אויוונ. דער דרוק איז געגאנגענ פונעמ „אויבנאָנ“. דער „מיזרעכ“ איז געווענ פאר די רײַכע אונ טאקיפע. איצט איז אָבער דער בעסמעדרעש אינ די הענט פונ די באלמעלאָכעס, אונ דער „אויבנאָנ“ ווערט אנ אָביעקט פונ „אינעווייניקסטנ קאמפ“ צווישנ די קוסטארעס: יעדערער פונ זיי וויל דעמ „אויבנאָנ“, צוליב נעקאָמע פאר אמאָליקער דערנידעריקונג, אונ דערדאָזיקער „קאמפ“ ווערט פארוואנדלט אינ אנ עלעמענט פונ סאָצגעוועט: דער „אויבנאָנ“, מיטנ ווייכנ שוסטער־בענקל, ווערט אָפּגעגעבנ דעמ בעסטנ שלאָגלער, דער בעסטער שלאָגלער וועט האָבנ דאָס רעכט צו „פארשוועכנ“ דעמ „הייליקנ אָרט“ — דעמ סימוואָל פונ עקספּלואטאציע — וועלכער איז שוינ איצט באהערשט געוואָרנ דורכנ נײַעמ רעוואָליוציאָנערנ ארבעטער־קלאס. אזוי ווערט דער אלטער „אויבנאָנ“ אופגעריסנ אונ באקומט א נײַעמ סאָציאליסטישנ אינהאלט.

אינעמ ארויסברענגענ דעמדאָזיקנ פאקט גופע שטעקט א רעוואָליוציאָניזירנדיקע קראפט!

די שטעטלדיק־דאָרפישע האָרעפאשנע מאסע איז ניט בלויז אופגערודערט געוואָרנ, נאָר זי איז מיטגעריסנ געוואָרנ אינ איר ארבעט אונ שטייגער מיט דער רעוואָליוציע. דידאָזיקע פּראָצעסנ רופנ ארויס שענקערס נײַגעריקײַט. ער באטראכט די פאמיליע־באציונגענ אונ זעט ווי זיי האָבנ זיכ סאָוועטיש געענדערט. אינ דעמ מאָנאָלאָג „טראקטעריסטנ“ האָט זיכ בא שענקערנ באקומענ א „לובאָק“ מיט א גאנצ בוילעטנ טענדענצ־שטריכ, וואָס גיט א צייכענונג פונ די באציונגענ צווישנ געשלעכטנ, נײַע באציונגענ, וואָס שטעלנ זיכ אײַנ אינעמ סאָציאליסטיש־רעקאָנסטרויִרטנ דאָרפ. דער אלטער קאָנפליקט מאנ־פרוי ווערט אלצ מער ליקווידירט אונ עס קומענ נײַע „צוזאמענשטויסנ“ שוינ אפנ יעסאָד פונ דער פּרויס אקטיווקײַט. דאָסזעלבע אינ די באציונגענ פונ דורעס. שענקער זעט, ווי דער שטרײַט צווישנ „קינדער אונ טאטעס“ ווערט אריבערגעפירט אפ אזעלכע רעלסנ, ווענ דער שטרײַט איז שוינ ניט קיינ דראמאטיש־טראגישער קאָנפליקט, נאָר א שטרײַט, בייס וועלכנ די „קינדער“ ציִענ מיט זייערע „טאטעס“ צו אקטיוויזירטער באטייליקונג אינ דער סאָציאליסטישער בויונג („א נעס איז געשענ“).

אינ דעמ איבערגעפלעכט פונ אלט מיט נײַ, ווײַזט שענקער ווי דאָס נײַ־העלע, ליכטיקע, זיגט אומבאדינגט. ער זעט ווי די אלטע יידנ טראָגנ אריבער זייער אלטנ רעליגיעזנ באגריפ „מיניענ“ אפ דער קאָמיוג־קעמערל, וואָס באשטייט פונ 10 יאטנ אונ ווערט אָנגעפירט דורכ דער כאווערטע מיניע. דערדאָזיקער באגריפ ווערט אינגאנצנ אנדערש פארשטאנענ. א שטייגער־פאקט, מיסטאָמע א דאָקומענטאלער, וואָס קאָנצענטרירט א גרויסע אונ קאָמפּליצירטע פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמ! די אלטע יידנ האָבנ דעמ רעליגיעזנ „מיניענ“ געוואָרפנ,

נאָר צי האָבן זיי זיך אינגאנצן באפרײַט פון פאָרכטיקער באציִונג צום גאנצן רעליגיִעזן קלאפערגעצײַג? ניין. אָבער דער סאָוועטישער לעבן, אין וועלכן זיי אליין זײַנען שוין אקטיווע מענטשן, שטופט ארויס די אלטע קאָנסערוואטיווע טראדיציעס און דער באגריף „מיניען" ווערט דורך די דערוואכטע האָרעפּאשניקעס אינעם „גאנג" איבערגעטראָגן אפ דאָס נײַע און ליבע, וואָס איז אופגעצויגן געוואָרן דורך דער סאָוועטישער אָרדענונג. קאָמיגיש קעמערל, פּארטיעס פון „היניקעס" און „סילאָסניקעס", סאָצגעיועט, וואָס גייט ניט דורך גראדע וועגן פון באגרייפן דעם פולן סאָציִאליסטישן אינהאלט, נאָר אָפט דורכן געפּלאָנטער פון איבערבאהערשן קליינבירגערלעכע רעשטן באגלײַך מיט א געוויסער צוגעבונדנקײַט צו זיי—אָט אפ דעם אלץ פארטראכסטו זיך, לייענענדיק די רײַכע סאָוועטישע פאקטן־שפּיל, וואָס ווערט פארצייכנט בא שענקערן.

און איבער דעם אלץ—דער געפיל פון „ניט סע גייט, נאָר עס פאָרט זיך", פון „אויס קאבצנ", פון שטײַגונג אין דער סאָוועטישער ארומרינגלונג, דער געפיל פון מוטיקײַט און מוסקוליארישקײַט, וואָס שטאמט דערפון, וואָס „נאכע איז אפ די פערד און די פערד אין קאָלווירט". אזוי זעט שענקער דעם איצטיקן שטעטל און דאָרף, דעם סאָוועטיש־איבערגעקערטן „פייזאזש", ווו „פונעם שאבעס זײַנען געבליבן עטלעכע אָפּגעריבענע סורדוטן און א שטאנג א באוואקסענער מיט מאָך, אפ וועלכן עס איז דער אוירעוו געהאנגען", אָבער ווו עס שטײַגט די קאָלווירטישע אָרדענונג.

שענקער האָט אונדז געבראכט אין אן אָפּטימיסטיש־פּראָלעטארישן אספּעקט דעם סאָוועטישן פאקט, און דער סאָוועטישער פאקט איז אזוי קרעפטיק, העל און פינקלדיק, אז אים ארויסברענגענדיק האָט שענקער אפילע בא זײַן קנאפער צוגעגרייטקײַט און פאָרמעלער אומבאהאָלפנקײַט, געגעבן שטריכן צום אלגעמיינעם בילד, וואָס אונדזער סאָוועטישע ליטעראטור שאפט איצט וועגן דער זיגערישער רעקאָנסטרוקציע עפּאָכע. זאָלן די פארשיידענע נעפּמאניש־קולאקישע ברוכשטיקער און די בורזשואז־בונדישע הינט אין אויסלאנד טאראראמעווען וועגן „הונגער פון די ייִדן אין רוסלאנד",—מיר האָבן זיי געשלאָגן און שלאָגן זיי מיט אײַזערנע פאקטן. און אזעלכע פאקטן אנטפּלעקט שענקער אין זײַנע פארצייכענונגען.

ווי געזאָגט, איז נאָך שענקער זייער הילפלאָז. ער פארמאָגט טעמע, פאקטן, אָפּטימיסטיש־הומאָריסטישן ליכט, אָבער עס איז ניטאָ די אויסגעשפּראָכענע פאָרם און די בוילעט־פּראָלעטארישע, פארטיפטע, אומגעוואקלטע, אידייִשע יאָדערדיקע געזאפטקײַט. דאָס אין נאָך שענקערס אופגאבע אָנצוהאָרעווען. קיין אייגענער „גאנג" איז נאָך בא שענקערן ניטאָ־ עס איז דאָ א גרויסע מאָס רויקײַט, ניט דערארבעטקײַט. די פּאבול הערשט איבער דער גאנצער אינהאלט־געבײַ, דער פאקט מיט זײַן עמפּירישער שטאַלקײַט דריקט אפ דער פארר אלגעמיינערנדיקער אידיי. עס איז ניטאָ קיין שטאנרהאפטיקײַט אין דער פאָרם. דערפאר איז פאראן א גאָר היפשע דאָזע פון ניט איבערגעקאָכטן שאָלעמאליכעמעשן סטיל, פון מעכאניש־אריבערגעטראָגענער בערגעלסאָן־סטיליזאציע, פון אנדערע פארשיידענע ווירר קונגען, ניט פארייגנטע, ניט איבערגעקאָכט. דער גרויסער פארמעג פון פריש־צאפּלדיקן מאטעריאל האָט נאָך אזוי ארום, ניט באקומען זײַן געהעריקע אויספורעמונג, די נײַע לעקסיק, וואָס שענקער האָט זי היפש, איז אויך ניט אויסגענוצט מיט די געהעריקע רעזולטאטן. דאָס דארף קומען. און דעריקער—געהעכערטע מארקסיסטיש־לעניניש קולטור, באגריף פאר די קלאסן־פּראָצעסן אין לאנד, פאר די קלאסן־קאָנפליקטן, פון וועלכע דער פּראָלעטאריאט גייט ארויס א זיגער.

---

מ. ליבערמאנ

# וועגנ מאלטינסקיס ערשטנ ביכל קינדער-דערציילונגענ

## כ. מאלטינסקי „קינדער“.

קינדער־דערציילונגענ. מינסק, מ.פ.ו. 1933 י. 70 זײַטנ. פרײַז 80 קאָפ.

כ. מאלטינסקי מיט זײַנ ביכל „קינרער“ האָט זיכ באשטימט אלס קינדער־שרײַבער. דאָס ביכל באשטעטיקט, אז מאלטינסקי האָט געפונענ אנ אָריגינעלנ שניט אינ בויענ זײַנע דערציילונגענ, אז ער איז נײַ אינ אונדזער סאָוועטישער קינדער־ליטעראטור אויכ אינ דעמ אויסוואל פונ טעמעס.

צומ אלעמ ערשטנ צייכנט זיכ אויס אינ דעמ גאנצנ ביכל מיט דער פולסטער בולטעקײַט די פאָליטישע ציל־אײַנשטעלונג פונ דער אווטער. דאָס דריקט זיכ אויס אינ דעמ, וואָס מאלטינסקי טרעט ארויס אקטיוו אינ קאמפ קעגנ די קלאסנ־פײַנטלעכע, קליינבירגערלעכע אָנגעטראָגענע ווירקונגענ צווישנ אונדזערע סאָוועטישע קינדער.

מאלטינסקי, ווי א ריכטער־קאָמיוגיסט פילט דאָ אויס מיט זײַנ קינסטלערישנ געווער די דירעקטע אויפגאבע, וואָס די פארטיי האָט אָנגעטרויט דעמ קאָמיוג—קאָמוניסטיש דערציִענ דעמ דריטנ פארבײַט. צוליב דעמ צוועק דרינגט ארײַנ מאלטינסקי אינ דער סאמער געדיכטעניש פונ אונדזער קינדער־מאסע, פארשארפט זײַנ קינסטלערישע פענ אונ נעמט זיכ אקטיוו צו דער ארבעט.

פאקטנ פונ טאָגטעגלעכנ שול־לעבנ באשטעטיקנ דורכויס דעמ פאָליטיש־ריכטיקנ טעזיס, אז די סאָוועטישע פאָליטעכנישע שול איז אנ ערנסטער באצירק פונ פארשארפטנ קלאסנקאמפ. דער קלאסנ־סוינע האָט זיכ נאָכ ווײַט ניט אָפגעזאָגט פונ זײַנ שעריקערישע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע ארבעט אויכ אינ געביט פונ קינדער־דערציִונג. דער קלאסנ־סוינע שטיצט זיכ אָפט אפ דער ניט פארהארטעוועטקײַט פונ א טייל שול־קינדער, אפ דעמ, וואָס די קליינוווארג האָט נאָכ ניט קיינ גענוגנדיקע פראקטישע דערפארונג פונ קלאסנקאמפ אונ דורכ די פארשיינדסטע מעטאָדנ פונ „שטילער סאפע“ פירט דער קלאסנ־סוינע זײַנ צעשטערונג־ארבעט אינ שול.

מאלטינסקי, פרוווט זיכ אינ זײַנע דערציילונגענ אויפדעקנ דידאָזיקע מאנעוורעס פונעמ קלאסנ־סוינע, ארויספירנ. פאר די קינדער די טרעגער פונ דאָס בייז אונ פרוווט זיכ באווײַזנ די וועגנ, דורכ וועלכע די שול איז אימשטאנד ארויסצורײַסנ די פארפירטע קינדער פונ די נעגל פונמ קלאסנ־סוינע פונ אונטער דער ווירקונג פונ די קליינבירגער, וואָס רינגלענ דעמ אָדער יענעמ קינד, נעמענדיק דערבײַ אלס גרונט די קראפט פונ קאָלעקטיווער אויפווירקונג.

יעדע דערציילונג האָט זיכ איר קלאָרע פאָליטישע אויפגאבע אינ דעמ געביט. „א שאָוויניסט־שע ארויסטרעטונג“ אפנ סמאכ פונ א גענומענעמ פאקט, גיט א שטארקנ קלאפ איבער דער זייער שעדלעכער קלאסנ־פײַנטלעכער אידעאָלאָגיע, וואָס וויל פארסאמענ מיט שאָוויניזמ אונדזערע קינדער.

„יעריסקעס“ טרעט שארפ ארויס קעגנ די פרווונ פונ צולייגנ אונדזערע קינדער דורכ ארײַנמישנ זיי אפנ שענדלעכנ, אונדז פײַנטלעכנ וועג פונ ספעקוליאטיווע האנדל.

א „געשיכטע“ גיט א קלאפ איבער דער האנט, וואָס ציט זיכ צומ געזעלשאפטלעכנ פארמעגנ.

„שאבעסניק“—פארשארפט די פראגע פונ פארשטארקנ די סאניטאריע צווישנ די קינדער, ארויספירנדיק די העסלעכקײַט, לומפישקײַט, אנטיפראָלעטארישקײַט פונ דער אנטיסאניטאריע.

„בוקסיר“ זעצט אראָפ די קליינבירגערלעכע גײַווע אונ פאריסנקײַט, וואָס האָט אנ אָרט בא קינדער, ווי א טייל פונ דער שעדלעכער ירושע פונ דער בורזשואזער אָרדענונג.

פונ דידאָזיקע דערציילונגענ קענ מענ זענ אפ וויפל העכסט פּאָליטיש־נוצלעכ איז מאַל־טינסקיס ביכל פאר אונדזערע קינדער. דידאָזיקע פּאָליטישע אופגאבעס שטייַגנ אופ אינ זייער אידייִשקייַט, געבנדיק די דערציילונגענ מיט עכטע קונסט־מיטלענ, וואָס דער יונגער טאַלאַנטפולער שרייַבער מאַלטינסקי פארמאָגט.

מאַלטינסקי הייבט אָנ זייַנע א דערציילונג טייקעפ פונמיטנ. מיט די ערשטע שורעס פירט ער אריינ דעמ לייענער אינ א געדיכטעניש פונ געשעענישנ אונ די געשעענישנ זייַנענ היציקע, פיבערדיקע, פּאָליטיש־פארשארפטע.

„א שאָוויניסטישע ארויסטרעטונג", יעריסקעס", „א געשיכטע"—רופנ זיכ דורכויס איבער לויט זייער קאָנסטרוקציע. דער אווטער טראַקטירט אינ זיי די פּראָבלעמ פונ אויסלעבנ פרעמדע שעדלעכע ווירקונגענ.

ליאָוועלע בירּאָוו פונ „א שאָוויניסטישער ארויסטרעטונג" פארפּלאָנטערט זיכ אינ א נעצ פונ שאָוויניזמ. ער איז באווירקט פונ זייַנ היימ, ווו דער טאַטע איז אנ אָפּגעשטאַנענער עלעמענט, די מאַמע א געוועזענע הענדלערקע, מיט ספּעקוליאַנטישע וועגנ.

אונטערגערעדט פונדערהיימ נארט ער די שול, מאַכט זיכ פאר אנ אָרעמענ, נארט אויס א מאַנטל, וועלכע די מאַמע שלעפּט אוועק אפנ מארק פארקויפנ. דידאָזיקע קלאַסנ־פייַנט־לעכע ארויסטרעטונג דעקט אופ לוגאָווי, דער אופּראַמער פונ שול. דערדאָזיקער קלאַסנ־באוווסטזיניקער אקט פונ לוגאָווי רופט ארויס בא ליאָווענ א שאָוויניסטישע רעאַקציע, וועלכע דערפירט אימ צו מיט א קיוונדיקער פארברעכערישער שעדיקערייַ. דידאָזיקע אַלע פּראָצעסנ גייענ דורכ דורכ דעמ גאַנצנ שול־קאָלעקטיוו אונ אינ זייער באציִונג צו דידאָ־זיקע פּאָליטישע געשעענישנ, פירט ארויס מאַלטינסקי גאַלערייענ קינדער־טיפּנ, באזונדערע לערער, עלטערנ א.א.וו.

דערפירנדיק ליאָווענ צומ העכסטנ גראַד פונ ניסאָיענ פונ פארברעכערישער טעטיקייַט, דעמ פונקט, ווו עס שטעלט זיכ שארפ אוועק די פראַגע — אהער, אָדער אהינ,— אָדער מיטנ וועג פונ פארברעכנס, אפנ וועג פונ די קלאַסנ־סאָנימ, אָדער מיטנ קאָלעקטיוו בויער פונ סאָציִאַליזמ, אָט אפ דעמ אָרט גיט דער אווטער א בראָכ ליאָווענ אינ דער זייַט פונ אויסלייַטערונג. ליאָוועלע זוכט אקטיווע טעטיקייַט אפ אויסצוקויפנ זייַנע זינד, זיכ צו באַ־רעכטיקנ אַלס סאָוועטישער שילער. ליאָווע דערזעט, אז ווייַטער קאָנ מענ שוינ ניט, אז דער פריִערדיקע וועג איז פאר אימ א פאַלשער, טרעט ער שוינ ארויס אפילע קעגנ דער פרעמדער ווירקונג פונדערהיימ.

די קינסטלערישע קאָנסטרוקציע פונ דערדאָזיקער דערציילונג איז אויכ כאראַקטעריס־טיש פאר „יעריסקעס" אונ פאר „א געשיכטע". אויכ די דערציילונגענ גייענ לויט דערזעלבער ליניע פונ שטייַגנ, אינ אינטערפּרעטירנ די פּראָבלעמ פונ איבערגעבורט. דער אונטערשייד איז בלויז אינ די פארשיידענע מאָמענטנ פונ קלאַסנקאַמפ אינ שול, וועלכע מיר האָבנ שוינ אויבנ אָפּגעצייכנט:

די קינדער־טיפּנ פירט ארויס מאַלטינסקי דורכ זייער טעטיקייַט אונ אינ זייערע צווישנ־באציִונגענ. מיר האָבנ דאָ א גאַנצע ריי נעגאַטיווע קינדער: גייַוועדיקע, אונטערלעקער, קינדער וואָס האָבנ ליב זיכ אונטערשמירנ, אונטערקויפנ, צווייפּנעמדיקע מיט פאראַזיטישע שטריכנ. מיר האָבנ אויכ פּאָזיטיווע כעווּרע, נאָר עמעס זייער ווייניק. ווענ מאַלטינסקי שטעלט זיכ אָפּ אפ באשרייַבנ אויסערלעכ א טיפּ ווערט עס געטאָנ מיטנ ציל צו בוילע־טער ארויספירנ דעמ אינהאַלט פונעמ טיפּ, צו אונטערשרייַכנ זייַנע כאראַקטער־שטריכנ. אָט, לעמאָשל, גיט ער לייזערקענ פונ „שאַבעסניק":

„בא לייזערקענ גלאַנצנ די ארבל פונויבנ אונ פונונטנ. פונויבנ פארשמאָלעוועט, פונונטנ פארשממאָ'צעוועט. פונויבנ איז קלאָר פארוואָס. ער האָט ניט קיינ נאָזטיכלעכ. פונונטנ איז אויכ קלאָר פארוואָס. אז ער זיצט באמ לאַנגנ טיש אינ עס־צימער, מיט ביידע הענט ארופגעלייגט אפ דער צעראַטע, איז אַלע פעטע ערטער, אַלע באָרשטש־לוזשעלעכ זויגנ זיכ אריינ אינ זייַנע ארבל,—איז שוינ קלאָר פארוואָס. לייזערקע טוט קיינמאָל ניט אויס די היטל אונ טוט קיינמאָל ניט אָנ די היטל. מיט צוויי פינגער, מיט דעמ גראָבנ אונ מיט דעמ,

וואָס לעבנ גראָבנ, האלט ער זי באמ דאשעק אריבערנ קאָפּ. מיט די איבעריקע דרײַ קראַצט ער זיך. אלע קינדער מאכנ פונ אימ כויזעק, נאָכאנאנד מע טשעפּעט זיך מיט אימ".

דאָ געפינט מאלטינסקי פאר נייטיק געבנ דאָס אויסערלעכע אויסזענ פונ זײַנ העלד, וואָס זאָל מער אונטערשרײַכנ אימ אלס א שמוציק אָפּגעלאָזנ יאטל.

דאָס גלײַכנ ווענ מאלטינסקי ברענגט דעמ אופּראמער לוגאָווי פונ „א שאָוויניסטישע ארויסטרעטונג".

„עס איז ארײַנגעגאנגענ דער אופּראמער לוגאָווי, לוגאָווי איז א הויכער, א ברייט־פּלייציקער, מיט א גרויסנ פּאָנעמ, אונ מיט שטענדיק לאכנדיקע אויגנ. אונטער זײַנ ברייטער נאָז, איבער די גראָבע ליפּנ, האָדעוועט ער צוויי קליינינקע וואָנצעלעך, פּיצעלעך. אז לוגאָווי שמייכלט, שמייכלענ שוינ אויך זײַנע וואָנצעלעך, אונ די כעוורע, וואָס שטייענ לעמ אימ, קאטשענ זיך. די כעוורע האָבנ אימ ליב".

מאלטינסקי דארפ באווײַזנ לוגאָוויענ פארנ גוטמוטיקנ כאווער. דאָס וועט אימ שפּעטער העלפנ אינ אונטערשטרײַכנ די העסלעכקײַט פונ די אוליעס, וואָס ליאָווע וועט באגיינ קעגנ אימ. דידאָזיקע גוטמוטיקײַט דערגרייכט דער אווטער מיטנ געבנ די „צוויי קליינינקע פּיצעלעך וואָנצעלעך, וועלכע ער האָדעוועט אונ וועלכע שמייכלענ".

מאלטינסקי מאָלט אנ אמאָליקע באלעבאָסטע, א ספּעקוליאנטקע:

„יאכניניכע, די באלעבאָסטע, א דיקער נעפּעש, מיט וואָנצעלעך אונ מיט א גרויסער האָריקער בראָדאָווקע אפ דער פּעטער גלאנציקער מאָרדע, איז געווענ א גוטע בלוט־צאַפּערנ".

עס זײַנענ גענוג די צוויי שורעס אונ צו דעמ טיפּ זאָל ארויסגערופנ ווערנ א געפיל פונ עקל אונ האס.

מאלטינסקיס דערציילונגענ האָבנ א באזונדער כיינ, דער כיינ נעמט זיך פונ א דינעמ שמייכלדיקנ הומאָר. דערדאָזיקער שמייכל הייבט זיך אָנ לײַכט, ווערט דערנאָך טיפער אונ גייט אריבער אינ א סאטירע דאנ, ווענ מאלטינסקי וויל זיך אָפּרעכענענ מיט א נעגאַטיווענ טיפּ.

מאלטינסקי דעװלאָנגט דאָ זײַנ מאטעריאל אינגאנצנ אנדערש, ווי אינ זײַנ דיכטונג. ניט קיינ ליריק, ניט קיינ פּייזאזשנ, עס בלײַבנ בלויז געטעענישנ. אינ דער דערציילונג „פּעטער לייבל" זײַנענ יאָ פאראנ לירישע מאָמענטנ, פאראנ נאטור־באשרײַבונגענ, וועלכע דערווײַזנ וואָס פאר א פארברעכנ מאלטינסקי באגייט מיט דעמ, ווענ ער הוילט אויס זײַנע קינדער־דערציילונגענ פונ דידאָזיקע קינסטלערישע קונסט־מיטלענ. דאָ פארלירט פּאָשעט דער אווטער אינ דער עפעקטיווקײַט פונ זײַנע דערציילונגענ.

אינ „פּעטער לייבל" האָבנ מיר אנ אָרט:

„מיטאמאָל האָט זיך די זונ אופגעהערט צו באווײַזנ. דער דרויסנ איז געוואָרנ א הארבסטיקער, דער גאנצער הימל איז פארלייגט געוואָרנ מיט גראָבע שטיקער וואָלקנס, א שטארקער ווינט האָט געשמיסנ די צווײַגנ מיט א מוטנעמ וואָלקעדיקנ רעגנ. דער צוויט איז דורכגענעצט געוואָרנ אפ דורכ אונ דורכ. באנאכט פלעגט זײַנ מאמעש קאַלט. דערצו האָט נאָכ געהאָגלט. דער צוויט, וואָס איז פארבליבנ אפ דיביימער, איז פארפרוירנ געוואָרנ. אינדערפרי פלעגט פּעטער לייבל ארויסגיינ אינ סאָד אונ מיט א טרויעריקנ געמיט זיך אוועקשטעלנ קוקנ. דער גאנצער סאָד איז געווענ פול מיט לוזשעס. אונ אינ יעדער לוזשע איז ארומגעשוווּמענ אנ אראָפּגעפאלענער צוויט. פּעטער לייבע איז ארומגעגאנגענ אָנ א קאָפּ, אבי ער האָט שוינ געמיינט, אז עס וועט געראָטנ".

אזעלכע באשרײַבונגענ שאפנ שטימונגענ, העלפנ אונטערשטרײַכנ פּסיכאָלאָגישע איבער־לעבונגענ בא די העלדנ.

מאלטינסקי לײַדט אָבער איז זײַנע דערציילונגענ אפ באריידעוודיקײַט, פלאכקײַט.

אלס בלויז דארפ אויך אָפּגעצייכנט ווערנ בא מאלטינסקינ דאָס, וואָס ער האָט זיך אויסגעארבעט איינמאָל פאר אלעמאָל פארטיקע רעצעפּטנ פאר פּאָליטיש־קינסטלערישער

מאָטיווירונג פון די אָדער יענע נעגאטיווע דערשייַנונגען. אין אלע 5 דערציילונגען, ווו ער טרעט ארויס קעגן קלאסן־פייַנטלעכע און פרעמדע קליינבירגערלעכע ווירקונגען אפ די קינדער, דערווייַזט ער, אז די ווירקונגען קומען שטענדיק און אומעטום נאָר און בלויז פון דערהיים, פון טאטע, מאמע. דאָס איז צו ענג גענומען און ס'ווערט ניט געזעלשאפטלעכ-פאָליטיש פאראלגעמיינערט.

פאראן פאלן, ווען מאלטינסקי לאָזט זיך אזוי שטארק אריין אין דער געדיכטעניש פון די קינדער, אז ער ווערט פארפירט מיטן שטראָם פון די אנטיפראָלעטארישע געגנ בא די קינדער, גיט זיך א צי איניינעם מיטן שטראָם און באווייַזט זיך ניט אָפּצושטויסן, זיך קעגנשטעלן דעם שטראָם (זייַטל 42, ווען די קינדער צעהיצן זיך און נעמען לייגן אין קאָלנער שימעקן און דער אווטער שטייט פון זייַט און גיט אונטער „פעטוכע" א. א. אזעלכע מאָמענטן).

ביכלאל איז מאלטינסקי פעדאגאָגיש-פּאָרזיכטיק, נאָר ס'טרעפן פאלן, ווען ער פארכאפט זיך מיט זייַנעם א טיפ און לייגט אויס דורכ אים קלאָלעס געלייענע בא מארק־יידענעס פאראן נאָכ אנדערע איבערגעואלצענע מאָמענטן, וואָס זייַנען פעדאגאָגיש ניט אויס געהאלטן.

פאר א פאָליטישן דורכרייַס דארף מען פארעכענען דעם פאקט, וואָס מאלטינסקי גייט פארביי די פּיאָנערישע ארבעט אין שול, וואָס ער גייט פארביי די אָרגאניזאטערישע ראָלע פון דער פּיאָנער־אָרגאניזאציע אין א ריי פּאָזיטיווע אקציעס פון שול. מיר זעען דאָ מוסטערהאפטע שילער, אָבער וועגן זיי רעדט זיך ניט, ווי וועגן די פּיאָנערן.

* * *

„קינדער" איז דאָס ערשטע ביכל מאלטינסקיס פאר קינדער. אין דעם ביכל האָט מאלטינסקי ארויסגעוויזן באדייַטנדיקע שעפערישקייַט, זייַן אויסגעבונדנקייַט מיטן קינדער־לעבן, דאָס קענען אופכאפן דאָס טיפּישע, כאראקטעריסטישע, דאָס קענען אָנצייכענען א קלאָרע פאָליטישע אייַנשטעלונג און ציל־אָנגעוועדקייַט. דער אווטער ווייס די קונסט פון פירן מיט שפאנונג דעם יונגן לייענער צום געווונטשענעם סאָף, פון בויען אינטערעסאנט די פאבולע מיט אָריגינעלע אייַנפאלן און וואָס דעריקער איז, עס פילט זיך עכטקייַט, כאווערישקייַט און פולע אופריכטיקייַט. דאָס זייַנע די בעסטע פעדאגאָגישע מייַלעס פון מאלטינסקין אלס קינדער־שרייַבער. דאָס אלץ באווייַזט, אז מאלטינסקי איז א פייִקער שרייַבער פאר קינדער און וועט נאָכ פיל קענען געבן קינסטלערישע קינדער־ווערק, וועלכע זאָלן אקטיוו מיטהעלפן דער פארטיי, דעם קאָמיוג אין דערציִען דעם דריטן דאָר אין גייַסט פון קאָמוניזם.

## שרייַבער - טריבונע

צ. דאָלגאָפּאָלסקי

# פונ דער „ליימענער קאלע“ ביז וואסיוטקינעג

די „ליימענע קאלע“ געהערט צו עליע קאהאנס ערשטע דערציילונגענ. אינ דער „ליימענער קאלע“ איז דער הויפט־העלד העסל פּרעס. דערדאָזיקער מענטש איז בא קאהאנענ אינגאנצנ פארשנייַדערט, כאָטש ער באוויַיזט אימ ניט אינ שנייַדערייַ. העסל פּרעס איז פארשנייַדערט. א צווייטע פּערזאָנ—טימאָכע איז אינ דער דערציילונג פארשוסטערט.

העסל פּרעס איז פארשנייַדערט.
טימאָכע איז פארשוסטערט אונ
ציפּקעלע פארדיוואנטשיקט.

ציפּקעלע ווארפט זיכ אינ די אָרעמס,—פריִער צו העסלענ, דערנאָכ צו טימאָכענ, דערנאָכ צומ נעפּמאנס זונדל—צו דיוואנטשיקנ.

איז דער טיפּאזש באלערנדיק אונ פריש פאר אונדזערע לייענער?

אלטע, גוטע, באקאנטע פארשוינענ. אנ איינגעליבטער שוסטער, אנ איינגעליבטער שנייַדער, אנ אָרעמע קרויווע בא א נעפּמאנ.

אפילע פּרעס דערמאָנונגענ וועגנ בירגערקריג גיט עליע קאהאנ צופיל פארפּראפּעסיִאָנאליזירט!

„איַיזנ הייסע טעג“, „מאשינ־ארבעט“; „נאָדל־שטעפּ“, „א לאנגע ריי ציפּערנ, ווי אינ סאנטימעטער“.

עס קענ זיכ דוכטנ, אז פיל פונ אונדזערע הייַנטיקע מעלוכע־מענטשנ, געוועזענע שוסטער אונ שנייַדער, וועלנ שוינ שטענדיק מוזנ ריידנ נאָר מיטנ שנייַדערשנ ווערטל, אונ דערבייַ אומבאדינגט א הייב די הויזנ אונ עפּשער נאָכ אונטערזינגענ: „מיט א נאָדל, אָנ א נאָדל“.

די דערציילונג „ליימענע קאלע“ האָט באדייַטנדיקע פעלערנ, כאָטש די דערציילונג, ווי די איבעריקע דערציילונגענ אונ מיניאטיורנ, וואָס זייַנענ ארייַנ אינעם ביכל, זייַנענ אָנגעזעטיקט מיט פרישע אונ רייַכע בילדער.

עליע קאהאנ איז געקומענ אינ דער ליטעראטור מיט א נייַ וואָרט, מיט א פרישנ טאָנ.

קאהאנ האָט, קאָנטיק, געוואָלט, אז אינ צענטער פונ זייַנ דערציילונג זאָל שטיינ די בויונג, די „ליימענע קאלע“, באקומענ האָט זיכ אָבער אנדערש. די בויונג זעט מענ ניט. אינ צענטער איז ציפּקעלע. זי איז דאָ דער יאָנטעוו, דער טרוימ.

עליע קאהאנ אליינ דערפילט אָט דעמ פעלער אונ ער פּרוווט שוינ ראטעווענ העסל פּרעסנ אונ טימאָכענ: מיטאמאָל ווערט ציפּקעלע א שמאטע.

„אָבער וואָס מיר דארפנ ניט, לאָזנ מיר איבער... שמאַטעס לאָזנ מיר“, פארשטייסט? אונ טימאָכע כאַזערט איבער:

— „הער... יאָ... א מויער... אָט שטייט ער... אָט שטייט זי דײַנ לײמענע קאָלע... אהא העסל, אזא קאָנ, דאכט זיכ, ניט אנטלויפנ“.

טימאָכע אונ העסל פרעס זײַנענ דאָ די באַלעבאַטים פונ לעבנ, אונ באקומענ באקומענ זיי זיכ, ווי קרילאָווס פוקס מיט די ווײַנטרויבנ.

— וויבאַלד, אז די מײדל האָט אונדז אוועקגעוואָרפנ, לאָמיר זיכ כאָטש טרייסטנ מיטנ מויער.

ווי האָט זיכ באקומענ זײַנ העסל פרעס, אָט דער העלד פונ בירגערקריג „דערוועלבער העסל, וועלכער איז שוינ גאָרניט אזוי העסלעכ, וואָס דער אָרדענ פונ דער רויטער פאָנ אפנ ברוסט גיט אימ צו אסאכ כיינ?..“ פונ אונדזער זײַט וועלנ מיר צוגעבנ, אָט דער זעלבער העסל, וואָס האָט ארויסגעשלײַדערט דיוואַנטשיקנ אונ וואָס שטייט אינדערשפיצ פונ וווינונג־קאָאָפעראַטיוו.

מיט וואָס פאַר א רעכט קומט העסל מיט טײַנעט צו טימאָכענ, וועלכנ ער פרעגט איבער צוויי מאָל:

— ווי קומסטו צו דער מײדל?

מיט וואָס שטייט דאָ העסל העכער פונ טימאָכענ אונ אפילע פונ דיוואַנטשיקנ. ווו איז די ווירקונג פונעמ העלד פונ בירגערקריג אפ דער אָרעמער מײדל — וועגנ דע־האָט דאנ דער יונגער קאהאַנ טראכטנ ניט געוואָלט. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט קאהאַנ געמיינט, אז עס איז גענוג צו שפּילנ זיכ, צו שטיפנ אונ צאצקעווענ זיכ מיטנ פרישנ וואָרט־מאַטעריאַל. ניינ, עס איז ווייניק: עס האָט זיכ באקומענ א לײמענע קאָלע.

אנדערש איז געקומענ געוואָרנ וואַסיוטקינ[1].

„אינ דערדאָזיקער שיטערער נײַער שטאָט, געדיכט פארזייטע מיט גאָר אנדערע אײַלנדיקע מענטשנ, וואָס וואַסיוטקינ מיט זײַנע כיטרע אויגנ קענ זיי קיינמאָל ניט איבער־כיטרעווענ אונ ווייסנ וואָס זיי ווילנ, — האָט זיכ פארלאָרנ וואַסיוטקינ, פונ אגמעסנפעש וואָלט ער איצטער אויסגעטרונקענ“.

אינ אזא צושטאנד געפינט זיכ וואַסיוטקינ אפ די גאסנ פונ דער נײַער שטאָט. אז מע גיט אזא צושטאנד פונ א מענטשנ, טראָגט שוינ דער שרײַבער פאר אָט דעמ מענטשנ א געוויסע פאראנטוואָרטלעכקײַט. קאהאַנ שטייט דאָ ניט פונ דער זײַט אונ קאָנ ניט שטיינ פונ דער זײַט. קאהאַנ איז דאָ שוינ ניט קיינ אומשולדיקער צושויער אונ דאָס איז זייער וויכטיק פארנ יונגנ בעלעטריסט. קאהאַנענ, קאָנטיק, רעגט די לאַגע פונ וואַסיוט־קינענ, האגאמ וואַסיוטקינעס קענ ער ווייניקער, ווי העסל פרעסנ. וואַסיוטקינ איז געקומענ פונ אנ אנדער סוויווע, איז א שווארצ־ארבעטער, א געוועזענער פויער אונ דערצו נאָכ זייער א באגרענעצטער.

אינ די ערשטע דערציילונגענ איז קאהאַנ זייער זאָרגלאָז. דער געמיט באמ שרײַבער איז א רויִקער, אָפט א באָבאכטערישער. דאָס באמערקט זיכ סײַ אינ די גרעסערע דערציילונגענ, סײַ אויכ אינ די מיניאַטורנ. אינ דער לעצטער דערציילונג „א שטאָט אָנ קלויסטערס“ דערפילט איר, ווי עליע קאהאַנ איז געוואָרנ אקטיווער, ווי ער מישט זיכ ארײַנ אינ די געשעענישנ, ווי ער איז געוואָרנ פאָליטיש רײַפער.

---

1) זע די דערציילונג „א שטאָט אָנ קלויסטערס“, זשורנאל „שטערנ“ נומ. 7, 1933 י.

ווער איז וואסיוטקינ? וואָס האָט מיט אימ פּאסירט? ער איז א שווארצ־ארבעטער אונ איז צוזאמענ מיט דער גאנצער בריגאדע אפּ דער שווארצער ברעט אונ איז דערצו נאָכ אראָפּגענומענ פונ דער ארבעט. פארוואָס איז ער אראָפּגענומענ געוואָרנ פונ דער ארבעט?

ווי א באראַסער, ווי א סימוליאנט.

— דער בריגאדיר שרײַט: ספּעצאָווקע, שרײַ איכ: ספּעצאָווקע, דער בריגאדיר שרײַט: שאמאָווקע, שרײַ איכ: שאמאָווקע, אונ אז דער בריגאדיר שרײַט: נאבאווקע: שרײַ איכ אויכ: נאבאווקע.

עליע קאהאנע גיט זיכ דאָ אײַנ אינ קורצע שטריכנ באווײַזנ דעמ צושטאנד פונ וואסיוטקינענ. וואסיוטקינ איז ניט אינגאנצנ קלאָר אינ זײַנ לאגע. ער איז צעטומלט, ער איז איינזאמ, אונ ער דערמאָנט זיכ, אז אינ אזא פאל איז גוט ארײַנכאפּנ זיכ אינ קלויסטער, אָבער אינ שטאָט איז קיינ קלויסטער ניטאָ. אָנשטאָט אינ קלויסטער פאלט ער ארײַנ אינ צירק. דאָ אינ צירק ווערנ באוויזנ סימוליאנטנ. וואסיוטקינ דערקענט זיכ צווישנ די סימוליאנטנ. וואסיוטקינ איז ניט איבעריק פארשפּיצט. ער פילט זײַנ שולד אונ ער נוצט אויס די געלעגנהײַט אונ כּרעט ארויס אפּ דער צירק־ארענע.

— כאוויירימ פונ גאָר דעמ צירק, הויבט אָנ וואסיוטקינ: מיר איז מיִעס, כאוויירימ, פאר זיכ אליינ, פאר מײַנ ווײַב אונ קינדער, וועלכע איכ האָב פארפלעקט, פארנ קלאס.

אינ צירק געפינענ זיכ פיל פונ די, וועלכע קאָנענ וואסיוטקינענ אונ וואסיוטקינ קאָנ זיי, ער ווײַזט אפּ זיי אָנ.

מיט וואָס איז דידאָזיקע דערציילונג שטארק? דערמיט וואָס קאהאנ האָט קינסטלעריש צוגעגרייט וואסיוטקינס ארויסטרעטונג אינ צירק. ער האָט בעטמעס דעמ צעטומלטנ וואסיוט־קינענ דערהויבנ, אָנגעהויבנ אימ לײַטערנ אונ וויכטיק איז דאָס, וואָס דער עפּיזאָד אינ צירק איז אינגאנצנ רעאליסטיש אונ בארעכטיקט.

א גרויסער אונטערשייד צווישנ דער „ליימענער קאלע” אונ „א שטאָט אָנ קלויסטערס”.

אינ דער „ליימענער קאלע” האָט ער שטאָטישע ארבעטער דערנידעריקט, אונ דאָ אינ „א שטאָט אָנ קלויסטערס” ווערט דער האלב־אָפּגעשטאנענער פויער דערהויבנ. ער פילט אז ער איז א טיילכל פונעמ גרויסנ ארבעטער־קאָלעקטיוו.

אונ אויכ טעכניש איז די דערציילונג שטארקער. די שפּראכ איז דאָ רײַכ אונ זאפטיק.

אינ דערדאָזיקער דערציילונג איז שוינ קאהאנ אקטיוו, האגאמ אויכ דאָ מערקנ זיכ רעצידיווג פונ גלײַכגילט.—שוואכ איז ראָ באוויזנ, ווי אזוי דער צירק נעמט אופּ אזא וויכ־טיקע געשעעניש, ווי די ארויסטרעטונג פונ וואסיוטקינ. עס זײַנענ דאָ דראמאטישע מאָמענטנ. אינ אזא פאל זײַנענ די אפּלאָדיסמענטנ שטארקער, איידער „דער געלעכטער מיט די הענט”, ווי קאהאנ שטעלט זיכ פאָר. אפּלאָדיסמענטנ זײַנענ אלעמאָל אנ אויסדריק פונ איראָניע, פונ אומגעדולד, פונ באגײַסטערונג אונ זייער זעלטנ פונ געלעכטער.

אָבער דאָס איז ניט קיינ באדײַטנדיקער פעלער.

אינ דער לעצטער דערציילונג גיט זיכ אײַנ עליע קאהאנענ ניט נאָר דער הומאָר, דער שמייכל בענעגייע נעגאטיווע מאָמענטנ—דאָ טרעטנ שוינ בולעט ארויס נײַע אייגנשאפטנ פונ זײַנ שאפנ.

דאָ גיט זיכ שוינ אימ אײַנ באווײַזנ ביז גאָר געלונגענ די פריידיקײַט, די דערהויבונג פונ אונדזער בויונג. דאָ קענ ער ניט נאָר גוטמוטיק־לײַכט לאכנ אונ שפּילנ זיכ, נאָר אויכ באווײַזנ דאָס פּאָזיטיווע אונ קינסטלעריש באשטעטיקנ עס.

אונדז דאכט זיך, אז אין דער דערציילונג „א שטאָט אָן קלויסטערס“ האָט קאהאַנ געפונען דעם וועג צו דער פראָלעטארישער פּראָזע, צום סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

פּ. ס. אין דער דערציילונג ווערן געגעבן צוויי שורעלעך:

„עס לויפן ארבעטער, אינזשעניערן, אויסלענדער, ב א ש ק י ר ן, סטודענטן.

„פארביי: פאבזייצעס, ט אָ ט ע ר נ, מאָנטאזשניקעס, טעכניקער“.

ב א ש ק י ר ן און ט אָ ט ע ר נ צווישן אזויפיל פּראָפעסיעס. אזוי טאָר מען ניט שרייבן טאָטערן און באשקירן זיינען אין דעם פאל ניט קיין קאטעגאָריע. קאָנען דאָך זיין צווישן ארבעטער, אינזשעניערן, סטודענטן, פאבזייצעס, מאָנטאזשניקעס און טעכניקער, דיזעלביקע טאָטערן און באשקירן און אנדערע פעלקער...

---

עליע קאהאנ

# נאָטיצנ וועגנ אונדזער יונגער פּראָזע

די ייִנגערע ייִדישע סאָוועטישע פּראָזאַיִקער ברענגענ שוינ אויכ אריינ אסאכ אייגנס אינ אונדזער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראטור. אָבער גאנצ אָפט פילט זיכ, אז א טייל פונ אָט די שרייבער האָט ניט קריטיש באנומענ די ירושע אונ איז נאָכ אָפט זייער שטארק אונטער דער ווירקונג פונ די פאר־אָקטיאבערישע קליינבירגערלעכע אונ אפילע בורזשואזע שרייבער, וואָס איז בעפיירעש גאנצ געפערלעכ. די ייִנגערע סאָוועטישע שרייבער שלעפנ גאנצ אָפט נאָכ די ווירקונג פונ דער פאר־רעוואָליוציאָנערער קליינבירגערלעכער, אונ אָפטמאָל אפילע בורזשואזער ליטעראטור, וואָס איז פאר איר בעפיירעש געפערלעכ. אזוי האָט צ. ב. אפ שעכטמאנענ זיכ געלאָזט שטארק פילנ דער פריִערדיקער בערגעלסאָנ. אפ סיטאָנ—שאָלעמ־אליכעמ. פ. סיטאָ—שרייבט אפילע איצטער א גאנצנ בוכ „מאָטל פייסי דעמ קאָוועלס“ לויט שאָלעמ־אלייכעמס „מאָטל פייסי דעמ כאזנס“. אויב אפילע סיטאָ וויל דערמיט אָפּפרעגנ שאָלעמ־אלייכעמענ, איז דאָכ דאָס געשריבנ אינ דעמ זעלבנ סטיל, אונ שרייבנדיק אינ דעמ סטיל, קאָנ ער אמאָל דערגרייכנ פארקערטע רעזולטאטנ.

אויב מיר האָט די קריטיק ניט אופגעוואָרפנ אינ סטיליזירנ שאָלעמ־אלייכעמענ, איז אריינטראכטנדיק זיכ אביסל, קאָנ איכ אימ אויכ דערפילנ בא זיכ: אינ אייניקע פונ מיינע דערציילונגענ איז פאראנ דער פאסיוו־צושויערישער, דער עטוואָס־אָנאזייטיקער געמיט—וואָס גייט פונ שאָלעמ אלייכעמענ. איכ נעמ אינגאנצנ אָנ דעמ כ׳ דונעצ פאָרוווּרפ אינ זיינ ארטיקל וועגנ מיר אונ סיטאָנ, אז אָפט פילט זיכ בא מיר ניט דער העכערער סאָציאַלער טעמפּעראמענט. מיר דוכט, אז מיינ לעצטע דערציילונג „א שטאָט אָנ קלויסטערס“ איז א קינסטלערישער ענטפער אפ דעמ פאָרוווּרפ, אונ זי זאָגט, אז מיינ דערציילונג ווערט סאָציאַל־אקטיווער.

גלייכצייטיק שטייט פאר אונדז זייער שארפ די פראגע פונ טעמאטיק. אויב מיר שטעלנ דידאָזיקע פראגע גיט איזעק אזוי שארפ פאר אייניקע עלטערע שרייבער, וואָס האלטנ זיכ אינ איבערבויענ אונ אפ זיי דריקנ נאָכ אסאכ אלטע איבערלעבונגענ, אונ מיר דערלאָזנ אז זיי קאָנענ זיכ איבערבויענ אויכ אפ זייער אלטנ מאטעריאַל, איבערשאצנדיק אָט דעמ מאטעריאַל פונ אונדזער שטאנדפונקט, שטייט אָבער די פראגע גאנצ אנדערש בענעגייע אונדז, יונגע. פארנ יונגנ שרייבער, וואָס אָנשטאָט „איבערבויענ זיכ“ דארפ ער העלפנ אקטיוו בויענ, זיינענ ניטאָ קיינ „טעמאטישע לעהאָטעס“. מיר מוזנ זיכ אינ דער ערשטער ריי נעמענ פאר דער נייער טעמאטיק, פאר באווייזנ דעמ יונגנ העלד פונ פינפיאָר, ווי עס האָט אָנגעוויזנ דער כ׳ קאָסארעוו, פאר באווייזנ די סאָצבויונג, דעמ קאָמיוג אפ אלע פראָנטנ פונ אונדזער בויונג.

און אסאך יונגע סאָוועטישע שרײַבער, דאַרף מען זאָגן, האָבן זיך דאָך טאַקע שנעלער א קער געטאָן צו דער נײַער טעמאַטיק, ווי די עלטערע. דעם ערשטן בוך וועגן קאָלעקטיוויזאציע איז אָנגעשריבן דורך נאָטע לוריע. א גרויסן קער האָט געמאַכט שעכטמאַן מיט זײַן בוך „פּאַראַקערטע מעזשעס“. עס זאָגט צו צו זײַן אינטערעסאַנט דער ראָמאַן „ברויט און אײַזן“ פון עליע גאָרדאָן (דערדאָזיקער ראָמאַן דרוקט זיך איצטער אין זשורנאַל „שטערן“). פ. סיטאָס לעצטער בוך („אָט דאָס זײַנען מיר“) איז אויך א היפּשער קער צו דער אַקטועלער טעמאַטיק. מיר האָבן ביכער וועגן דער רויטער אַרמיי פון די כ׳כ אַלטמאַן, זאַבאַרע א. אנד.

---

איך וויל דאָ טיילווײַז באַרירן די שאַפונג בלויז פון צוויי פּראָזאַיקער אין ווײַסרוסלאַנד—ביידע שלאָגלער אין דער ליטעראַטור—דעכטיאַר און קאַצאָוויטש.

דעכטיאַר—האָט באַלד צוגעצויגן צו זיך די אויפמערקזאַמקײַט מיט זײַן בויער־טעמאַטיק, מיט זײַן יאָדערדיקײַט, מיט זײַן געניטעם אָפּשטעלן זיך אַף יעדער פּערזאָן באַזונדער, מיט זײַנע פעטע פאַרבן. עס האָט צוגעצויגן זײַן געזונטער געמיט, זײַן אינערלעכער פּאַטאָס. ביז אהער האָט אָבער אַן אײַנדרוק געמאַכט, אַז דעכטיאַר „דעטאַליעוועט“ זייער אסאך, וואָס איז גאַנץ אייגנטימלעך פאַר א יונגן פּייִקן שרײַבער, וועלכער האָט שוין דערזען דעם מענטש, קאָן אים שוין באַשרײַבן, נאָר אים איז נאָך שווער צו דערזען די צוזאַמענבאַציִונגען פון מענטשן—צו אויסבוילען פון דעם א גאַנצן סוזשעט. ער באַשרײַבט צ. ב. יודען („אַף רישטאַוואַניעס“) מיט אַלע „פּיטשעווקעס“, ווי ער גייט, יודע, און „שלעפּט די פיס, די קורצע סטאַנדאַרעס, ציִענדיק נאָך זיך פּאַסן אַף דער ערד“, ווי די „סוטולע פּלייצע פלאַצט זיך בא אים פון אונטער דער קורטקע און שטופּט אים אונטער פון הינטן“, ער רעדט צו אײַך און דאַן „שפּרינגט ער צו מיט א נידעריקן שפּרונג, ער טראָגט צו א צעשפּאָלטענעם, פאַרקאַראַוועטן פינגער צו אײַער איינאַנאיינציקן נאָז“, אָבער עס פילט זיך, אַז ער קאָן נאָך ניט אינגאַנצן אָרגאַניזירן דעם מאַטעריאַל. ביז אהער האָט דעכטיאַר טאַקע געגעבן נאָר „פראַגמענטן“. דעכטיאַר וועט געוויס אָנשרײַבן א גאַנצע ווערק—און וועט באַהערשן זײַן געוויסע צעוואָרפנקײַט. וועגן דעם זאָגט איידעס זײַן לעצטע דערציילונג „קאַרטאָפל“, א פאַרגאַנצטע זאַך, וועלכע איז ווי די פריִערדיקע דעכטיאַרס זאַכן אָנגעשריבן מיט פעטע פאַרבן און איז זייער שטימונגפול.

דעכטיאַר דאַרף זיך אביסל באַפרײַען פון זײַנע אָנגעפּיקעוועטע פּראָווינציאַליזמען און וואַרוואַריזמען. פאַר דער ערשטער סטאַדיע פון א יונגן שרײַבער איז דאָס גאַנץ באַרעכטיקט,—ווײַל דער יונגער שרײַבער ווערט לעכאַטכילע פאַרכלינעט פון וואָרט און ער קינצלט זיך דערמיט. בא דעכטיאַרן איז עס אין א געוויסער מאָס אָרגאַניש, אין א געוויסער מאָס פאַרגעדיכטערן זיי זײַנע ווערק. אָבער אָפט טאָרמאָזירט עס, אָפט נעמט זיך דוכטן, אַז דער שרײַבער האָט זיך ספּעציעל געיאָגט נאָך דעם, און דאָס ציט אָפּ די אויפמערקזאַמקײַט פונעם לייענער פון דער עצעם דערציילונג. דעכטיאַר דאַרף אומבאַדינגט זיך אביסל „אַרומהעבלעווען“.

ל. קאַצאָוויטש לאָזט איינגיכן אַרויס א ביכל „הומאָרעסקעס“. ער אַרבעט אין געביט פון דער קליינער נאָוועלע. קאַצאָוויטשן גיט זיך איין אין זײַנע קורצע דערציילונגען געבן אינטערעסאַנטע שטייגער־שטריכן. איך מיין, אַז קאַצאָוויטש איז געוויס אינטערעסאַנטער דאָרטן, ווו ער גיט א געוויינלעכע דערציילונג, דערבײַ מיט א געפיל צו דערשפּירן

שטײגערלעכע שטימונגען אין די „מאַסאָווע“ טײלן פון באַפעלקערונג, וואָס אַסאַך שרײַבער איז אַפילע ניט אײַנגעפאַלן צו פאַרוואַרפן אַהין אַן אויג. צ. ב. די דערצײלונג „רעמאַנטן“, וואָס דערצײלט וועגן אַ זשאַקט און וועגן דעם ווי אַ מענטש דערגײט צו ווערן אַזש (!!) אַ מיטגליד פון פאַרוואַלטונג פון זשאַקט, און זײַן פאַמיליע־טראַגעדיע דערפון. מיט דידאַזיקע צוויי אויסרופצייכנס, וואָס איך האָב אַוועקגעשטעלט אין קלאַמערן, איראָניזיר איך ניט. אָט די גאַנץ־אײנפאַכע געשעענישן רירן אונדז אויך. דערבײַ אָבער „אַראָפּלאָזנדיק זיך“ צום מאַטעריִאַל, לאָזט זיך אויך אַראָפּ קאַצאָוויטש. ער ווערט אָפט נאַטוראַליסטיש און ניט שטענדיק קאָן קאַצאָוויטש אָפּהיטן די דיסטאַנץ צווישן זיך און זײַנע פּערסאָנאַזשן. ער דאַרף אָפּ ווײַטער אַוועקשטעלן זיך איבער זײַנע געשיכטעס און ער דאַרף אויך אַריבערגײן צו סאָציִאַל־וויכטיקערע פּערסאָנאַזשן.

צו איבערגעכאַזערט און בעמײלע ראַשן אונדז שוין ניט איבער מיט זײער „עפעקט“— זײַנע „קונץ־דערצײלונגען“—וועלכע זײַנען אויסגערעכנט אַף דער אומדערוואַרטעטקײַט פונעם פינאַל. עס באַקומט זיך, אַז זיי זײַנען וואַריִאַציעס פון אײן און דעמזעלבן ליטעראַרישן סטיל־מיטל. צווישן אָט די דערצײלונגען זײַנען אָבער אויך דאָ אײַנגעגעבענערע, וועלכע ווײַזן אַף קאַצאָוויטשעס וווּקס אינעם באַהערשן די ליטעראַטור־טעכניק, אַף אַ געוויסער געפּרעסטקײַט און לאַקאָנישקײַט פון זײַן נאָוועלע.

דעכטיאַר און קאַצאָוויטש—זײַנען בײדע פון די בעסטע באַווײַזן, וואָס עס האָט געגעבן דער שלאָגלער־צורוף אין דער ליטעראַטור, און זיי דערמאָנען, אַז מע דאַרף אים אַף ווײַטער פאַרשטאַרקן.

זיי זײַנען אויך באַווײַזער פונעם וווּקס פון אונדזער יונגער פּראָזע.

# ליטעראַרישע כראָניק

## אין דער לאַבאָראַטאָריע פון די ייִדישע סאָוועטישע שרײַבער

### א. אבטשוק

אינגיכן דערשײַנט דעם כ׳ אבטשוקס צווייטער טייל „הערשל שאַמײַ“. דער כ׳ אבטשוק פאַרענדיקט א נאָוועלע פון דער ייִדישער וויסנשאַפטלעכער סוויווע און האָט אָנגעהויבן אַרבעטן איבער א ראָמאַן פונעם אונטערערדישן לעבן אין מײַרעוו-אוקראַינע פון די יאָרן 1919—1920 י.

### ז. אקסעלראָד

גרייט א בוך לידער „און ווידער לידער“. שרײַבט א ביאָגראַפישע פּאָעמע און גרייט א בוך איבערזעצונגען פון יאַנקא קופּאַלאַס „געזאַמלטע לידער“.

### ב. אָל׳עווסקי

האָט אָפּגעגעבן אין דרוק די פּאָעמע „שאַכטעס“ און אַרבעט אָפּ א ביכל לידער פון רויטאַרמייִשן לעבן.

### פ. אלטמאַן

אַרבעט איבער א ראָמאַן פון קאָמיוגישן לעבן. און א הומאָריסטישע דערציילונג „פּ״ווירערשקע“.

### נ. אויסלענדער

האָט צוגעגרייט אַן אויסגאַבע פון ב. שאַפּירס ווערק. שרײַבט א נײַעם ראָמאַן און אַרבעט איבער דער שאָלעם-אַליכעם אויסגאַבע.

### ה. אָ-לאַנד

פאַרענדיקט זײַן ראָמאַן „אַגלאָמעראַט“.

### ד. בערגעלסאָן

האָט פאַרענדיקט זײַן פּיעסע „מידאַס האַדינ“, וואָס איז אויפגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג אין מאָסמעליט. אַרבעט אָפּ א בוך „ביראָבידזשאַנער“, האָט אינסצענירט שאָלעם-אַליכעמס „דער פּאַרקישעפטער שנײַדער“.

### י. בראָנשטיין

האָט אָפּגעגעבן אין דרוק א בוך קריטישע אַרטיקלען, אין וועלכע עס גייען אַרײַן צווישן אַנדערע די ווערק: „פעלכאַנאָוו און ליטעראַטור“, וועגן אורי קאָוונער, און אַרטיקלען וועגן כאַריק, קולבאַק, אקסעלראָד. איצט אַרבעט דער כ׳ בראָנשטיין איבער פּראָגנ פון ייִדישער און ווײַסרוסישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

## מ. בּרייטער

האָט פאַרענדיקט א דערציילונג „זאַנגען“ און אַרבעט איבער א גרעסערער דערציילונג „לאַנעס“. אין „לאַנעס“ ווערט אָפּגעשפּיגלט די ווירקונג פון די מ.ט.ס. אף די קאָלווירטן, דער קאַמף פאר א הויכער גערעטעניש, פאר קאַדרען.

## שמועל בּרעגמאַן

אַרבעט איבער א ראָמאַן פון 1905 יאָר און שרײַבט די ווײַטערדיקע טיילן פון „קריג און רעוואָליוציע“.

## ש. גאָדינער

האָט נאָר וואָס פאַרענדיקט און אָפּגעגעבן צום דרוק דעם ערשטן באַנד פון געזאַמלטן ווערק „דאָס לעבן הויבט זיך אָן“. ער האָט פאַרענדיקט א גרעסערע דערציילונג (5 דרוק־בויגן) א. נ. „די שלאַכט אונטער אירינע“. טעמאַטיק—אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע; פאַרענדיקט א דערציילונג „צוקונפט“, טעמאַטיק — אַקטיווער קאָנטער־רעוואָליוציאָנערער קאַמף פון דער יידישער בורזשואַזיע און אירע קלעריקאַלע עלעמענטן אפן באָדן פון די „ליכטיקע האָפענונגען“, וואָס דער „נעפּ“ האָט צווישן זיי געשאַפן; אַרבעט גלײַכצײַטיק איבער א ווערק וועגן בּיראָבּידזשאַן.

אין אַרבעט־פּלאַן: ערשטע העלפט פון 1934 י. — דערציילונגען אף אינדוסטריעלער טעמאַטיק „שטאָלענער גאַנג“; 2־טע העלפט פון 1934 י.—„דער מענטש מיט דער ביקס“—3־טער בוך.

## כאַיִם גילדין

אַרבעט איבער א בוך פּראָזע וועגן דנעפּרבוי און שרײַבט גלײַכצײַטיק א פּיעסע.

## ע. גאָרדאָן

האָט פאַרענדיקט זײַן ערשטן בוך פון דעם ראָמאַן „אינגול באַיאַרע“. דאָס איז די־זעלבע זאַך, וואָס דרוקט זיך אין זשורנאַל „שטערן“ אונטער נאָמען „ברויט און אײַזן“. דער בוך וועט דערשײַנען אין „עמעס“־פאַרלאַג.

## גורשטיין

(צוזאַמען מיט ווינערן) האָט אַרויסגעלאָזן א בוך „פּראָבלעמעס פון קריטיק“, אַרבעט אף דער מענדעלע אויסגאַבע און גרייט (צוזאַמען מיט ווינערן) א בוך קריטיק וועגן סאָוועטישע יידישע שרײַבער.

## י. דאָבּרושין

אַרבעט איבער א בוך קריטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן דער יידישער סאָוועטישער דיכטונג. אינעם בוך גייען אַרײַן אַרטיקלען וועגן די פּאָעטן פעפער, כאַריק, האַלקין, קוויטקאָ, אַקסעלראָד, כאַשטשעוואַצקי, וואָס זײַנען שוין טיילווײַז געווען געדרוקט און נײַע אַרטיקלען וועגן די פּאָעטן מאַרקיש, האָפשטיין, פינינבערג, אָליעווסקי, קאַמענעצקי, טייפ א. אַנד.

אויסערדעם אַרבעט דער כ׳ דאָבּרושין איבער א פּיעסע וועגן דעם קאַמף פאר א הויכער גערעטעניש אין קאָלווירט.

## א. דאַמעסעק

האָט צוגעגרייט צום דרוק א זאַמלונג „די יידישע רעוואָליוציאָנערע ליטעראַטור אין פוילן“, מיט א גרעסערן אַרײַנפיר־אַרטיקל. אינגיכן גיט אָפּ דער כ׳ דאַמעסעק א זאַמלונג קריטישע אַרטיקלען וועגן דער יידישער ליטעראַטור אין אויסלאַנד. ווײַטער אַרבעט דער כ׳ דאַמעסעק איבער דער פּראָבלעם פון נאַציאָנאַלער פאָרם און סאָציאַליסטישן אינהאַלט אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור.

## צ. דאָלגאָפּאָלסקי

שרײַבט א קאָמעדיע פונ סאָװעטישנ לעבנ אונ ארבעט איבער א דערציילונג „אגיט־צוג צ. ק.״ כוצדעמ גרייט ער א בוכ נאָװעלנ אונ א צװייטע זאמלונג „מיט מײַנ פענ אינ האנט״.

## כ. דונעצ

עס איז דערשינענ דעמ כ׳ דונעצס בוכ „שרײַבער אונ װערק״. איצט גרייט דער כ׳ דונעצ א נײַעמ בוכ װעגנ ייִדישע סאָװעטישע שרײַבער.

## מ. דעכטיאר

האלט באמ פארענדיקנ דעמ בוכ „רישטאָװאניעס״, אונ שרײַבט א דערציילונג „ציגײַנער״.

## ש. האלקינ

גיט אָפּ אינ דרוק א בוכ לידער, ארבעט אפּ דער פּאָעמע ״1905„ אונ זעצט איבער פארנ מאָסמעליט שעקספּירס „קעניג ליר״.

## מ. הארצמאנ

האָט אָפּגעגעבנ אינ דרוק א ביכל לידער אונ פּאָעמעס. ארבעט איבער נײַע לידער.

## ד. האָפשטיינ

ס׳איז ארויס פונ דרוק דעמ כ׳ האָפשטיינס בוכ לידער „פרייד פונ נײַעמ זײַנ״. איצט ארבעט דער כ׳ האָפשטיינ אפּ איבערזעצונגענ פונ דער אוקראַיִנישער ליטעראטור (שעװ־טשענקאָ א. א.).

## א. הובערמאנ

האָט אָפּגעגעבנ אינ דרוק א גרויסע פּאָעמע „פּאָדאָליע, מײַנ היימ״, פארענדיקט א לי־רישע באלאדע װעגנ דער רויטער ארמײ „א טרוימ פונ א יונגנ רויטנ ארמייער״ אונ טרעט צו ארבעטנ איבער א גרויסער פּאָעמע „פעלטשינער דאָמניקעס״.

## ליפּע העלער

האָט צוגעגרייט צומ דרוק א בוכ לידער.

## ש. העלמאנד

ארבעט איבער א סיוזשעטישער פּאָעמע „עלעקטרע אינ סטעפּ״ װעגנ א לאנדװירט־שאפטלעכער קאָמונע. די פּאָעמע װערט באלד פארענדיקט. גלײַכצײַטיק ארבעט ער איבער א ציקל לידער װעגנ דער פערעקאָפּער דיװיזיע, אינ װעלכער דער כ׳ העלמאנד איז אָפּ־געװענ 12 כאדאָשימ.

## כ. װײַנערמאנ

ארבעט איבער א גרויסער פּאָעמע „נאפט״, טיילנ פונ װעלכע עס זײַנענ פארטיק.

## מ. טאלאלײַעװסקי

ארבעט איבער א בוכ דערציילונגענ אינ פערזנ אונ אפּ א בוכ פונ קאָמיוגישער טעמאטיק.

## מ. טייפ

פארענדיקט א קליינע פּאָעמע „דאָס ליד פונ יעגער װעגנ דעמ צװייפיסיקנ גריזונ״ אונ ארבעט איבער א דראמאטיש װערק.

### ז. טעלעסינ

ארבעט איבער א ביכל לידער, וועלכע ווערט פארטיק אָנהייב 1934 י.

### מ. יאנקעלעוויטש

האָט צוגעגרייט צום דרוק א בוך לידער אונטערן נאָמען „לאגערנ”. אינ דעם בוך נייט ארייַנ א גרעסערע פּאָעמע „פעטראָ דערציילט”.

### יודל יאָפע

האלט בא פארענדיקנ א נייַעם ראָמאנ.

### א. יודלסאָנ

דרוקט א בוך לידער אונ פּאָעמעס „אפ גרענעצנ די וועלט” אונ א זאמלונג פארציי־כענונגענ „בא אונדז אינ לאנד”, ער האָט פארענדיקט א פּיעסע וועגנ דער סאָציאַליסטי־שער בויונג. איז צוגעטראָטנ ארבעטנ איבער א פּאָעמע וועגנ פּאָליטאָפּטייל פונ מ.ט.ס.

### אי. כאריק

גיט אָפּ אינגיכנ דרוקנ א בוך לירישע לידער, האָט פארענדיקט א קינדער־פּאָעמע וועגנ ווייַסיאמישנ קאנאל אונ ארבעט איבער א גרעסערער פּאָעמע.

### מ. כאשטשעוואצקי

האָט פארענדיקט א פּאָעמע „לענינ”.

### דאָרע כייַקינע

גרייט א ביכל לידער פונ יוגנט־טעמאטיק.

### מירע כענקינע

ארבעט איבער א פּאָעמע פונעמ בירגער־קריג אונ איבער א פּאָעמע פונ 1905 י.

(די פאָרזעצונג פונ כראָניק אינ קומענדיקנ נומער).

---

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער—איזי כאריק

רעדקאָלעגיע: א. אַשעראָוויטש, ז. אקסעלראָד, י. בראָנשטיינ, כ. דונעצ, א. וואָלאָ־ברינסקי, אי. כאריק, ל. קאצאָוויטש, ר. ראיק, ל. ראָזנהויז, ס. שווײדעל.

דרוקעריי א. ג. סטאלינ. באשטעלונג 2320. גלאווליטבעל 1322.




ד׳ ווײַסרוסישע קאנטאָר

# „טאָרגסינ"

גיט צו וויסנ דער באפעלקערונג, אז צום

## הארבסט־ווינטערדיקנ סעזאָנ

איז אָנגעקומענ

## א גרויסער אויסוואל פונ:

1. אימפּאָרט־טריקאָטאזש.
2. פארשיידענע מאנופאקטור—פלאנעל, מולטע, בײַקע אונ אנד.
3. שוכווארג—פעטראָווע באָטנ, וואָליקעס, טופליעס, שיכ, קאלאָשנ, גומענע שיכלעכ.
4. א באשטימטער אסאָרטימענט פונ רויכווארג־סכוירעס.
5. די לעצטע פאסאָנענ פונ א פולשטענדיקנ אויסוואל פונ פארטיקע קליידער.
6. וואָלענע אונ וואטאָווע אימפּאָרט־קאָלדרעס.

---

אויכ איז פאראנ אינ פארקויפ
לויט נײַע פארקלענערטע פרײַזנ

## אליומיני- אונ עמאל-געשיר,

## די נײַסטע פּלאסטינקעס פונ דער מוזיק, דזשאז-באנד,

## האָלצ, גאזע, אָפּטיק-סכוירעס.

## פארשיידענע אימפּאָרט-מעדיקאמענטנ.

„טאָרגסינ".

# ШТЭРН
## (З О Р К А)

Літаратурна-мастацкі
і політычна-навуковы
часопіс

פּרײַז 3 רובל

ВЫДАННЕ
„Акцябр“
Менск, Рэволюц. вул, 2.